# װיסענשאַפטליכע ביבליאָטעק

אין צעהן בענד.

אונטער דער רעדאקציע
פון
**דר. יצחק אייזיק הורוױטש.**

פאַרלאַג „די היים"
ניו יארק — 1919.

א. באָגדאַנאָוו

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

אידיש: חיים קאנטאראוויטש

פארלאג „די הײם“
ניו יארק.

# אינהאלט:

פאררעדע פון רעדאקטאר.

ערשטער קאפיטעל:
אלגעמיינע באגריפען

1. די באשטימונג פון דער עקאנאמישער וויסענשאפט — 11
2. פראדוקציע — — — — — — — — — — — — — — — 18
א. די קוואליטעט פון דער געזעלשאפטליך־נוצליכער ארבייט — — — — — — — — — — — 18
ב. די קוואנטיטעט פון דער געזעלשאפטליכער ארבייט — — — — — — — — — — — — — 22
ג. די פראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט — — — — 26
3. געזעלשאפטליכע נוצליכקייט און געזעלשאפטליכער ווערט — — — — — — — — — — — — — 38
אן איבערבליק איבער די אלגעמיינע באגריפען — — 43
די צוטיילונג אין די ארדנונג פון דער עקאנאמישער וויסענשאפט — — — — — — — — — — 45
וועגען דער מעטאדע פון דער עקאנאמישער וויסענשאפט 49

צווייטער קאפיטעל:
דער פארצייטיגער משפחה־קאמוניזם

1. דער שיכות פון פארצייטיגען מענשען צו דער נאטור 56
2. די געזעלשאפטליכע פראדוקציאנס־שיכות'ן אין דער פארצייטיגער משפחה — — — — — — — — 59
3. די פארצייטיגע פארמען פון פארטיילונג — — — 62
4. די גרונט שטריכען פון דער פסיכאלאגיע פון דער פארצייטיגער געזעלשאפט — — — — — — — 62
5. די אנטוויקלונגס־כחות אין דער פארצייטיגער געזעלשאפט — — — — — — — — — — — 66

דריטער קאַפּיטעל:

## די פּאַטריאַרכאַלע משפּחה־אָרגאַניזאַציע


1. דער אָנהויב פון ערד־אַרבייט און פיה־צוכט — — — — 69

2. די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקציאָנס־שיכות'ן פון דער משפּחה־גרופּע — — — — — — — — — — — 71

3. די פאָרמען פון פונאַנדערטיילונג פון פּראָדוקטען אין דער פּאַטריאַרכאַלער פאַמיליע — — — — — 77
   א. אָרגאַניזירטע פונאַנדערטיילונג
   ב. די אומאָרגאַניזירטע פונאַנדערטיילונג — די אַנטוויקלונג פון אויסטויש — — — — — — 79

4. די גרונט שטריכען פון דער פּסיכאָלאָגיע פון דער צייט פון דער פּאַטריאַרכאַלער משפּחה — — — 85

5. די אַנטוויקלונגס כחות און די נייע פאָרמען פון לעבען אין דער פּאַטריאַרכאַלער משפּחה — — — 94


פערטער קאַפּיטעל:

## די שקלאַפעריי אין אלטערטום


1. די באַציהונגען פון דער געזעלשאַפט צו דער אויסערליכער נאַטור — — — — — — — — — — 99

2. די אַנטוויקלונג פון די באַציהונגען פון פּראָדוקציע און פונאַנדערטיילונג אין דער צייט פון שקלאַפעריי 101
   א. די גרופּע פון שקלאַפען אייגענטימער
   ב. פּראָדוקציאָנס שיכות'ן צווישען גרופּען — — — — 106

3. די הויפּט שטריכען פון דער געזעלשאַפטליכער פּסיכאָלאָגיע פון דער אַלטער וועלט — — — — — 111
   א. די לאַגע פון דעם יחיד אין דער גרופּע און געזעלשאַפט
   ב. די געזעלשאַפטליכע פאָרמען פון זייער וועלט אַנשויאונג — — — — — — — — — — — 117

4. די אורזאַכען פון דעם אונטערגאַנג פון דער שקלאַפען געזעלשאַפט — — — — — — — — — — — 126

אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון דעם פּעריאָד פון שקלאַפען ווירטשאַפט — — — — — — — — 134

פינפטער קאפיטעל:

## די פעאָדאַלע געזעלשאַפט


1. די שיכות'ן צווישען געזעלשאַפט און נאַטור — — — 138
2. די פּראָדוקציאָנס און אויסטויש באַציהונגען אין דער פעאָדאַלער גרופּע — — — — — — — — — — 139
די באַציהונגען צווישען די גרופּען אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט — — — — — — — — — — — — 151
3. די גרונט שטריכען פון דער געזעלשאַפטליכער פּסי־כאָלאָגיע פון פעאָדאַליזם — — — — — — — 160
4. די אנטוויקלונגס־כחות און זייער ריכטונג אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט — — — — — — — — 165
אַן אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון די נאַטוראַל־ווירטשאַפטליכע געזעלשאַפטען פון דער פאַרגאַנגענהייט — — — — — — — — — — — 168


זעקסטער קאפיטעל:

## די קליין־בירגערליכע געזעלשאַפט


1. די באַציהונגען פון דער געזעלשאַפט צו דער נאַטור — 171
2. די פּראָדוקציאָנס און פונאַנדערטיילונגס באַציהונגען אין דער קליין־בירגערליכער געזעלשאַפט — — 172
א. די ניט אָרגאַניזירטע פאַרבינדונגען צווישען די ווירטשאַפטען
ב. די אינווענינגסטע באַציהונגען צווישען די באַזונ־דערע ווירטשאַפטען אין דער קליין בירגערליכער געזעלשאפט — — — — — — — — — — 188
ג. די אָרגאַניזירטע באַציהונגען צווישען די גרופּען פון דער קליין־בורזשואַזער געזעלשאַפט — — 195
3. די גרונט שטריכען פון דער געזעלשאַפטליכער פּסיכאָ־לאָגיע פון דער קליין־בורזשואַזער צייט — — 206
4. די אנטוויקלונגס כחות און זייער ריכטונג אין דער קליין־בורזשואַזער געזעלשאַפט — — — — — 218

זיבעטער קאַפּיטל:

## די עפּאָכע פון האַנדעלס-קאַפּיטאַל

1. טעכנישע שיכות'ן פון דער פּראָדוקציע — — — — — 222

2. די געזעלשאַפטליכע שיכות'ן פון האַנדעלס-קאַפּיטאַליזם 223

א. די אומאָרגאַניזירטע שיכות'ן צווישען ווירטשאַפטען

ב. די אינעווייניגסטע שיכות'ן אין דער עפּאָכע פון האַנדעלס-קאַפּיטאַל — — — — — — — — — — 228

ג. די אָרגאַניזירטע באַציהונגען צווישען די ווירטשאַפטען — — — — — — — — — — 230

3. די געזעלשאַפטליכע פּסיכאָלאָגיע און די אַנטוויקלונגס-כחות פון האַנדעלס-קאַפּיטאַל — — — — — 239

# פאָרדערע פון דעם רעדאַקטאָר.

באָגדאַנאָוו'ס „קורס פון דער עקאָנאָמישער וויסענ־שאַפט", וואָס מיר לעגען דאָ פאָר דעם אידישען לעזער, איז אפשר דער בעסטער לערבוך פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע פון דעם מאַרקסיסטישען שטאַנדפּונקט. פאַר דעם היינטיגען דור פון דער רוסישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ האָט באָגדאַנאָוו'ס בוך געשפּילט דיזעלביגע ראָליע, ווי פאַר דעם עלטערען דור טשערנישעווסקי'ס „אנמערקונגען" צו דזשאָן סטיוארט מיל'ס פּאָליטישער עקאָנאָמיע. פון באָגדאַנאָוו'ס בוך האָט מען זיך געלער־נענט מאַרקסיסטישע עקאָנאָמיע.

קאַרל מאַרקס'עס „קאַפּיטאַל" איז ניט געשריבען גע־וואָרען פאַר אָנפאַנגער. מאַרקס האָט געהאַט אין זינען אַזעלכע לעזער, וואָס זיינען גוט באַקאַנט געווען מיט דער אָפּיציעלער עקאָנאָמישער וויסענשאַפט פון זיין צייט.

זיין בוך איז געווען ניט נאָר א נייע תורה, עס איז געווען א קריטיק פון די אַלגעמיין אָנגענומענע טעאָריעס. באָגדאַנאָוו האָט שוין געפונען די מאַרקסיסטישע טעאָ־ריע פאַרטיגערהייט. ער האָט אויך זיך גענומען די אויפ־גאַבע זי פאַרצולעגען פאַר דעם גרויסען עולם אין דער פאָרמע פון א לערבוך.

הגם אין תוך איז מאַרקס'עס „קאַפּיטאַל" אַן אונטער־זוכונג פון דער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם, אָבער אין זיין פאָרמע איז דער בוך מער אַז אונטערזוכונג פון פאַרשיידענע זייטען פון דעם קאַפּי־טאַליזם אין זיין אַנטוויקעלטען צושטאַנד, איידער א גע־שיכטע אין דעם אייגענטליכען זין פון וואָרט.

מיט עטליכע שטריכען כאַראַקטעריזירט ער א גאַנצע פּעריאָדע אין דער געשיכטע פון האַנדעל, פאַרבייגעהענדיג וואַרפט ער אריין א באַמערקונג דאָ און דאָרטען וועגען דער פּאַרקאַפּיטאַליסטישער צייט, אבער עס איז ניט זיין אויפגאַבע דאָס אויסצופֿלעגען באריכות. אין איין זאַץ באַמערקט ער, אַז דער האַנדעלס־קאַפּיטאַל איז ענטשטאַנען אין דער געשיכטע פריהער איידער דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַל, פאַר זיין צוועק איז דאָס גענוג. באָגדאַנאָוו האָט אויף זיך גענומען פאַרצושטעלען פאַר דעם לעזער די עוואָלוציע (אַנטוויקלונג) פון דער עקאָנאָמישער טעטיגקייט פון דעם מענשען פון בראשית ביז דעם היינטיגען טאָג. דאָס וואָס איז ביי מארקס'ן נאָר אָנגעדייטעט מיט א וואונק, גיט באָגדאַנאָוו דעם לעזער אין א קאַפּיטעל, באַגרינדעט אויף די אויספאָרשונגען פון דער עקאָנאָמישער געשיכטע.

באָגדאַנאָוו באַשרענקט זיך ניט מיט דער עקאָנאָמישער געשיכטע אליין, ער ערקלערט אויך גענוי דעם צוזאַמענהאַנג צווישען דעם עקאָנאָמישען געביט פון דער געזעלשאַפט און אירע פּאָליטישע איינריכטונגען.

גאַנץ אָריגינעל איז באָגדאַנאָוו'ס קורס, וואָס איר געפינט ניט אין קיין אנדער לערבוך פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע (אויף ווי ווייט עס איז מיר באַקאַנט), איז זיין שילדערונג פון דער געזעלשאַפטליכער געדאַנקען־וועלט אויף יעדער מדרגה פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. ער ווייזט ווי אַזוי די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע שפּיגעלט זיך אָפּ אין די מחות פון דער געזעלשאַפט אין יעדער היסטאָרישער עפּאָכע.

אין זיין שלוס־קאַפּיטעל וואָלט ער אויך די גרונדלאַגען פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אויף ווי ווייט עס לאָזט זיך אויספירען פון דעם גאַנג פון דער אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. אין דער היינטיגער צייט, ווען דער סאָציאַליזם איז שוין ניט קיין ווייטער חלום, נאָר ער הויבט אָן צו ווערען א ווירקליכקייט אין אַזא גרויסער לאַנד ווי רוסלאַנד, און ער שטעהט שוין אויף דער טאָגעסאָרדענונג פון מאָרגען אין

דייטשלאנד, אין שוועדען, אין פינלאנד, איז דער שלום־קאפיטעל זעהר וויכטיג.

דער לעזער, וועלכער וועט אויסשטודירען באנדאַ־נאָוו'ס בוך, וועט גרינדליך אויסגעבילדעט ווערען אין דעם מארקסיסטישען גייסט.

**יצחק אייזיק הורוויטש.**

10טען יולי, 1920

## ערשטער קאַפּיטעל

# אַלגעמיינע באַגריפֿן.

### 1: די באַשטימונג פֿון דער עקאָנאָמישער וויסענשאַפֿט.

אין דעם פּראָצעס פֿון דער מענשהייטס אַנטוויקלונג ווערט דעם מענשענס קאַמף פֿאַר זיין עקזיסטענץ אלס מער א באַוואוסטזיניגער און געזעלשאַפֿטליכער.

א באַוואוסטזיניגער קאַמף פֿאַר דער עקזיסטענץ אַדער ארבייט, הייסט די פֿאַרווענדונג פֿון מענשליכער ענערגיע אויף באַשטימטע, פֿון פֿאַראויס אויסגערעכענטע צוועקן. די צוועקן שליסען אין זיך אימער איין די באַפֿרידיגונג פֿון א וועלכער עס איז מענשליכער באַדערפֿעניש. אויב עס האַנדעלט זיך בלויז וועגן א פּערזענליכער באַדערפֿעניש פֿון דעם וואָס ארבייט, האָבען מיר פֿאַר זיך דאָן נאָר „א פּערזענליך־נוצליכע" ארבייט, אזא איז צ. ב. ש. די ארבייט פֿון א מענשען, ווען ער עסט, אַדער טוט זיך אָן. מיט אַט דער סאָרט ארבייט גיט זיך די עקאָנאָמישע וויסענשאַפֿט ניט אָפּ. איר אינטערעסירט בלויז די „געזעלשאַפֿטליך־נוצליכע ארבייט" ד.ה. אזוינע וואָס ווערען אָנגעווענדעט, ניט אויף דער באַפֿרידיגונג פֿון בלויז פּערזענליכע באַדערפֿענישען פֿון דעם וואָס טוט די ארבייט, נאָר אויף דער באַפֿרידיגונג פֿון געזעלשאַפֿטליכע באַדערפֿענישען, פֿאַר דעם נוצען פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט, פֿון וועלכער דער וואָס ארבייט איז אַליין א מיטגליד. עס איז דערביי קיין אונטערשייד ניט, צי דער מענש זוכט באַוואוסטזיניג צו ברענגען נוצען זיינע מיטמענשען, אַדער דאָס קומט ארויס אומאָפּהענגיג פֿון זיינע דירעקטע צילען. אויב דער

# א. באַגראַנאָוו

שקלאַף ארבייט אפילו בלויז כדי צו פארמיידען קלעפּ, אדער דער לויז ארבייטער — כדי זיך צו ראטעווען פון א הונגער טויט, איז זייער ארבייט אלץ איינס א „געזעלשאפטליך־נוצליכע" אויב דאס העלפט נאר פאקטיש צו באפרידיגען די באדערפענישען פון אנדערע מענשען.

ניט פארנעמענדיג זיך מיט דער אויספארשונג פון די באדערפע־נישען, באטראכט די עקאנאמישע וויסענשאפט פאר „געזעלשאפטליך־נוצליכע" יעדע ארבייט, וועלכע איז נויטיג פאר דער געזעלשאפט, אהן אונטערשייד אויב די ארבייט באפרידיגט די וויכטיגסטע אדער די צווייטע גראדיגע באדערפענישען, נאטירליכע אדער קינסטליכע; די ארבייט פון דעם ערד ארבייטער און דעם גאָלד־שמיד, פון לערער און משרת, ווערען פון דעם שטאנדפונקט ניט אונטערשיידט.

אין דעם זעלבען זין ווי מיר געברויכען דעם אויסדרוק „געזעל־שאפטליך־נוצליכע ארבייט" וועלען מיר אויך געברויכען דעם אויסדרוק „פּראדוקציע."

אין דעם פּראדוקציאנס פּראצעס אונטערשיידט די וויסענשאפט צוויי באזונדערע זייטען: די טעכנישע און געזעלשאפטליכע.

די פּראדוקציע איז דעם מענשענס קאמף מיט דער נאטור. אין דעם קאמף ווירקט דער מענש דירעקט אויף דער נאטור, באנוצענדיג זיך מיט אירע זאכען און כחות, פארענדערט ער איר אין זיינע איי־גענע אינטערעסען. דער אוממיטעלבארער שיכות פון דעם ארבייטער צו דער אויסערליכער נאטור איז די טעכנישע זייט פון דער פּראדוקציע. דאס ווערט אויסגעפארשט פון די טעכנישע וויסענשאפטען (מעכאניק, טעכנאלאגיע) און פון די נאטור־וויסענשאפטען (מאטעמאטיק, פיזיק, כעמיע און ביאלאגיע.)

די געזעלשאפטליכע זייט פון דער פּראדוקציע זיינען די שיכות'ען אין וועלכע דער מענש נעהמט אריין מיט אנדערע מענשען ווען ער פּראדוצירט.

די גרינטליכע און אלגעמיינע פּראדוקציאנס שיכות'ן זיינען קלאר אויסגעדריקט שוין אין דעם באגריף אליין „געזעלשאפטליך־נוצליכע ארבייט"; מענשען ארבייטען איינער פאר'ן צווייטען, פאר דער גאנצער געזעלשאפט — צווישען זיי מוז פאלגליך זיין א שיכות

פון פאַרבינדרעטע, די געמיינזאַמקייט פון זייער קאַמף מיט דער נאַטור. אַט די געמיינזאַמקייט נעמט אָן אין פאַרשיידענע פאַלן פאַרשיידענע פאָרמען. ווען פיל אַרבייטער טוען איין און די זעלבע אַרבייט איז דאָס אַן איינפאַכע צוזאַמענאַרביימונג. ווען פאַרשיידענע טיילן פון איין און דעם זעלבן פּראָדוקציאָנס פּראָצעס ווערן אויסגעפירט פון באַזונדערע אַרבייטער האָבן מיר א צוטיילונג פון אַרבייט. ווען איין מענש פילט אויס די דירעקטיוון פון א צווייטן האָבן מיר אונטערטעניגקייט. (א באַזונדערער אָרט פון דער צוטיילונג פון אַרבייט.)

דער עיקר געגנשטאַנד פון דער עקאָנאָמישער וויסנשאַפט איז טאַקי אַט די געזעלשאַפטליכע זייט פון דער פּראָדוקציע, — דער שייכות צווישן מענשן. און ניט דער שייכות צווישן מענש און אויסערליכער נאַטור.

אין דער וויסנשאַפט האָט זיך נאָך פון גאַנץ לאַנג איינגעוואָרצעלט די צוטיילונג פון דער געזעלשאַפטליך-נוצליכער אַרבייט אויף „פּראָדוקטיווער" און „ניט פּראָדוקטיווער". די אַרבייט וואָס שאַפט מאַטעריעל-נוצליכע זאַכן רופט מען אַן „פּראָדוקטיווע", די אַרבייט וואָס שאַפט פּראָדוקטן וואָס זיינען ניט מאַטעריעל, רופט מען אַן „ניט פּראָדוקטיווע" — ווי צ. ב. ש. די אַרבייט פון דעם פאַבריק אַרבייטער און פון דעם לערער. ביי אַזאַ גראָבער פונאַנדערטיילונג וואָלט דער גאַנצער טראַנספּאָרט, ניט קוקנדיג אויף זיין גוואַלדיג גרויסער באַדייטונג אין דעם מאַטעריעלן לעבן פון דער געזעלשאַפט, געדאַרפט צוגערעכנט ווערן צו די „ניט פּראָדוקטיווע" אַרבייטן. אַזאַ סאָרט פונאַנדערטיילונג קען ניט אָנגענומען ווערן אַלס וויסענשאַפטליך. מען קען דאָס אויסדריקן אַנדערש, וואָס וועט אויך זיין וויסענשאַפטליך מער צופרידענשטעלענד; מען קען באַצייכענען אַלס „פּראָדוקטיווע אַרבייט" יעדע געזעלשאַפטליך-נוצליכע אַרבייט וואָס שאַפט מאַטעריעלע פאַרענדערונגען אין דער אויסערליכער נאַטור, דאַן וועלען ניט מעגליך זיין אַזוינע ווידערשפּרוכען ווי דער וואָס מיר האָבן געזעהן אין דעם ערשטן ביישפּיל מיט

## א. באָגדאַנאָוו

דעם טראַנספּאָרט, דאָן אָבער פאַלט אוועק די צוטיילונג גופא. יעדע געזעלשאַפטליך־נוצליכע ארבייט מוז מען אָנרופען פּראָדוקטיווע, ווייל קיין שום ארבייט קען ניט ווערען געזעלשאַפטליך־נוצליך, ניט אויס־דריקענדיג זיך אין מאַטעריעלע פאָרמען, ניט פאַראורזאַכענדיג וועלכע עס איז מאַטעריעלע אומענדערונגען אין דער אויסערליכער נאַטור; די ארבייט פון שרייבער קען ווירקען אויף דער מענשליכער פּסיכיק בלויז דורך דער פאַרמיטלונג פון א מאַטעריעלען כתב אדער בוך; די ארבייט פון דעם לעקטאָר ווערט נוצליך פאַר די צוהערער דער־פאַר, ווייל צו זייערע אויערען דערגרייכט די קלאַנגען־באַוועגונג וועל־כע דער לעקטאָר האָט פאַראורזאַכט — די מאַטעריעלע ענדערונגען אין דער אַטמאָספערע און א. וו.

די פונאַנדערטיילונג פון פּראָדוקטיווע און ניט פּראָדוקטיווע אר־בייט האָט פריהער געשפּילט א זעהר גרויסע ראָליע אין דער וויסענ־שאַפט; אין דעם פעלד פון דער עקאָנאָמיע זיינען אריינגענומען גע־ווארען בלויז די שיכות'ען פון די מענשען וועלכע אנטשטעהען אין דער ספערע פון פּראָדוקטיווער ארבייט. פונדעסטוועגען, אויב עס זאָל שוין אפילו יע געלינגען צו געבען אָט דער צוטיילונג א גענוג פּינקט־ליכע און קלאָרע פאָרמולירונג, איז דאָס צווייפעלהאַפט צי דאָס וואָלט זיין נוצליך פאַר דער וויסענשאַפט, פאַר דער אויספאָרשונג פון דער געזעצמעסיגקייט פון די ערשיינונגען. דער עיקר איז ניט וואָס די אַלטע צוטיילונג איז א שלעכטע, די הויפּט זאַך איז, וואָס אין א ווי־סענשאַפט וואָס איז ריין־געזעלשאַפטליך, און א וויסענשאַפט, וואָס האָט צו טאָן מיט די שיכות'ען צווישען מענשען, ווערט דורך דעם אריינגעטראָגען א פרעמדער שטאַנד־פּונקט, דורך דעם וואָס די גרענע־צען פון דער וויסענשאַפט ווערען באַשטימט דורך די נאַטירליכע אייי־גענשאַפטען פון די ז אַ כ ע ן, צי זיי זיינען מאַטעריעל אָדער ניט מאַטעריעל. די שיכות'ן צווישען מענשען אין זייער גע־זעלשאַפטליכער ארבייט, קענען אָבער אָננעמען די זעלבע פאָרמען, סיי ווען זיי פּראָדוצירען מאַטעריעלע, סיי ניט מאַטעריעלע זאַכען; און וועלכע וויסענשאַפט, אויסער דער עקאָנאָמישער, וואָלט געקענט נע־מען אויף זיך די אויספאָרשונג פון די ספּעציעלע שיכות'ען פון דער גע־

# פאָליטישע עקאָנאָמיע

מיינשאפטליכער ארבייט, וועלכע פארבינדען די „ניט־פראָדוקטיווע" געזעלשאפטליכע ארבייטער מיט די „פראָדוקטיווע".

מיט דער געזעלשאפטליכער זייט פון דער פראָדוקציע, איז אומ־צושיידבאר פארבונדען די צ ו ט י י ל ו נ ג, וועלכע ערשיינט אזוי ווי א פארטזעצונג פון דער פראָדוקציע.

דער פערזענליכער געברויך, ליגט אויסער דעם קרייז פון דער עקאָנאָמישער וויסענשאפט, וועלכע איז איינע פון די געזעלשאפטליכע וויסענשאפטען, דאָס געהערט צו דער וויסענשאפט פון דעם ארגאניזם (פיזיאָלאָגיע). אבער די פראָדוקציאָנס פראָצעסען וואָלטען ניט געקענט ווערען געזעלשאפטליך־נוציך, ווען זייערע רעזולטאטען, מאטעריעלע און ניט מאטעריעלע פראָדוקטען, וואָלטען אויף א געוויסען אופן ניט פונאנדערגעטיילט געוואָרען צווישען די מיטגלידער פון דער געזעל־שאפט פאר זייער פערזענליכען געברויך. אויף דעם אופן שטעהט צווישען דער געזעלשאפטליכער פראָדוצירונג און פערזענליכען געברויך, די פ ו נ א נ ד ע ר ט י י ל ו נ ג, דער געזעלשאפטליכער פראָצעס, דורך וועלכען דער ארבייטס־פראָדוקט, געהט איבער צום פארברויכער.

דער פראָצעס פון פונאנדערטיילונג שאפט זיך אינגאנצען פון די פארשיידענע שיכות'ען צווישען מענשען. דער עצם פון אָט די שיכות'ען איז אומעטום דער זעלבער: פון א געוויסען מאָמענט הויבט א באַ־זונדערער פארשוין אָן אנערקענען א פראָדוקט פון געזעלשאפטליכער ארבייט פאר „זיינס" ד. ה. אלס געגענשטאנד פאר זיין פערזענליכען געברויך, און די איבעריגע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט דערלאָזען דאָס.

די באזונדערע פארמען פון פונאנדערטיילונג קענען צונויפגע־פירט ווערען צו צוויי הויפט טיפּען. ערשטענס, די דירעקטע און א ר ג א נ י ז י ר ט ע פארמע, — ווען איין ווילען, א פערזענליכער אדער געזעלשאפטליכער באשטימט דעם חלק וואס יעדער יחיד זאָל האבען אין די געזעלשאפטליכע פראָדוקטען, צ. ב. ש. ווען דער שקלאַ־פען־אייגענטימער, צונעמענדיג פאר זיך דעם גאנצען פראָדוקט פון דער ארבייט פון זיינע שקלאפען, טיילט דערפון אוים פאר זיי די

## א. באַגדאַנאָוו

נויטיגע לעבענס־מיטלען, אדער ווען דער ועד פון א שבט צוטיילט די געברויכס־ארטיקלען צווישען זיינע מיטגלידער. צווייטענס, די אומ־דירעקטע אדער א ו מ א ר ג א נ י ז י ר ט ע. ווען דער געזעל־שאפטליכער פראדוקט, געהט דורך א גאנצע רייהע טויש פראצעסען, ביז ער דערגרייכט דעם פארברויכער, ווערענדיג דאס אייגענטום פון פארשיידענע מענשען נאך דער רייהע. צ.ב.ש. דורך דעם פראצעס פון פארקויפען און קויפען, געהט דער פראדוקט איבער פון פאברי־קאנט צום אגולניק און פון אים צום קליין־הענדלער און ערשט נאכ־הער צום ווירקליכען פארברויכער.

געוויינליך טיילט מען אפ די לערע וועגען אויסטויש פון דער לערע וועגען פונאנדערטיילונג, אלס באזונדערע טיילען פון דער עקאָ־נאמישער וויסענשאפט. עס איז אבער ניטאָ דערפאר קיין גענוגענדער גרונט; דער אויסטויש איז נאר אן איינצעלנע פארמע פון פונאנדער־טיילונג, א היסטאריש פארבייגעהענדע. עס אנטשטעהט און פאר־שווינדט אויף געוויסע שטופען פון אנטוויקלונג.

באשטימענדיג פינקטליך דעם פעלד פון דער עקאָנאָמישער ווי־סענשאפט, מוז מען פאלגליך זאגען, אז דאס איז די וויסענשאפט פון די געזעלשאפטליכע שיכות'ען פון דער פראדוקציע און פונאנדער־טיילונג.

בעצם, וואלט זיין גענוג פינקטליך ווען מיר זאלען זאגען אז דאס איז די וויסענשאפט וועגען ד י ש י כ ו ת ' ע ן פ ו ן ד ע ר פ ר אָ ד ו ק צ י ע, ווייל די פונאנדערטיילונג ווערט אויסגע־פארשט פון דער עקאָנאָמישער וויסענשאפט בלויז אויף אזוי פיל אויף וויפיל דאס איז אומצוטיילבאר צוזאמענגעגאסען מיט דער פראדוקציע, אויף וויפיל דאס שטעלט פאר עפעס אזוי ווי די צווייטע זייט פון דער פראדוקציע. אויב צו איין קלאס געהערען די פראדוקציאנס ווערקצייג און צום צווייטען בלויז זיין ארבייטס־קראפט, זיינען דאס פונאנדערטיילונג־שיכות'ן, אבער גלייכצייטיג זיינען דאס אויך פראדוקציאנס שיכות'ען, ווייל דאס באצייכענט די הערשאפט פון דעם ערשטען איבער'ן צווייטען אין דעם פראדוקציאנס־פראצעס. בכלל איז די פ ו נ א נ ד ע ר ט י י ל ו נ ג

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

וואס ווערט פון דער עקאנאמישער וויסענשאפט אויסגעפארשט, די פור־נאנדערטיילונג פון די פראדוקציאנס באדינגונגען, די ערשטע און די צווייטע פארמע פון שיכות׳ען זיינען פאר איין אומצוטיילבאר גאנצע זאך.

די געזעלשאפטליכע שיכות׳ען שטעלען מיט זיך ניט פאר עפעס וואס איז שטענדיג און ענדערען זיך ניט; זיי האלטען זיך אימער אין איין בייטען, פונקט ווי יעדע זאך אין דער נאטור. אין זייערע ענדע־רונגען ווערט אויסגעדריקט דער פראגרעס אדער דאס פאלען פון די געזעלשאפטליכע כחות; דער זיג פון דער געזעלשאפט איבער דער נא־טור אדער פון דער נאטור איבער דער געזעלשאפט. עס איז געווען א צייט ווען מענשען האבען געלעבט אין קליינינקע ענג צוזאמענגע־בונדענע געמיינדען, אומאפהענגיג איינע פון דער צווייטער; דעמאלט זיינען די פראדוקציאנס שיכות׳ען געווען זעהר ענגע און איינפאכע. און די פונאנדערטיילונג־שיכות׳ן זיינען צוריקגעפירט געווארען צו א פשוט׳ער צוטיילונג. איצט זיינען די מענשליכע געזעלשאפטען רי־זיגע, די עקאנאמישע שיכות׳ען זיינען אין העכסטען גראד פארפלאנ־טערט; פונדעסטוועגען איז דא אן אומאיבערגעריסענע קייט פון אנט־וויקלונג צווישען דער פארגאנגענהייט און געגענווארט. עס זיינען אויך געווען פאקטען פון אן אנדער מין, ווען די געזעלשאפטליכע כחות, זיינען אין קאמף מיט דער נאטור געפאלען, זיינען ברייטע גע־זעלשאפטליכע פארבינדונגען דאן איבערגעריסען געווארען, די עקא־נאמישע שיכות׳ען זיינען דאן געווארען ענגער און איינפאכער. דא קוממ אוים דער וויסענשאפט אויסצופארשען א צווייטע אומאיבער־געריסענע קייט פון ענדערונגען, אבער א קייט ניט פון אנטוויקלונג, נאר פון פאלען און דעגראדאציע. דער גאנצער אינטערעס פון דער וויסענשאפט איז אין די פראגען פון אנטוויקלונג און דעגראדאציע, ווייל די וויסענשאפט אליין איז איינע פון די וואפען אין דעם מענ־שענס קאמף פאר׳ן לעבען, — פאר אנטוויקלונג.

איצט קענען מיר פארענדיגען די כאראקטעריסטיק פון דער עקא־נאמישער וויסענשאפט: דאס איז די וויסענשאפט וועלכע פארשט אוים די געזעלשאפטליכע שיכות׳ען פון פראדוקציע און פונאנדערטיילונג

## א. באַגדאַנאָוו

פון פּראָדוקטען און זייערע ענדערונגען, אנטוויקלונג און דעגראַדאַציע.

אַט די באַשטימונג צייכענט שוין אָן די עצם שטריכען פון דער אָרדענונג אין וועלכער אונזער ווייטערער שטודיום וועט געהן.

### 2: פּראָדוקציע.

מיר וועלען אָנהויבען פון דעם וואָס מיר וועלען קלאָר מאַכען אייניגע גרונט פראַגען וועגען דער פּראָדוקציע אַלס גאַנצע, דערווייל ניט צוטיילענדיג איר אויף אירע באַזונדערע טעכנישע און געזעלשאַפטליכע זייטען.

אַט די גרונט פראַגען וועלען שוין אָנגעצייכענט דורך דער דעפיניציע פון דער פּראָדוקציע אַלס געזעלשאַפטליך-נוצליכע אַרבייט. אַרבייט הייסט א פאַרוועגדונג פון מענשליכער ענערגיע פאַר א באַשטימטען צוועק. עס איז קלאָר אַז פריהער פון אַלעם מוזען מיר פאַר זיך קלאָר מאַכען דאָס פאָלגענדע:

ערשטענס, פאַר וועלכען צוועק, אין וועלכער ריכטונג, ווערט אונטערגענומען אַט די פאַרוועגדונג פון ענערגיע, — „קוואַליטעט" (איכות) פון דער געזעלשאַפטליך-נוצליכער אַרבייט.

צווייטענס, ווי גרויס איז די פאַרוועגדונג פון דער ענערגיע, — קוואַנטיטעט (כמות) פון דער געזעלשאַפטליך-נוצליכער אַרבייט.

דריטענס, אויף וויפיל דערגרייכט צו איר צוועק, די „פּראָדוקטיוויטעט" פון דער אַרבייט.

### א. די קוואַליטעט פון דער געזעלשאַפטליך-נוצליכער אַרבייט.

אויב איין מענש פאַרנעמט זיך מיט באַאַרבייטען די ערד, א צווייטער מיט באַאַרבייטען מעטאַלען, א דריטער מיט לערנען א. אז. וו. שטרעבט יעדער איינער פון זיי באַזונדער, אין זיין באַזונדערער מלאכה, צו א באַזונדערען אוממיטעלבאַרען צוועק, פאַרוועגדען זיין ענערגיע

אויף א באַזונדערער זאַך, ווי אַלע אנדערע. אַט די באַזונדערע פאַרווענדונג פון ארבייט ווערט באַצייכענט אַלס באַזונדערע „קוואַליטעט".

די קוואַליטעט פון ארבייט איז אין יעדען באַזונדערען פאַל אָפּהענגיג פון דריי באַדינגונגען. ערשטענס, פון דער באַדערפעניש פון דעם וואָס ארבייט, פון זיין שטרעבען; צווייטענס, פון די אויסערליכע אַרבייטס־מיטלען, וועלכע ער באַזיצט; דריטענס, פון זיין אַרבייטס־קראַפט. ביי דעם ווילדען איז דאָ א באַדערפעניש צוצודעקען זיין קערפּער פון קעלט, דרויסען געפינט ער א שאַרפען שטיין און א חיה מיט א וואַרעמער פעל, אויסערדעם באַזיצט דער אָרגאַניזם פון דעם ווילדען א פעהיגקייט פאַר שאַרפע, שטאַרקע, ריכטיג־אָנגעווענדעטע, איינפאַכע באַוועגונגען. מיט אַט די עלעמענטען ווערט איינגאַנצען באַשטימט די קוואַליטעט פון דער ארבייט, וועלכע וועט אין דעם פאַל געטאָן ווערען: דער פּרימיטיווער גראַבער געיעג נאָך דער חיה כדי צו קריגען איר פעל.

די עקאָנאָמישע וויסענשאַפט פאַרנעמט זיך בלויז מיט דער פּראָדוקציע, ד. ה. מיט דער געזעלשאַפטליכער ארבייט, דערפאַר נעמט דאָ אָן דער אויבען־געבראַכטער געדאַנק שוין אזא פאָרמע: אין דער פּראָדוקציע ווערט די קוואַליטעט פון דער ארבייט פון פאַרשיידענע מענשען באַשטימט, ערשטענס, דורך די געזעלשאַפטליכע באַדערפענישען, צווייטענס, דורך די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס מיטלען, דריטענס, דורך דעם גאַנצען סכום פון דער געזעלשאַפטליכער ארבייטס קראַפט.

דער כאַראַקטער און די סומע פון די געזעלשאַפטליכע באַדערפענישען ווערט באַשטימט דורך דער גאַנצער פריהערדיגער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט: אין דער אייראָפּייאישער געזעלשאַפט זיינען די באַדערפענישען אין א באַדייטענדער מאָס, אַנדערע פיל גרעסערע, ברייטערע און מער קאָמפּליצירטע און פאַרשיידענאַרטיגערע ווי אין אַ פּאַאוסקער געזעלשאַפט. וואָס מער עס אַנטוויקלען זיך די געזעלשאַפטליכע כחות אין דעם קאַמף געגען דער נאַטור, וואַקסען אויך די געזעלשאַפטליכע באַדערפענישען.

די פּראָדוקציאָנס־מיטלען — דאָס זיינען מאַטעריאַלען און געצייג

## א. באַגראַנאַון

אין בכלל די עלעמענטען פון דער אויסערליכער נאטור אויף וועלכע די מענשליכע ארבייט ווערט אנגעווענדט. אין מאנכע פאלען גיט די נאַ־טור אַט די מיטלען פשוט פארטיגערהייט, ווי צ. ב. ש. די בוימער פון אַן אומבארירטען וואלד אויף וועלכע עס ארבייט דער האַלץ העקער, די אייזען־גרוב, וואַס איז דער מאַטעריאל פאר'ן אייזען־גרעבער, דער שארפער שטיין, וואַס איז די געצייג פון ווילדען. אין אנדערע פאַלען אבער האַט דער פראָדוצענט צו טאָן מיט עלעמענטען פון דער נאַטור וואַס זיינען שוין באארבייט געווארען פריהער פון אנדערע מענשען, ווי צ. ב. ש. מיט אייזען, וואַס איז שוין ארויסגעקריגען געוואָרען פון דער ערד, מיט מאַשינען, וואַס זיינען געמאכט געוואָרען פון אייזען א. אז. וו. אַט די פאלען געהערען בכלל צו אַ מער קאַמפּליצירטער, העכער אנטוויקעלטער שטופע פון דער פראָדוקציע.

די פראַגע וועגען דעם אונטערשייד צווישען די „מאַטעריאַלען“ און „געצייג“ האַט אַ געוויסע באדייטונג פאר דער עקאָנאָמישער ווי־סענשאַפט. ניט זעלטען ווערען געגעבען אומפּינקטליכע ריין־ווערטער־ליכע באשטימונגען; דער מאַטעריאַל איז דאַס אויף וואַס מען אר־ביים; די געצייג זיינען דאַס מ י ט ו ו אַ ס מען ארבייט. דאַס אבער איז פונקט דאַס זעלבע ווי זאָגען, אַז מאַטעריאַל איז מאַטע־ריאַל און געצייג איז געצייג. דער פראַקטישער אונטערשייד צווישען אַט די צוויי מינים פּראָדוקציאַנס מיטלען באשטעהט אין דעם, וואַס דער מאַטעריאַל, דורכגעהענדיג איין איינציגען פּראָדוקציאַנס פּראָ־צעס, ווערט אַזוי פארענדערט, אַז ער ווערט דאַן שוין אנערקענט פאר עפּעס אנדערש. ווי דאַס וואַס ער איז פריהער געוועזן; ער טויג שוין מער ניט פאר דעם צוועק צו וועלכען ער איז פריהער געברויכט געוואָ־רען. אויב צ. ב. ש. אַ געוויסע מאַסע פלאַקס איז איין מאַל אויס־געשפּונען געוואָרען, קען מען דאַס שוין ניט שפּינען נאָך אַמאַל, אָדער אויב קוילען זיינען איין מאַל פארברענט געוואָרען, קען מען זיי ניט ברענען אַ צווייטען מאַל. מיט געצייג איז דאַס פונקט פארקערט, ווע־רענדיג געברויכט מערערע מאַל, פארבלייבט דאַס אבער אַלץ די זעלבע געצייג און קען אנגעווענדעט ווערען אויף ווייטער פאר די זעלבע צווע־קען, פארשטעהט זיך אַלץ ביז אַ געוויסען גרענעץ. די מאַשין וואַס האַט

נאָך היינט געשפּונען דעם פלאַקס, קען דינען פאַר'ן זעלבען צוועק אויך מאָרגען און איבערמאָרגען, ביז זי וועט אינגאַנצען אויסגעאַרבייט ווערען.

דער דריטער עלעמענט, דורך וועלכען די קוואַליטעט פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט, פון יעדען איינצעלנעם אַרבייטער ווערט באַשטימט, איז דער סכום אַרבייטס־קראַפט, פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. ד. ה. דער גאַנצער סכום פון די אַרבייטס כחות און די געגענזייטיגע שיכות'ען, וואָס האָבען זיך צווישען זיי איינגעשטעלט. אַ פּרימיטיווע געזעלשאַפט וואָס באַשטעהט פון עטליכע צענדליג מענשען קען פאַרשטעהט זיך ניט אַנטוויקלען די אַלע פאַרשיידענאַרטיגע מינים פון אַרבייט, ווי די שפּעטערע אויסגעברייטערטע געזעלשאַפט. אין דער פּרימיטיווער געזעלשאַפט איז כמעט ניט מעגליך צו אונטערשיידען וועלכע עס איז איינצעלנע ספּעציאַליטעטען, די אַרבייט פון איינעם, אונטערשיידט זיך ווייניג וואָס פון דער אַרבייט פון אַ צווייטען, אין דער היינטיגער געזעלשאַפט אָבער, מיט איהר פאַרצווייגטער פּראָדוקציע קען די צאָל ספּעציאַליטעטען געציילט ווערען אין די טויזענטער.

דאָס הייסט אַלזאָ, אַז עס עקזיסטירען קוואַליטאַטיווע פאַרשיידענע מינים פון געזעלשאַפטליכער אַרבייט, מיט אַנדערע ווערטער, הייסט דאָס, אַז די געזעלשאַפטליכע אַרבייטס־ענערגיע ווערט פאַרוואַנדעלט אויף דער נאַטור אין פאַרשיידענע ריכטונגען. פונדעסטוועגען האָלטען מענשען פאַר מעגליך צו פאַרגלייכען אפילו די פאַרשיידענסטע מינים פון אַרבייט לויט נאָך זייער קוואַנטיטעט (כמות). אַזוי צ. ב. ש. זאָגט מען אַז אַ וועלכער עס איז שמיד האָרעוועט מער ווי אַ וועלכער עס איז שוסטער, אַז אַ געוויסער בוך אַנטהאַלט אין זיך מער אַרבייט ווי אַ געוויסע מאַשין א. אז. וו. דאָס איז אויך גאַנץ נאַטירליך, ווייל יעדע אַרבייט איז בדרך כלל אַן אויסגאָב פון מענשליכען מאַרך, נערוועז, מוסקולען א. אז. וו. אַן אויסגאָב וועלכע קען פאַרגליכען ווערען מיט אַ צווייטער לויט איהר קוואַנטיטעט, אומאָפּהענגיג פון דעם אין וועלכער ריכטונג דאָס איז אַנגעווענדעט געוואָרען; אויף האַקען האָלץ אָדער אייזען, באַאַרבייטען ערד, אָדער קינדערשע מח'לאָך.

## א. באָגדאַנאָוו

אויף דעם אופן טרעט ארויס אויף דער סצענע די פראגע וועגן דער קוואנטיטעט פון דער געזעלשאפטליכער ארבייט.

### ב. די קוואנטיטעט פון דער געזעל־שאפטליכער ארבייט.

1) די גרויס פון דער ארבייטס־ענערגיע, וועלכע די געזעלשאפט פארווענדט אין דעם קאמף געגען דער נאטור פאר איר עקזיסטענץ, ווערט באגרעניצט פריהער פון אלעם דורך דער גרויס פון דער געזעל־שאפט גופא, דורך דער גרויס פון אירע ארבייטס־כחות. די פרימי־טיווע קאמוניסטישע געזעלשאפט, וועלכע איז באשטאנען פון עטליכע צענדליג, אדער הונדערטער מענשען, האט על־פי נויטווענדיגקייט גע־מוזט אנטוויקלען אין צענדליגע טויזענטער מאל ווייניגער ארבייט, ווי די היינטיגע פיל־מיליאנענדיגע קאפיטאליסטישע געזעלשאפט.

אויסרעכענענדיג אבער דעם גאנצען סכום פון ארבייט, וואס די געזעלשאפט באזיצט, מוז מען אויסער דער אלגעמיינער צאל פון אירע מיטגלידער האבען אין זינען אויך נאך עטליכע אנדערע באדינגונגען.

ניט אלע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט האבען די זעלבע פע־היגקייטען צו ארבייטען. קינדער, אלטע לייט זיינען שלעכטע ארביי־טער, אדער גאר קיין ארבייטער ניט. לויט נאך דער פיזיאלאגיע דארף זיך די נארמאלע צייט פון ארבייט רעכענען פון 15 ביז 60 יאר. אין די יארען צווישען 25 ביז 45 האט דער מענש די גרעסטע ארבייטס־ענערגיע. אויף דעם אופן איז די צוזאמענשטעלונג פון דער געזעל־שאפט לויט די יארען פון אירע מיטגלידער אמאל מער און אמאל ווע־ניגער ערפאלגרייך, אין איר קאמף געגען דער נאטור. ביי א גרויסער שטערבליכקייט דערלעבען גאנץ ווייניג מענשען צו דער עלטער, ווען די ארבייטס־קראפט אנטוויקעלט זיך אמפולסטען. דעם הויפט פלאץ פאר־נעמט דאן די שוואכע קינדערשע ארבייט. אין דער זעלבער ריכטונג ווירקט אויך די הויכע געבורטס־צאל, וועלכע באגלייט שטענדיג א פארשטארקטע שטערבליכקייט.

א קראנקער מענש ארבייט ווייניג אדער גאר ניט. אויב די אר־

בייטער באפעלקערונג ליידט פון קראנקהייטען, ווערט דער סכום פון געזעלשאפטליכער ארבייט פארקלענערט.

די שטערבליכקייט און געבורטס־פארמערונג, אזוי גוט ווי די קראנקהייטען פון די פראדוקטיווע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, ענדערען זיך אין אפהענגיגקייט פון דעם גאנצען סכום פון די געזעל־שאפטליכע באדינגונגען, און פריהער פון אלץ, פון דער מאטעריעלער לעבענס־סביבה פון די ארבייטער; וואס ערגער דער ארבייטער ער־נעהרט זיך, וואס מער ער ארבייט, וואס ווענינער היגיעניש עס זיינען די אויסערליכע ארבייטס־באדינגונגען, ווי צ. ב. ש. די איינארדענונג פון די ארבייטס־פלעצער, אלץ שטארקער מערען זיך די קראנקהייטען, און אלץ נידעריגער איז די דורכשניטליכע צייט פון לעבען. וואס ווע־ניגער עס ווערט רעגולירט די פאראייניגונג פון קינדער־ארבייט מיט דער ארבייט פון דערוואקסענע, פון מענער און פרויען, אלץ פריהער ווערען שדוכים געשלאסען צווישען די ארבייטער, און זיי ווערען פריה־צייטיג אריינגעצויגען אין געשלעכטס־לעבען, און וואס מער קינדער עס ווערען אריינגעצויגען אין דער פראדוקציע, אלץ מער וואקסט דער ארבייטער־קלאס, ווייל די קינדער הערען אויף צו זיין א לאסט אויף זייערע עלטערן.

אויסער דעם זיינען דא א סך מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, וואס הגם זיי זיינען פעהיג צו טאן געזעלשאפטליך־נוצליכע ארבייט, טוען זיי דאס אבער ניט, א דאנק באשטימטע געזעלשאפטליכע סבות. מאנכע קענען, ניט באטייליגענדיג זיך אין דער פראדוקציע, פונדעסט־וועגען זיך יא באטייליגען אין דער פארטיילונג פון די פראדוקטען. זיי פארנעמען זיך בלויז מיט פערזענליך־נוצליכער ארבייט, בלויז מיט דער „ארבייט פון פארברויכען“. דאס זיינען די פאראזיטישע עלע־מענטען. אנדערע ווייטער, זיינען אויסגעשלאסען סיי פון דער פרא־דוקציע און סיי פון דער פארטיילונג פון די פראדוקטען, דאס זיינען די ארבייטסלאזע. ביידע גרופען פארקלענערען די צאל פון די ווירק־ליכע געזעלשאפטליכע ארבייטער, און פאלגליך אויך די קוואנטיטעט פון דער געזעלשאפטליכער ארבייט.

2) עס איז קלאר, אז די לענג פון דער צייט, וואס יעדער אר־

## א. באַגדאַנאָוו

בייטער גיט אַפּ פּאר דער פּראָדוקציע, האָט אַ גוואַלדיגע ווירקונג אויף דער אַלגעמיינער קוואַנטיטעט פון דער ארבייט. וואָס מער ארבייטס־טעג עס זיינען דאַ אין יאָר, און שטונדען אין טאָג, אַלס גרעסער דאַרף ד א כ ט ז י ך זיין דער סכום פון דער געזעלשאַפטליכער אר־בייט.

3) דאַ שטויסט זיך די אויספאַרשונג אָן אויף אַ דריטער, זעהר וויכטיגער, באַדינגונג — די אַנגעשטרענגטקייט, די אינטענסיוויטעט פון דער ארבייט. אין איין שעה קען אן ארבייטער אויסגעבען מער אָדער וועניגער ארבייטס־קראַפט, פּראָדוצירען מער אָדער וועניגער. לאָמיר זיך פאַרשטעלען, אז עס ארבייטען צוויי ערד־גרעבער מיט די זעלבע געצייג, און ביידע האָבען די זעלבע פעהיגקייטען, פונדעסט־וועגען גראָבט איינער אוים אין א שעה פינף פוס ערד און דער צווייטער בלויז דריטהאַלבען. עס איז קלאָר אַז דער ערשטער גיט מסתמא אוועק מער ארבייטס־קראַפט, ער ארבייט, הייסט דאָס, אינטענסיווער.

וואָס גרעסער עס איז די אינטענסיוויטעט פון דער ארבייט, אלץ גרעסער איז אויך איר קוואַנטיטעט, דאָס איז אָפּהענגיג פון פילע און פאַרשיידענאַרטיגע באַדינגונגען, וואָס ווערען באַשטימט דורך דער שטופע פון דער געזעלשאַפטליכער אנטוויקלונג.

די ערשטע רייהע פון באַדינגונגען געפינען זיך אין דעם אָרגאַ־ניזם פון דעם אַרבייטער גופא, דאָס איז זיין קראַפט, געזונט און גע־וואוינהייט צו ענערגישער כסדר׳דיגער ארבייט.

א צו לאַנגער ארבייטס־טאָג איז שעדליך פאַר׳ן ארבייטערס גע־זונט און פאַרקלענערט אויף אזא אופן די אינטענסיוויטעט פון זיין אר־בייט. דערפאר טאָקע ווייזט זיך ארויס, אז מיט דעם וואָס דער אר־בייטס־טאָג ווערט פאַרקירצט, ווערט פונדעסטוועגען די קוואַנטי־טעט פון דער ארבייט פאַרגרעסערט, אָדער, אַמווּעניגסטענס פאַרקלע־נערט זי זיך נים. א 12 שטונדיגער ארבייטס־טאָג אנטהאַלט מער אר־בייט ווי א 14 אָדער 15 שטונדיגער; א 10 שטונדיגער ארבייטס־טאָג מער ווי א 12 שטונדיגער. אורטיילענדיג לויט געוויסע פאַקטען, קען אפילו אן 8 שטונדיגער ארבייטס־טאָג, אונטער גוטע לעבענס־באַ־דינגונגען, אנטהאַלטען מער ארבייט ווי א 10 שטונדיגער.

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

אַז עס איז נויטיג אַ געוואוינהייט פאַר אינטענסיווער אַרבייט, דאָס איז אַ געזעלשאַפטליכער פאַקט. די הויכע אינטענסיוויטעט פון די ענגלישע אַרבייטער איז איבערהויפט אָפּהענגיג פון זייער געוואוינהייט, זייער אינטענסיוויטעט איז אויסגעוואַקסען אין פאַרלויף פון פילע דורות, און יעדער נייער דור האָט איר געפירט ווייטער, ווי דער פאַרגאַנגענער.

איינער פון די וויכטיגסטע עלעמענטען פון דעם אַרבייטערס קראַפט איז זיין אינטעליגענץ. הגם אויפ'ן ערשטען בליק איז שווער צו דערקענען די ווירקונג, וואָס דאָס האָט אויף דער אינטענסיוויטעט פון זיין אַרבייט.

יעדע אַרבייט איז פריהער פון אַלץ אַן אויסגאַנג פון נערוועןענערגיע. אַ העכערע אינטעליגענץ איז בכלל פאַרבונדען מיט דער פעהיגקייט פון דער נערווען־סיסטעם צו אַנטוויקלען אַ גרעסערען סכום פון ענערגיע. דערפאַר ווייזט זיך אַרויס, אַז די נידעריגע אינטעליגענץ פון אַרבייטער־קלאַס ווערט באַגלייט פון אַ קלענערער אינטענסיוויטעט פון דער אַרבייט.

די אַנדערע באַדינגונגען פאַר דער אינטענסיוויטעט פון דער אַרבייט ליגען אין די פּראָדוקציאָנס־מיטלען. אין דער מאַשינאַווער פּראָדוקציע, צ. ב. ש., איז דער אַרבייטער אונטערוואָרפען צו דער מאַשין, ער מוז נאָכהאַלטען איר גאַנג, עס איז דערפאַר אין דעם פאַל מעגליך צו פאַרגרעסערען די אָנגעשטרענגטקייט פון דער אַרבייט דורך דעם, וואָס מען פאַרשנעלערט די אַרבייט פון דער מאַשין — אָפט פאַרשטעהט זיך ווערט דורך דעם שטאַרק געשעדיגט דעם אַרבייטערס אָרגאַניזם.

די דריטע רייהע פון באַדינגונגען זיינען די רעכטליכע און די אידעאַלע באַדינגונגען פון דער אַרבייט. איבערהויפט זיינען דאָס די פ ר י י ה י י ט  פון דער אַרבייט און די געזעלשאַפטליכע  אַ כ ט ו נ ג דערצו.

געצוואונגענע אַרבייט, „אַרבייט אונטער'ן בייטש" איז שלעכטע אַרבייט. דאָ ווערט דער מענש קיינמאָל נ י ט  ו ו ע ל ע ן  אַרבייטען מיט פולער ענערגיע, אויף וועלכער ער איז פעהיג. אַזאַ אַר־

# א. באָגדאַנאָוו

בייט איז געווען די שקלאַפען־אַרבייט אין אַלטערטום, די אַרבייט פון די לייב־אייגענע, ביז גאָר ניט לאַנג צוריק אין רוסלאַנד. אין דורכשניט גיט דער שקלאַף אויס ווייניגער ווי העלפט פון דער ענערגיע, וועלכע ער וואָלט אויסגעבען אָהן שאַדען פאַר זיך. דאָס האָבען די בעלי־בתים פון די שקלאַפען אימער געוואוסט. די אַרבייטען, וואָס מען האָט געדאַרפט וואָס שנעלער פאַרטיג מאַכען, פלעגען זיי ניט זעלטען איבערגעבען צו פרייע געדונגענע אַרבייטער, ניט וועלענדיג זיך פאַרלאָזען אויף דער אַרבייט'ס ענערגיע פון זייערע שקלאַפען. וואָס שווערער עס איז די שקלאַפעריי, וואָס פרימיטיווער און גרעבער אירע פאָרמען זיינען, אַלץ נידעריגער איז די אינטענסיוויטעט פון דער שקלאַפען־אַרבייט.

דאָס הייסט אַלזאָ, אַז די אינטענסיוויטעט פון דער געזעלשאַפטליך־נוצליכער אַרבייט ווערט אינגאַנצען באַשטימט פון די פאָלגענדע עלעמענטען:

1) דורך דער צאָל פון די פראָדוצירענדע אַרבייטער.
2) דורך דער דורכשניטליכער לענג פון דער אַרבייטס־צייט.
3) דורך דער דורכשניטליכער אינטענסיוויטעט פון דער אַרבייט.

### ג. פראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט.

אויב צוויי אַרבייטער אַרבייטען מיט דער זעלבער ענערגיע, און פונדעסטוועגען דערגרייכט איינער מער פון צווייטען אין דער זעלבער צייט, איז קלאָר, אַז זייער באַזונדערע שנעלקייט, אָדער ווי מען רופט דאָס פראָדוקטיוויטעט איז פאַרשיידען.

די באַדינגונגען וועלכע באַשטימען אין יעדען פאַל באַזונדער די פראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט, זיינען אומענדליך גרויס און פאַרשיידענאַרטיג. און דאָ נעמען זיי אַרום ניט נאָר דעם גאַנצען סכום פון די געגענוואַרטיגע לעבענס־באַדינגונגען פון דער געזעלשאַפט, נאָר אויך איר גאַנצע אַנטוויקלונג אין דער פאַרגאַנגענהייט.

פונדעסטוועגען, קען מען, פאַר דער באַקוועמליכקייט פון דער

אויספארשונג, איינטיילען די באדינגונגען אין עטליכע באזונדערע גרו־פען, וועלכע מען קען כאראקטעריזירען בלויז אין זייערע אלגעמיינס־טע שטריכען. די הויפט־גרופען וועלען זיין די פאלגענדע:

ערשטענס, די אוממיטעלבארע באדינגונגען פון דער אויסערליכער נאטור, פון זיי איז איבערהויפט אפהענ־גיג די פראדוקטיוויטעט פון ערד־ארבייט און בערג־ארבייט, און אין א קלענערער מאס אויך אלע אנדערע ארבייטען.

צווייטענס, די טעכניק, די שטופע פון פאלקאמענהייט פון די מיטלען און מעטאדען פון דער ארבייט, און פון דער פאך־אויסבילדונג.

דריטענס, די געזעלשאפטליכע ארגאניזאציע פון דער פראדוקציע, צוזאמענארבייטונג, ארבייטס־טיילונג א. אז. וו.

1) וואס מער די נאטור גיט דעם מענשען אומזיסטע מאטע־ריאלען און כחות, וועט זיין ארבייט, בכלל גערעדט, זיין אלץ מער פראדוקטיוו. באטראכטענדיג גענוי די ווירקונג פון די נאטור־באדינ־גונגען אויף דער געזעלשאפטליכער ארבייט, איז ניט די אויפגאבע פון דער עקאנאמישער וויסענשאפט. דערמיט פארנעממט זיך די וויסענ־שאפט וועגען דער מאטעריעלער קולטור. דא קענען מיר בלויז ברענ־גען אייניגע ביישפילען, וואס וועלען אילוסטרירען אט די ווירקונגען.

פריהער פון אלץ קוממט דער קלימאט. די מאס פון ווא־רעמקייט און פייכטקייט פון דער אטמאספערע. פאר יעדער געוויקס, פאר יעדער לעבעדיגער באשעפעניש, איז נויטיג א געוויסע טעמפע־ראטור פון לופט, אהן וועלכע עס קען ניט לעבען. אין דעם צפון־טייל פון רוסלאנד וואקסט איינגאנצען ניט קיין ווייץ און קארן וואקסט זעהר שוואך. אין דעם דרום־טייל אבער, איז שוין דא גענוג ווארעמקייט פאר דער פולער אנטוויקלונג פון קארן אזוי גוט ווי פון ווייץ. עס איז קלאר, אז דארט איז די ערד־ארבייט פראדוקטיווער.

פונקט אזוי ווי ווארעמקייט האט אויך פייכטקייט א זעהר גרויסע באדייטונג פאר דער ערד־ארבייט. אין דעם טייל פון מזרח רוסלאנד, וואו די גרויסע סטעפעס געפינען זיך, איז אי ווארעם גענוג, אי די ערד איז א גוטע, אבער דער קלימאט איז דארטען ניט גענוג פייכט. עס טרעפען דארט אפטע פארטריקענישען און דערפאר אומגערעטענישען.

# א. באָגדאַנאָוו

ווייטער קומט די צוזאַמענשטעלונג פון דער ערד'ס אויבערפלאַך, וואָס פאַר א ערד עס איז, וואָס איז איר גרונט און אונטער־גרונט. דערמיט ווערען באַשטימט די געבורטס־פעהיגקייטען פון דער ערד און אירע מינעראַל־רייכטימער. פאָלגליך הייסט עס די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ערד־אַרבייט און בערג־אַרבייט, אָדער בכלל פון די אַרבייטען מיט וועלכע ערד־גרעבעריי איז פאַרבונדען. אַז די מאַטעריאַלען, וואָס קענען פון דער ערד אויסגעגראָבען ווערען, איז אין א גאַנץ גרויסער מאָס אָפּהענגיג די פּראָדוקטיוויטעט פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט אין אירע אַנדערע ספערען.

נאָכהער קומט די פונאַנדערטיילונג פון ימים, טייכען, בערג און אַז. וו. אַט דער סאָרט נאַטירליכע באַדינגונגען האָט א גוואַלדיגע, אָבער איבערהויפּט דירעקטע ווירקונג אויף דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט. פון די באַדינגונגען איז אָפּהענגיג די לייכטקייט אָדער שווערקייט פון פאַרבינדונג צווישען מענשען, און פאַרבינדונג שפּילט א וויכטיגע ראָליע אין דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע. ערשטענס, לערנען זיך מענשען איינער פון צווייטען בעסערע פּראָדוקציאָנס־מעטאָדען, ווען זיי קומען זיך צונויף; צווייטענס, בייטען זיי אום זייערע פּראָדוקטען אויף אַנדערע און קענען א דאַנק דעם אינגאַנצען אויפגעבען די פּראָדוצירונג פון אַזוינע זאַכען, וועלכע פאָדערען, א דאַנק די לאָקאַלע באַדינגונגען, א צו גרויסע פאַרשווענדונג פון אַרבייט, און זיך בעסער אָפּגעבען מיט אויסברייטערען יענע אין וועלכע זייער אַרבייט איז פּראָדוקטיווער.

די לענדער פון אייראָפּע, וואָס געפינען זיך אויף די ברעגען פון ים, ווי גריכענלאַנד און איטאַליע, האָבען די פּראָדוקטיוויטעט פון זייער אַרבייט אַנטוויקעלט פריהער פון אַלע אַנדערע, איבערהויפּט א דאַנק דעם, וואָס דער מיטעל־לענדישער ים האָט זיי געבראַכט אין נאָהענטע באַציהונגען מיט די קולטור־פעלקער פון אַזיע און אַפריקע. ימים און טייכען דערנעהענטערען בכלל מענשען, און פאַרלייכטערען דערמיט דעם פּראָגרעס פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט. דערביי שפּילען א גרויסע ראָליע דער צושטאַנד פון די ברעגען, זייער צוגאַנגליכקייט, צי די ימים און טייכען פרירען אין ווינטער־צייט, די

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

ריכטונג פון די טייכען, צי קענען שיפען אויף זיי פארען א. אז. וו. בערג. פארקערט, דערווייטערען מענשען, שטערען זייער דערגרייכונג. און דערמיט מאכען זיי לאנגזאמער די אנטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט. די זעלבע ראָליע האבען אויך געשפּילט די ימים איידער שיפען זיינען ערפונדען געוואָרען.

באטראכטענדיג די ווירקונג (פון די אויסערליכע באדינגונגען) פון דער אוממיטעלבארער נאטור אויף דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער געזעלשאפטליכער ארבייט, אין אן אלגעמיינער פאָרמע, קומט אוים צו זאגען אזוי: וואָס מער די נאטור גיט די מענשען, אלץ לייכטער און פּראָדוקטיווער איז דעם מענשענס ארבייט. פונדעסטוועגען איז די צו גרויסע גוטסקייט פון דער נאטור ניט אויף אלע קולטור-שטופען גינסטיג פאר דער אנטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט, אין א סך פאלען ווירקט דאָס פונקט אזוי ווי די צו שטארקע ארעמקייט פון דער נאטור.

קריגענדיג זיינע לעבענס-מיטלען, מיט זעהר ווייניג מיה, נויטיגט זיך ניט דער מענש אין דער אנטוויקלונג פון דער פּ ר אָ ד ו ק ט יו ו י ט ע ט פון זיין ארבייט, און פארשטעהט זיך, אז דעמאָלט ווערט זי ניט אנטוויקעלט. אין די הייסע טראָפּישע לענדער פון אפריקע וואקסען א סך צוקער-שטעקענס. איין געוויקס אזא, קען שפּייזען א גאנצע פאמיליע א גאנצען טאָג. עס איז גענוג פאר'ן איינוואוינער צו ארבייטען עטליכע טעג אין יאָר, כדי צו פארזייהען אזוינע 400 צוקער-שטעקענס, און זיין עקזיסטענץ מיט זיין פאמיליע איז שוין פארזיכערט. ביי אזוינע שוואכע אנרעגונגען צו ארבייט איז אוממעגליך א באדייטענדער פּראָגרעס אין דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט.

אויב די נאטור אין א געוויסען געגענט איז זעהר אָרעם, איז דאָס אויך א שטערונג צו דער אנטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט, אין דעם פאל קומט דעם מענשען אוים צו פארשווענדען זיין גאנצען כח בלויז אויף צו באקומען די נויטיגסטע לעבענס-מיטלען. די איינאָרדענונג פון ווארעמע וואוינונגען און דאָס פּראָדוצירען פון ווארעמע קליידער, נעמט צו ביי די איינוואוינער פון גרינלאנד אסך איבעריגע ארבייט. אויך עסענוואַרג דאַרף ער מער און גאָרהאַפטערע.

# א. באַגדאַנאָוו

ער מוז פון דער נאַטור נעמען פיל מער, ווי דער דרום־איינוואוינער, און גלייכצייטיג מוז ער אבער פאַר יעדער זאַך פיל מער ארבייט אוועק־געבען. ער שטרענגט זיך אימער אן איבער די כחות, כדי כאָטש עפּעס־וואָס צו באַקומען. און לעבט בסדר אין שרעק פאַר'ן טויט; ניט זיין שכל און ניט זיין קערפּער, האָבען וועלכע עס איז מעגליכקייטען זיך צו אנטוויקלען.

א צופיל פרייגיביגע און א צופיל קאַרגע נאַטור ווירקען פּונקט אזוי אויף גאַנצע געזעלשאַפטען, ווי די מעגליכקייטען צו באַקומען פּראָדוקטען אָהן וועלכער עס איז ארבייט פון איין זייט און די שרעק־ליכע אָרעמקייט פון דער אנדערער זייט, ווירקען אויפ'ן יחיד.

פאַר'ן פּראָגרעס איז אַמבעסטען דער מיטעל־פּונקט, די פּלעצער וואו די נאַטור איז ניט צופיל פרייגיביג און ניט צו קאַרג, אין די פּלע־צער קומט אויס דעם מענשען צו ארבייטען טאַקע א סך, אבער ניט אזוי פיל, אז די ארבייט זאָל אים איינגאַנצען דערשטיקען.

די געשיכטע באַווייזט, אז די ערשטע באַדייטענדע שריט אין דער אנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע, אז די ערשטע שפּראָצונגען פון קול־טור, האָבען זיך באַוויזען אין די הייסע לענדער, וועלכע פאַרמאָגען א רייכע נאַטור — אין אינדיע, מעסאָפּאָטאַמיע, מצרים און אנדערע. די אורזאַך דערפון איז לייכט צו פאַרשטעהן. ווייל מען האָט די לע־בענס־מיטלען באַקומען מיט ווייניג אָנשטרענגונג, האָבען די איינ־וואוינער פון די דערמאָנטע לענדער געהאַט גענוג ליידיגע צייט פאַר אנדערע זאַכען. אבער אַז די ערשטע שפּראָצונגען פון קולטור האָבען זיך אנטוויקעלט בלויז ביז א באַשטימטער גאַנץ נידעריגער שטופע, נאָכהער קומט אַן א צייט פון שטיל־שטאַנד. די פעלקער אבער, וואָס וואוינען אין די געגענטען מיט א מעסיגען קלימאַט, האָבען איבערגע־נומען די קולטור, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אנטוויקלען אין די הייסע לענדער און איר פיל ווייטער אנטוויקעלט. אין דער איצטיגער צייט שטעהט אויך די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט אזוי גוט ווי די קולטור בכלל פיל העכער אין די לענדער פון מעסיגען קלימאַט, — אין אייראָפּע און נאָרד־אמעריקע.

די נאַטור־באַדינגונגען פאַרבלייבען ניט אין ערגעץ אַלע מאָל די

זעלבע, זיי ענדערען זיך, און דערביי, פארשטעהט זיך, ענדערען זיך די ווירקונגען, וועלכע זיי איבען אויס אויף דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט.

די ענדערונגען אין דער נאטור קען מען צוטיילען לויט די אורזאכען, א דאנק וועלכע זיי אנטשטעהען, אין צוויי סארטען. ערשטענס, די ענדערונגען וועלכע קומען פאר זעלבסטשטענדיג, ד. ה. דורך די כחות, וואס ווירקען אין דער נאטור; און צווייטענס, די וועלכע קומען אלס רעזולטאט פון מענשליכער טעטיגקייט.

א) פון זיך אליין ענדערען זיך די נאטור־באדינגונגען זעהר לאנגזאם. א דאנק דער טעטיגקייט פון די אונטער־ערדישע כחות הויבט זיך אין אייניגע פלעצער אויף די אויבערפלאך פון דער ערד, און אין אנדערע לאזט זי זיך אראפּ. עס ווערען באשאפען נייע בערג און אינזלען; ימים בייטען זייערע ברעגען און זייער טיפקייט. אבער דאס אלעס קומט פאר אין פארלויף פון צענדליגע און הונדערטער טויזענטער יארען. עטוואס שנעלער קומען פאר די ענדערונגען אין דעם צושטאנד פון טייכען. אונטער'ן דרוק פון פארשיידענע כחות געהען זיי אוועק אין נייע וועגען, אפּוואשענדיג די אלטע ברעגען. אזוי צ. ב. ש. איז סיר־דאריא, וועלכע פאלט איצט בלויז אריין אין אראלער ים, געפלאסען דורך איין וועג אויך אין קאספּישען ים, ערשט מיט עטליכע טויזענט יאר צוריק. א גרויסער טייל פון האלאנד איז אנטשטאנען ערשט אין פארלויף פון די לעצטע צוויי־דריי טויזענט יאר, א דאנק דער אנטשטעהונג פון נייע אינזלען. עס ענדערט זיך, הגם זעהר לאנגזאם, אויך דער קלימאט, מיר וויסען צ. ב. ש. פון דער געאלאגיע אז אמאל, מיט פיל טויזענטער יאר צוריק, איז דער אייראפּייאישער קלימאט געווען פיל קעלטער ווי היינט; כמעט אזוי ווי עס איז איצט אין סיביר. פון די פארשיידענע איבערבלייבעכצען פון ביינער און שטיינערנע געצייג, איז קלאר, אז אויך דעמאלט האבען מענשען געלעבט אין אייראפּע. די בייזע נאטור פון יענער צייט איז אהן צווייפעל געווען א וויכטיגע שטערונג פאר דער אנטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט פון די דאמאלסטיגע מענשען.

בכלל קען מען זאגען, אז פון דעם קורצען פעריאד, וואס די עקאָ־

# א. באָגדאַנאָוו

נאָמישע וויסענשאַפט דאַרף אויספאָרשען, שפּילען אָט די לאַנגזאַמע ענדערונגען אין די נאַטור־באַדינגונגען, קיין שום ראָליע ניט.

אַלס אויסנאַם, קענען מיר אָפט באַאָבאַכטען שנעלע און שאַרפע ענדערונגען אין דער אויסערליכער נאַטור, ווי צ. ב. ש. אַן ערד־ציטער־ניש, אַ וואולקאַנישען אויסברוך, אַ מבול א. אַז. וו. אַזוינע ענדערונ־גען פאַראורזאַכען אָפט אין פאַרלויף פון אַ פּאָר שעה, און אָפט בלויז אין עטליכע מינוטען באַדייטענדע ענדערונגען אין דער ערד'ס אויבערפלאַך. פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט האָבען אַזוינע ענדערונגען, אָפט, זעהר אַ גרויסע באַדייטונג. זייער ווירקונג איז אָבער שטענדיג אַ נעגאַטיווע, אַ דאַנק די חורבנות, וואָס זיי מאַכען אָן.

ב) פון זינט די געזעלשאַפטליכע אַרבייט האָט אין לויף פון איר אַנטוויקלונג אָנגעהויבען אַלץ אָפטער באַזיגען די נאַטור, האָט זיך די נאַטור גופא אָנגעהויבען ענדערען אונטער'ן דרוק פון *דעם מענשענס טעטיגקייט*, און וואָס ווייטער אַלץ מער איז דאָס אַזוי. אַמאָל ברענגען אָט די ענדערונגען פאַרבעסערונגען, אַן אַנדערש מאָל פאַרערגערונגען. מען קען ברענגען גענוג ביישפּילען פאַר ביידע.

ווען מענשען פאַרניכטען וועלדער, ווערט דער קלימאַט טרוקע־נער און אומבאַשטענדיגער; די קעלט אין ווינטער און די היץ זומער ווערען שטאַרקער; טייכען ווערען אויסגעטריקענט. ווען מענשען טריקע־נען אויס זומפּען, ווערט דער באָדען געזונטער, מער פּרוכטבאַר, דער קלי־מאַט ווערט בעסער און געזונטער. אַ שלעכטע, ניט ראַציאָנאַלע באַ־אַרבייטונג פון דער ערד, מאַכט דעם באָדען ערגער, מאַגערט אים אויס.

טיפער מאַכענדיג טייכען, פאַראייניגענדיג פאַרשיידענע טייכען דורך קאַנאַלען, האָבען מענשען באַדייטענד פאַרבעסערט די וואַסער־וועגען. דורכפירענדיג אייזענבאַנען אויף טויזענטער מיילען, האָבען מענשען דערנעהענטערט אַזוינע פּלעצער צווישען זיך, צווישען וועלכע יעדע פאַרבינדונג איז פריהער געווען זעהר שווער, צוליב דער ווייט־קייט. ניט זעלטען ווערען גאַנצע בערג דורכגעשניטען דורך טונעלען.

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

אויב זיי זיינען א שטערונג פאר די פאַרבינדונגס־צוועקען. די אויס־גראבונג פון דעם סועץ־קאנאל האט פאראייניגט די פריהער צו־טיילטע געגענטען פון צוויי אקעאנען, פון אינדישען און אטלאנטי־שען, און האט אויף טויזענטער מיילען דערנעהענטערט מזרח אייראפּע צו מערב־אזיע.

אזוי גרויס איז שוין אין דער איצטיגער צייט דעם מענשענס פעהיגקייט צו פאראנדערען די נאטור, אזוי גרויס איז שוין זיין מאכט איבער איר. וואס ווייטער עס פּראגרעסירט די מענשליכע ארבייט, אלס שטארקער ווערט, און אלץ נוצליכער, דעם מענשענס ווירקונג אויף דער נאטור.

די וואקסענדע מאכט פון דער געזעלשאפט איבער דער נאטור, דריקט זיך אויס אין דער פארפאלקאמענונג פון די קאמפּס־מיטלען, וואס זי באנוצט אין איר קאמף מיט דער נאטור — אין דער אנט־וויקלונג פון דער טעכניק.

2) אהן געצייג, מיט די הוילע הענט, קען דער מענש ווייניג וואס אויפטאן, וואס פאלקאמענער עס איז זיין געצייג, אלץ ערפאלג־רייכער איז ער מיט זיין ארבייט, און אלץ פּראדוקטיווער איז זי.

מיט א שטיינערנער האק, מיט וועלכער אונזערע גאר ווייטע אור־עלטערען האבען זיך באנוצט, האט געמוזט נעמען אמוועניגס־טען א שטונדע אפּהאקען א קליין בוימעלע. די געצייג פון בראנז, וואס האבען אין אייראפּע פארנומען דעם פּלאץ פון די שטיינערנע געצייג, זיינען שוין געוועזן פיל בעסער; מיט א האק פון בראנז האט מען שוין געקענט האקען האלץ צוויי אדער דריי מאל שנעלער, ווי מיט דער שטיינערנער האק. אבער אויך די בראנזענע געצייג איז ניט הארט גענוג, עס ווערט שנעל טעמפּ און עס ברעכט זיך, דערפאר טאקע איז די ארבייט מיט דער היינטיגער שטאלענער האק נאך פּראדוקטיווער, און פאר דער זעלבער ארבייט פאדערט זיך פיל ווייניגער צייט. די אממערסטענס פאלקאמענע געצייג אבער איז די מאשין. די מאשין פארגרעסערט די פּראדוקטיוויטעט פון דער מענשליכער ארבייט אין צענדליגער און הונדערטער מאל.

## א. באַגדאַנאָוו

פאַר דער פּראָדוקטיווּיטעט פון דער ארבייט האָט די קוואַליטעט פון די רויהע מאַטעריאַלען פּונקט אַזאַ באַדייטונג, ווי די פאַרפאַל־קאָמענונג פון די געצייג. עס קען פאַרשפּאָרט ווערען א גרויסע מאַסע אַרבייט, אויב עס ווערען אויסגעקליבען פון די מאַטעריאַלען, וואָס די נאַטור לעגט פאַר אונז פאַר, די בעסערע, שטאַרקערע, די וואָס מ׳קען אַמליבסטען באַארבייטען.

צוזאַמען מיט די געצייג און מאַטעריאַלען קומען אויך אומצו־טיילבאַר איינציגע אַנדערע עלעמענטען פון דער געזעלשאַפטליכער טעכניק, עלעמענטען, וואָס געפינען זיך אין דעם אָרגאַניזם גופא פון דעם ארבייטער; זיינע פאַך־פעהיגקייטען, זיין געוואוינהייט צו דער באַשטימטער ארבייט, און בכלל זיינע פעהיגקייטען צו באַנוצען זיך מיט פּראָדוקציאָנס־מיטלען. וואָס העכער עס זיינען דעם ארביי־טערס פעהיגקייטען, אַלץ מער פּראָדוקטיוו איז זיין ארבייט, אונטער די זעלבע אומשטאַנדען. דער ארבייטער מאַכט דאַן ווייניגער איבעריגע אומנויטיגע באַוועגונגען, וועלכע פאָדערען זיך אין א גרעסערער אָדער קלענערער צאָל ביי יעדער ארבייט; ער וועט ווייניגער מאַטעריאַלען איבערפּירען, די געצייג וועלען ווייניגער אויסגעארבייט ווערען א. אז. וו. פאַר יעדען איינצעלנעם ארבייטער באַזונדער זיינען אָט די פעהיגקיי־טען דער רעזולטאַט פון לערנען און איבונגען. פון א געזעלשאַפטליכען שטאַנדפּונקט, איז דאָס דער רעזולטאַט פון דער גאַנצער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט.

די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטליכער טעכניק, הויבט אָן צו געהן אַמשנעלסטען אין דעם לעצטען יאָר־הונדערט, ווען דער מענש־ליכער שכל הויבט אָן באַוואוסטזיניג אַנגעווענדט צו ווערען אויף אָט דעם פעלד, ווען די טרייבקראַפט פון פּראָגרעס אין דער פּראָדוקציע ווערט די וויסענשאַפט. דער טעכנישער וויסען, וועלכער שטיצט זיך אויף א נאָהענטער באַקאַנטשאַפט מיט די נאַטור־כחות, גיט דעם מענ־שען א מאַכט איבער דער נאַטור, פון וועלכער ער האָט פריהער ניט געוואוסט. די ראַליע פון די טעכנישע וויסענשאַפטען, טרעט אַמ־שאַרפסטען אַרויס דאָרט וואו זיי קענען פיל פאַרשטאַרקען די פּראָ־דוקטיוויטעט פון דער ארבייט, אומאָפּהענגיג פון דעם צושטאַנד פון

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

די פּראָדוקציאָנס־געצייג דער ערד־ארבייטער וועט זיין צ. ב. ש. פיל ערפאָלגרייכער אויב ער וועט ווייסען אפריהער ווען און וואו געוויסע געוויקסען איז אמבעסטען צום זייהען, ער וועט פיל וועניגער אויס־מאַגערען זיין פעלד ווי יענער, וואס ווייס דאס ניט, און וועט פון אים פיל מער באקומען.

די טעכניק האט זיך געקענט אנטוויקלען בלויז אין דער געזעל־שאפט; דער מענש קען זיך מיט דער אנטוויקעלטער טעכניק באנוצען בלויז אין אן ארגאניזאציע.

3) די שטופע פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט איז אפּהענגיג זעהר פיל פון די ארגאניזאציאָנס־מיטלען פון דער פּראָדוק־ציע, פון די געזעלשאפטליכע פּראָדוקציאָנס־באציהונגען. די אפּהענגיגקייט וועט ברייטער באטראכט ווערען שפּעטער אין פארבינדונג מיט דער לערע וועגען דעם פּראָצעס פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג בכלל, דא וועלען מיר דאס באריר‎ען בלויז אין אירע סאמע אלגעמיינסטע שטריכען.

די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט ווערט פארגרעסערט ער־שטענס, דורך פאראייניגונג און צווייטענס, דורך צוטיילונג.

א. די פאראייניגונג פון דער ארבייט אדער איינפאכע צוזאמענארבייטונג (קאָאָפּעראציע) באשטעהט אין דעם, וואס עטליכע מענשען צוזאמען טוען די זעלבע ארבייט, דאס ווירקט אויף דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט אויף פאָלגענדע אופנים:

ערשטענס, ווירקט דאס צוזאמענארבייטען אפילו אין די סאמע איינפאכסטע פאָרמען אויף דעם גייסטיגען צושטאנד פון די וואס ארבייטען. ארבייטענדיג צוזאמען מיט אנדערע, פילט יעדער ארבייטער עפּעס א באזונדערע גייסטיגע אויפ־רעגונג, האט א פרישע און ענערגישע שטימונג, וועלכע לעגט ארויף איר שטעמפּעל אויף דער אינטענסיוויטעט פון דער ארבייט און פאר־גרעסערט אויך איר פּראָדוקטיוויטעט.

צען מענשען, וואס ארבייטען אלע צוזאמען אין איין ארבייטס־פּלאץ, הגם יעדער איינער טוט זיין ארבייט באזונדער, וועלען אין איין

## א. באגדאנאוו

טאג שאפען מער ווי איין ארבייטער וואלט קענען שאפען ביי זיך אין דער היים פאר צען טעג.

צווייטענס, ווערט ביים צוזאמענארבייטען איינגעשפארט דער פארלוסט פון ארבייט, וואס דארף אוועקגעהן אויף שאפען פראדוקציאנס-מיטלען; עס געהט אוועק ווייניגער ארבייט אויף אויפשטעלען באלייכטען און באהייצען דעם ארבייטס-פלאץ, עס איז פיל לייכטער די איבערגעבליבענע שטיקלעך מאטעריאלען פארנוצען, ווייל ביים צוזאמענארבייטען פון פילע מענשען קלייבען זיך אן אזוינע שטיקלעך אין א גרויסער צאל. אויף אויפבויען איין ארבייטס-פלאץ פאר צוואנציג ארבייטער, פאדערט זיך פיל ווייניגער מאטעריאל און ארבייט, ווי אויף אויפבויען צען קליינע ארבייטס-פלעצער, יעדער איינער פאר בלויז צוויי ארבייטער.

דריטענס, וואס איז איבערהויפט וויכטיג, איז דאס, וואס דאס צוזאמענארבייטען שאפט די מעכאנישע קראפט פון דער מאסע. עס זיינען פאראן פילע ארבייטען, וועלכע איין מענש קען בכלל ניט טאן, אויב מען דארף צ. ב. ש. אויפהויבען א גרויסען גלאק אין קלויסטער, קען דא איין מענש בשום אופן גאר נישט ניט אויפטאן, און הונדערט מענשען, ווען זיי זאלען ארבייטען איינציגווייז איינער נאכ'ן צווייטען, קענען אויך גאר נישט ניט אויפטאן אין אזא פאל, אבער הונדערט מענשען צוזאמען, קענען דעם גלאק יא אויפהויבען.

ב) אונטער'ן אלגעמיינעם אויסדרוק „צוטיילונג פון ארבייט“, אדער „ארבייטס-טיילונג“, ווערען באטראכט גאנץ פארשיידענע געזעלשאפטליכע פראדוקציאנס-שיכות'ן.

די געזעלשאפטליכע צוטיילונג פון דער ארבייט באשטעהט אין דעם, וואס אין דער געזעלשאפט ווערט די פראדוקציע צוטיילט צווישען איינצעלנע פאמיליע-באלעבאטישקייטען (אונטערנעמונגען); איין פאמיליע פארנעמט זיך מיט ערד-ארבייט, א צווייטע מיט דער פראדוקציע פון קליידער, א דריטע מיט אויסגראבען מעטאלען, א פערטע מיט דער פראדוקציע פון געווער און אז. וו.

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

איידער עס איז אויסגעוואקסען אזא ארבייטס־טיילונג, איז יעדע פאמיליע געוועזען געצוואונגען צו פּראָדוצירען באַלעבאַטישקייט פאר זיך אלץ וואס זי האט באדארפט. עס פארשטעהט זיך, אז די גרויס פון אזא סארט פּראָדוקציע איז געוועזען גאנץ אומבאדייטענד און איר אנט־וויקלונג איז געגאנגען זעהר לאנגזאם.

ביי דער געזעלשאַפטליכער צוטיילונג פון דער ארבייט, האט יעדע פאמיליע איר מער אדער ווייניגער ענגע ספערע פון פּראָדוקטי־ווער ארבייט. דאָס גיט א מעגליכקייט דעם ארבייטער צו ערווערבען פאר זיך די קענטעניש און פעהיגקייטען פאר זיין ארבייט, א דאנק וועלכע ער קען שאפען פיל מאָל מער פּראָדוקטען, ווי די פאמיליע קען פארברויכען. א שוסטער צ. ב. ש. דארף פאר זיך אליין האבען נים מער ווי צוויי פאר שטיוועל א יאָר, אויפנייהען וועט ער הונדערט פאר; א טרונע מאכער דארף אין פארלויף פון זיין גאנצען לעבען פאר זיך אפילו קיין איין קאסטען נים האבען, פונדעסטוועגען וועט ער פּראָדוצירען טויזענט. אָט דער גאנצער איבערפלוס פון פּראָדוקטען, ווערט געשאפען פאר אנדערע, פאר דער געזעלשאפט. אויף א וועלכען עס איז אופן ווערען אלע פּראָדוקטען, וואס די פארשיידענע פאמיליעס שאפען, פאנאנדערגעטיילט צווישען דער גאנצער געזעלשאפט, אבער יעדע פאמיליע באזונדער האט נאָכהער פיל מער געברויכס־ארטיקלען פאר זיך, ווי זי וואלט דאס געקענט האבען, ווען זי זאָל יעדע זאך מוזען אליין פאר זיך פּראָדוצירען.

די טעכנישע פונאנדערטיילונג, איז די צו־טיילונג פון דער ארבייט אין די גרענעצען פון א באזונדערער פאמיליע, אדער פּראָדוקציאָנס־גרופּע. אלס ביישפּיל קען אונז דינען די מאנו־פאקטור, איידער א פּראָדוקט איז ארויסגעקומען פון דעם ארבייטס־פּלאַץ אלס א פארטיגע זאך, האט עס געמוזט דורכגעהן דורך די הענט פון א גאנצער צאָל ארבייטער. אזוי צ. ב. ש. שמידט איינער אויס א מעסער, א צווייטער שארפט אים, א דריטער מאכט פאר אים א הענ־טעל, א פערטער טוט דאָס הענטעל אָן און אז. וו.

פונקט ווי די געזעלשאפטליכע צוטיילונג פון דער ארבייט, אזוי אויך די טעכנישע, פארגרעסערט די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט.

## א. באַגדאַנאָוו

דאַס זעהט זיך אַז אין דער טעכנישער צוטיילונג נאָך שטאַרקער, ווי אין דער געזעלשאַפטליכער. אין אַ פאַבריק פון שפּילקעס, ביי אַ טעכנישער פונאַנדערטיילונג פון דער ארבייט, קענען גאַנץ לייכט צען אַרבייטער פּראָדוצירען 48,000 שפּילקעס, ד. ה. 4,800 שפּילקעס אויף אַ מענשען; עס איז אבער זיכער, אַז אַן איינצעלנער ארבייטער, אַרבייטענדיג פאַר זיך אליין, קען מער ווי עטליכע אַ טאָג ניט פּראָדוצירען.

די ווירקונג פון די פאַרשיידענע פאָרמען פון דער פונאַנדערטיילונג פון ארבייט אויף דער פּראָדוקטיוויטעט, דערקלערט זיך אויפ׳ן פאָלגענדען אופן: ערשטענס, ווערט דירעקט געשפּאָרט אַ סך צייט; אויב אַ מענש דאַרף טאָן אַ סך פאַרשיידענע קליינע ארבייטען, איינע נאָך דער צווייטער, געהט ביי אים פשוט אוועק אַ סך צייט אויף איבערגעהן פון איין ארבייט צו דער צווייטער, אויף צופּאַסען די הענט אַלע מאָל צו אַנדערע אינסטרומענטען; צווייטענס, העלפט די צוטיילונג פון דער ארבייט דער אנטוויקלונג פון פלינקייט ביים ארבייטער. ווער עס טוט כסדר אַ סך פאַרשיידענע און קאָמפּליצירטע ארבייטען קען זיי קיין מאָל ניט טאָן אַזוי שנעל ווי יענער, וואָס פאַרנעמט זיך דעם גאַנצען לעבען מיט בלויז אַ פּאָר איינפאַכע ארבייטען. אויסער דעם גיט די צוטיילונג פון דער ארבייט אַ מעגליכקייט לייכטער צו מאַכען פאַרשיידענע ערפינדונגען און אויסבעסערונגען אין די געצייג. ווען אַ מענש ארבייט פיל יאָרען מיט די זעלבע געצייג, קען ער שנעלער צוטראַכטען ווי אַזוי זיי אמבעסטען צוצופּאַסען צו דער אַרבייט, און וועלכע ענדערונגען עס פאָדערען זיך אין זיי, אַ דאַנק אַט די אורזאַכען זיינען טאַקע ניט ווייניג אויסבעסערונגען אין געצייג געמאַכט געוואָרען דורך ארבייטער.

### 3. געזעלשאַפטליכע נוצליכקייט און געזעלשאַפטליכער ווערט.

דער רעזולטאַט פון דער פּראָדוקציע איז אַ געזעלשאַפטליכער פּראָדוקט. צי ער איז אַ מאַטעריעלער אָדער ניט, צי באַזיצט ער די

# פאָליטישע עקאָנאָמיע

אָדער אנדערע פיזישע, אָדער כעמישע אייגענשאפטען, האָט מיט דער עקאָנאָמישער וויסענשאפט ניט צו טאָן. זי איז א געזעלשאפטליכע וויסענשאפט און דער פּראָדוקט אינטערעסירט איר ערשטענס, ווייל די געזעלשאפט נויטיגט זיך אין אים, און צווייטענס, ווייל ער איז באשאפען געווארען דורך דער געזעלשאפטליכער ארבייט. זי זעהט דערפאר אין א פּראָדוקט צוויי אייגענשאפטען. זיין פעהיגקייט צו באפרידיגען א וועלכע עס איז געזעלשאפטליכע באדערפעניש, ד. ה. זיין געזעלשאפטליכע נוצליכקייט אָדער זיין געברויכס־ווערט, און די אויסגאבע פון דער געזעלשאפטליכער ארבייטס־ענערגיע, וואָס איז אוועק אויף אים צו באשאפען, ד. ה. זיין געזעלשאפטליכען ווערט. דאָס הייסט אלזאָ, אז א פּראָדוקט באזיצט געזעלשאפטליכע נוצליכקייט, אויב די געזעלשאפט נויטיגט זיך אין אים, און בלויז אזוי לאנג ווי זי נויטיגט זיך אין אים. אויב צ. ב. ש. די געזעלשאפטליכע באדערפעניש פון ברויט איז נאָך ניט צופרידענגעשטעלט, באזיצט ברויט א גרויסע געזעלשאפטליכע נוצליכקייט, אבער פארלירט דאָס אזוי שנעל ווי עס ווערט פּראָדוצירט מער ווי עס איז פאר דער געזעלשאפט באמת נויטיג.

דער כאראקטער פון דער געזעלשאפטליכער נוצליכקייט קען זיין זעהר פארשיידען. עס ווענדט זיך וואָס פאר א סאָרט געזעלשאפטליכע באדערפעניש דער פּראָדוקט באפרידיגט. די נוצליכקייט פון ברויט איז אן אנדערע, ווי די נוצליכקייט פון א האַק, אָדער פון א וויסענשאפטליכען בוך, אָדער פון א דראמאטישער פארשטעלונג און אז. וו. דער אונטערשייד אין נוצליכקייט איז אפּהענגיג אן דער קוואליטעט פון דער ארבייט, וועלכע ווערט פארברויכט צו באשאפען דעם באשטימטען פּראָדוקט. די ארבייט פון ערד־ארבייטער, פון פאבריק־ארבייטער, פון לערער, אָדער שרייבער, זיינען פארשיידענע סאָרטען ארבייט און באשאפען דערפאר פארשיידענע נוצליכקייטען, וועלכע דינען צו באפרידיגען פארשיידענע געזעלשאפטליכע באדערפענישען.

מען דאַרף ניט צוזאמענמישען די געזעלשאפטליכע באדערפעני־

## א. באָגדאַנאָוו

שען מיט די פּערזענליכע באַדערפֿעינישען פֿון די איינצעלנע מיטגלי־ דער פֿון דער געזעלשאַפֿט. די באַדערפֿעינישען פֿון די יחידים קענען אמאָל אפֿילו שטעהן אין א דירעקטען ווידערשפּרוך מיט די באַדער־ פֿעינישען פֿון דער געזעלשאַפֿט אַלס א גאַנצער; זיי קענען זיין אַנטי־ געזעלשאַפֿטליכע. אַזוינע זיינען צ.ב.ש. די באַדערפֿעינישען פֿון לוקסוס פֿון די ניט פּראָדוקטיווע קלאַסען, וואָס געהען ניט אריין אין דער סיסטעם פֿון די געזעלשאַפֿטליך נוצליכע ארבייט. אונטער געזעל־ שאַפֿטליכע באַדערפֿעינישען דאַרף מען פֿאַרשטעהן די באַדערפֿעינישען פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער פּ ר אָ ד ו ק צ י ע. פֿון דער געזעל־ שאַפֿטס קאַמף מיט דער נאַטור. בלויז דאַן ווען די צופֿרידענשטעלונג פֿון פּערזענליכע באַדערפֿעינישען איז נויטיג פֿאַר דער דערהאַלטונג פֿון דער פּראָדוקציע, ווערען זיי פֿאַררעכענט פֿאַר געזעלשאַפֿטליכע. פּער־ זענליך דאַרף קיינער ניט האָבען קיין מאַשינען, אָדער געציינ, אָדער אייזען־גרובען. פֿונדעסטוועגען באַפֿרידיגען זיי געזעלשאַפֿטליכע באַ־ דערפֿעינישען, ווייל זיי זייַנען נויטיג פֿאַר דער געזעלשאַפֿטליכער פּראָ־ דוקציע. בכלל קען זיך די עקאָנאָמישע וויסענשאַפֿט ניט פֿאַרנעמען דירעקט מיט די פּערזענליכע באַדערפֿעינישען פֿון מענשען. אויב זי מוז יאָ אמאָל זיי באַרירען, איז דאָס בלויז אויף אַזוי פֿיל, וויפֿיל זי באַ־ רירט אנדערע ניט עקאָנאָמישע ערשיינונגען, בלויז אין זייערע שיכות'ן מיט די עקאָנאָמישע, אין זייער ווירקונג אויף די לעצטע.

דער געזעלשאַפֿטליכער ווערט פֿון א פּראָדוקט איז דער סכום פֿון ארבייטס־ענערגיע, וואָס עס ק אָ ס ט דער געזעלשאַפֿט. דאָס קען פֿאָלגליך געמאָסטען ווערען מיט דער לענג און אָנגעשטרענגטקייט (אינטענסיוויטעט) פֿון דער ארבייט פֿון די מענשען, וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דער פּראָדוקציע פֿון דעם באַשטימטען פּראָדוקט. אויב צו באַשאַפֿען איין פּראָדוקט איז נויטיג דרייסיג שעה געזעלשאַפֿטליכע ארבייט, און 300 שעה פֿון מער אינטענסיווער ארבייט פֿאַר דער באַ־ שאַפֿונג פֿון א צווייטען, איז דאַן קלאָר, אז דער געזעלשאַפֿטליכער ווערט פֿון צווייטען פּראָדוקט, לויט נאָך דער סומע פֿון ארבייטס־ ענערגיע, וואָס איז אין אים פֿאַרקערפּערט, איז אַן ערך צוואַנציג מאָל אַזוי פֿיל ווי פֿון ערשטען.

# פאָליטישע עקאָנאָמיע

דער געזעלשאפטליכער ווערט איז ניט אפהענגיג אן דעם וויפיל ארבייט דער אדער יענער איינצעלנער ארבייטער וועט אויסגעבען אויף זיין באשאפונג. אויב א דאנק זיין אומאפהענגיגקייט, אדער ווייל ער האט ניט די נויטיגע געצייג, אדער צוליב אנדערע צופעליגע אורזאכען, וועט א געוויסער ארבייטער אויסגעבען אויף דער באשאפונג פון א פראדוקט פיל מער ארבייטס־ענערגיע, ווי עס ווערט געוויינליך אויסגעגעבען אין דער באשטימטער געזעלשאפט, אויף דער באשאפונג פון דעם באשטימטען פראדוקט, וועט דער געזעלשאפטליכער ווערט פון דעם פראדוקט ניט געהעכערט ווערען צוליב דעם. פונקט אזוי וועט דער ווערט ניט קלענער ווערען דורך דעם וואס א דאנק אויסערגעוויינליכע פעהיגקייטען פון א וועלכען עס איז ארבייטער, א דאנק נייע געצייג, וואס זיינען נאך ניט אריין אין אלגעמיינעם געברויך פון דער געזעלשאפט, וועט דער פראדוקט באשאפען ווערען מיט א פיל קלענערער אויסגאבע פון ארבייטס־ענערגיע. **דער געזעלשאפטליכער ווערט שטעלט מיט זיך פאר דעם סכום פון ארבייטס־ענערגיע, וועלכע איז נארמאל נויטיג פאר דער באשאפונג פון א געוויסען פראדוקט, ביי די געוויינליכע ארבייטס־באדינגונגען, וואס הערשען אין א געוויסער געזעלשאפט.**

עס איז דערפאר נויטיג צו אונטערשיידען צווישען דעם געזעלשאפטליכען אדער נארמאלען ווערט און דעם אינדיווידועלען און צופעליגען. צווישען דעם סכום פון ארבייטס־ענערגיע, וואס איז בכלל נויטיג, אויף א געוויסער שטופע פון דער געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג, און דעם וואס ווערט אויסגעגעבען צופעליג. דער עקאָנאָמישער וויסענשאפט אינטערעסירט בלויז דער נארמאלער ווערט, מיט דעם אינדיווידועלען ווערט קען זי זיך נאר אפגעבען אויף וויפיל דאס איז נויטיג, כדי צו פארשטעהן די ענדערונגען אין דעם נארמאלען.

באטראכטענדיג די קוואליטאטיוו פארשיידענע ארבייטען, יעדערע באזונדער, איז ניט שווער צו זעהן, אז מאנכע פון זיי זיינען מער קאמפליצירט און אנדערע מער איינפאך. אזוי צ. ב. ש. איז די ארבייט

## א. באָגדאַנאָוו

פון דעם געלערנטעו קאָמפּליצירטער, ווי די ארבייט פון דעם זייגער־מאכער, און די ארבייט פון זיינער־מאכער איז קאָמפּליצירטער, ווי די ארבייט פון שוסטער א. אז. וו. מיר מוזעו האבעו איו זינעו דעם גראד פון קאָמפּליצירטקייט פון דער ארבייט, בשעת מיר פאַרשעו אוים דעם געזעלשאפטליכען ווערט פון א פּראָדוקט.

די פאַרשיידענע סאָרטען ארבייט מיט זייערע פארשיידענע גראַדעו פון קאָמפּליצירטקייט זיינען די רעזולטאַטען פון דער אומגלייכער ערציהונג פון די ארבייטער און פאַלגליך דער אומגלייכער אנטוויקלונג פון זייערע אָרגאַניזמען. א מער קאָמפּליצירטע ארבייט געהערט צו א מער אנטוויקעלטען אָרגאַניזם, אז איינפאכערע — צו א ווענינער אנטוויקעלטען. עס איז אבער קלאָר, אז א מער אנטוויקעלטער אָרגאַניזם גיט אויך מער ארבייטס־ענערגיע אין דער זעלבער צייט, ווי א ווענינער אנטוויקעלטער. דערפאר מוז די מער קאָמפּליצירטע ארבייט באטראַכט ווערען אלס א גרעסערע אויסגאבע פון ארבייטס־ענערגיע, ווי די איינפאכע, אזוי צ. ב. ש. קען א שעה ארבייט פון א געלערנטען אפשר פארגליכען ווערען צו דריי שעה פון א בעל־מלאכה, אדער 12 שעה פון א פּראָסטען ארבייטער.

מיט'ן טערמין „פּראָסטע ארבייט" וועלען מיר אויף ווייטער באַצייכענען די איינפאכסטע פארמען פון דער פּראָדוקטיווער ארבייט, וועלכע עקזיסטירט אין א געוויסער געזעלשאפט. ביים פארגלייכען פון די פּרייזען שטעלט מיט זיך פאר פּראָסטע ארבייט די נאַטירליכע מאָס, אויף וועלכע די מער קאָמפּליצירטע ארבייט קען רעדוצירט ווערען. דער נאַטירליכער אויסגאַנגס־פּונקט פאר דער ארבייטס־ענערגיע איז א שטונדע פון פּראָסטער ארבייט, פון אלגעמיינער דורכשניטליכער אנשטרענגונג. אויב אויף צו שאַפען א געוויסען פּראָדוקט איז אוועקגעגאַנגען הונדערט שעה פון אזא סאָרט קאָמפּליצירטער און אינטענסיווער ארבייט, אין וועלכער דער פארלוסט פון ארבייטס־ענערגיע פון איין שטונדע קען פארגליכען ווערען מיט דער ארבייטס־ענערגיע פון צען שעה פּראָסטע ארבייט פון דורכשניטליכער אינטענסיוויטעט, וועט דער געזעלשאפטליכער ווערט פון דעם פּראָדוקט אויסגעדריקט ווערען אין טויזענט ארבייטס־שטונדען א. אז. וו. עס פארשטעהט זיך, אז

פאַר געזעלשאַפטען, וואָס שטעהען אויף פאַרשיידענע שטופען פון אנטוויקלונג וועט דער אויסגאַנגס־פונקט (איין שעה) פון ארבייטס־ענערגיע, זיין גאַנץ פאַרשיידען.

דער אויסדרוק „פּראָסטע ארבייט" איז דאַ אַנגעווענדעט אביסעל אנדערש ווי עס איז געוויינליך אָנגענומען אין דער וויסענשאַפט. געוויינליך ווערט אונטער'ן טערמין „פּראָסטע ארבייט" פאַרשטאַנען אזאַ סאָרט ארבייט אויף וועלכער עס איז פעהיג יעדער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט, מיט דורשכניטליכען געזונט, גאָר ניט געלערענטערהייט. דאָס איז אַ זעהר אבסטראַקטע פאָרמולע, און איז אפילו ניט אינגאַנצען קלאָר. („גאָרניט געלערנטערהייט" קען מען גאָרנישט טאָן).

עס איז קלאָר אַז וואָס מער עס וואַקסט אויס די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט אין אַ געוויסער אינדוסטריע, אלץ ווייניגער ארבייטס ענערגיע פאָדערט זיך אויף צו שאַפען אַ באַשטימטען פּראָדוקט, און זיין ווערט מוז דערפאַר ווערען נידעריגער.

די געזעלשאַפטליכע נוצליכקייט פון אַ פּראָדוקט, אלזאָ, איז זיין פעהיגקייט צו באַפרידיגען אַ געזעלשאַפטליכע באַדערפעניש. זיין געזעלשאַפטליכער ווערט אבער איז דער סכום ארבייטס ענערגיע, וועלכע די געזעלשאַפט מוז אויסגעבען אויף אים צו פּראָדוצירען, אונטער באַשטימטע פּראָדוקציאָנס באַדינגונגען.

די אויסדרוקען „געזעלשאַפטליכער" אָדער „נאָרמאַלער" ווערט, ווערען ניט זעלטען פאַרביטען דורך דעם אויסדרוק „ארבייטס־ווערט" אָדער פשוט „ווערט".

## אַן איבערבליק איבער די אלגעמיינע באַגריפען.

1) די עקאָנאָמישע וויסענשאַפט איז איינע פון די געזעלשאַפטליכע וויסענשאַפטען. זי פאָרשט אויס, ערשטענס די פּראָדוקציע, ד.ה. די געזעלשאַפטליך נוצליכע ארבייט איבערהויפּט טאָקע פון איר געזעלשאַפטליכער זייט — די שיכות'ן צווישען מענשען; צווייטענס, די צוטיילונג פון די רעזולטאַטען פון דער פּראָדוקציע. די פּראָדוקציאָנס

און פונאנדערטיילונגס־שיכות'ן פון מענשען פארשט זי אויס אין זיי־ערע ענדערונגען, אין זייער אנטוויקלונג און אונטערגאנג.

2) די גרונט פראגען בנוגע דער געזעלשאפטליך־נוצליכער אר־בייט זיינען, איר קוואליטעט, קוואנטיטעט און פראדוקטיוויטעט.

די קוואליטעט פון דער געזעלשאפטליכער ארבייט, אדער די אנ־ווענדונג פין דער אויסגאבע פון דער ארבייטס ענערגיע ווערט דירעקט באשטימט, ערשטענס דורך די געזעלשאפטליכע באדערפענישען ; צוויי־טענס, דורך די געזעלשאפטליכע פראדוקציאנס מיטלען, און דריטענס. דורך דער מאס ארבייטס קראפט וואס די געזעלשאפט פארמאגט. יעדע איינע פון אט די באדינגונגען ווערט אליין באשטימט דורך דער גאנצער פריהערדיגער געשיכטע פון דער געזעלשאפט.

די קוואנטיטעט פון דער געזעלשאפטליכער ארבייט איז אפהענ־גיג פון דער מאס געזעלשאפטליכע ארבייטס כחות וואס באטייליגען זיך אין דער פראדוקציע, פון דער לייננג פון דער ארבייטס צייט און פון דער אינטענסיוויטעט פון דער ארבייט. יעדע איינע פון די אויסגע־רעכענטע עלעמענטען, איז ווייטער, אליין אפהענגיג פון דעם גאנצען סכום פון פארגאנגענע און געגענווערטיגע געזעלשאפטליכע באדינגונ־גען.

די פראדוקטיוויטעט אדער דער ערפאלג פון דער געזעלשאפטלי־כער ארבייט ווערט באשטימט, ערשטענס, דורך דער נאטירליכער סביב; אין וועלכער די געזעלשאפט לעבט ; צווייטענס, דורך דעם צושטאנד פון דער טעכניק, ד.ה. דורך די פעהיגקייטען פון די מענשען צו באנו־צען זיך פאר זייערע צוועקען מיט די נאטור כחות, און דריטענס, דורך דער סיסטעם פון דער געזעלשאפטליכער ארבייט, ווי די אנטוויקלונג פון צוזאמענארבייטען, די צוטיילונג פון דער ארבייט א. אז. וו.

3) דער רעזולטאט פון דער פראדוקציע — דער פראדוקט, פאר־מאגט צוויי געזעלשאפטליכע אייגענשאפטען, וואס זיינען אומאפ־הענגיג פון זיינע נאטירליכע אייגענשאפטען ; דאס זיינען זיין געזעל־שאפטליכע נוצליכקייט און געזעלשאפטליכער ווערט. זיין געזעל־שאפטליכע נוצליכקייט באשטעהט אין דעם וואס דער פראדוקט קען באפרידיגען א וועלכע עס איז געזעלשאפטליכע באדערפעניש. זיין

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

געזעלשאַפטליכער ווערט שטעלט מיט זיך פאַר די מאָס אַרבייטס־ענערגיע וואָס די געזעלשאַפט האָט געמוזט אויסגעבען כדי אים צו פּראָדוצירען. ביים פאַרגלייכען דעם ווערט פון פּראָדוקטען איז דער אויסגאַנגס־פּונקט א שעה פון איינפאַכסטער אַרביים, וואָס עקזיסטירט אין א געוויסער געזעלשאַפט. און דערצו דאַרף דאָס זיין אַרבייט פון דורכשניטליכער אָנשטרענגונג.

### די צוטיילונג און די אָרדנונג פון דער עקאָנאָמישער וויסענשאַפט.

די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס און פונאַנדערטיילונגס שיכות'ן ענדערען זיך שטופּענווייז, איינע נאָך דער צווייטער, ביסלעכווייז. קיין שנעלער איבערגאַנג איז דאָ ניטאָ, קיין שאַרפע גרענעצען צווישען איין צושטאַנד און דעם צווייטען קען מען ניט באַמערקען.

פונדעסטוועגען, ווען מיר פאַרשען אויס דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון א וועלכער עס איז געזעלשאַפט קען מען אין די מערסטע פאַלען איר געשיכטע צוטיילען אין עטליכע פּעריאָדען וועלכע אונטערשיידען זיך צווישען זיך גאַנץ באַדייטענד, אין דעם געבוי פון די הערשענדע געזעלשאַפטליכע שיכות'ן, וועלכע זיינען גאַנץ אָפט שאַרף אָפּגעטיילט איינס פון דאָס צווייטע.

פון גרעסטען אינטערעס פאַר אונז איז דער גאַנג פון אַנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטען וואָס זיינען אַריינגערעכנט צווישען די „ציוויליזירטע" פון אונזער צייט, זיי זיינען גלייכצייטיג אויך אַמערסטענס אויסגעפאָרשט געוואָרען פון דער וויסענשאַפט.

אין אַלגעמיינע שטריכען, איז דער אַנטוויקלונגס־וועג פון אַט די געזעלשאַפטען אומעטום דער זעלבער. אין דער איצטיגער צייט באַמערקען זיך צוויי הויפּט פאַזען וואָס זיינען אין פאַרשיידענע פאַלען פאַרגעקומען פאַרשיידען אין זייערע איינצעלהייטען, בעצם אַבער זיינען זיי כמעט דיזעלבע אומעטום.

1) די פּרימיטיווע נאַטירליכע ווירט־

## א. באַגדאַנאָוו

ש א פ ט. די באזונדערהייטען מיט וואָס אַט דער צושטאַנד ווערט כאַראַקטעריזירט זיינען, די שוואַכקייט פון דעם געזעלשאַפטליכען מענשען אין זיין קאַמף מיט דער נאַטור, די ענגקייט פון די באזונדערע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, די איינפאַכקייט פון די געזעלשאַפטליכע שיכות'ן, די אַפּוועזענהייט אדער אומבאַדייטענדע אַנטוויקלונג פון אויסטויש, און די לאַנגזאַמקייט מיט וועלכער עס פלעגען פאַרקומען ענדערונגען אין די געזעלשאַפטליכע פאַרמען.

אין אַט דעם פעריאָד דאַרף מען אונטערשיידען דריי באַזונדערע מדרגות:

א) ד ע ר פ א ר צ י י ט י ג ע ר פ א מ י ל י ע ן ־ ק א מ ו ־ נ י ז ם ; דער העכסטער גראַד פון הערשאַפט פון דער נאַטור איבער'ן מענשען, די אומזיכערקייט פון דער מענשליכער עקזיסטענץ; די אָר־גאַניזאַציע פון דער ארבייט איז געבויט אויף ענגער בלוט קרובה'־שאַפט צווישען מענשען.

ב) ד י פ א ט ר י א ר כ א ל ע ־ פ א מ י ל י ע ן ס י ס ־ ט ע ם. עס עקזיסטירען שוין אזוינע מיטלען פון קאַמף פאַר עק־זיסטענץ וואָס פאַרזיכערען דאָס לעבען (ערד ארבייט, פיה־צוכט.); די געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציע פון דער ארבייט ווערט אויסגעברייטערט, הגם זי געהט נאָך אַלץ ניט ארויס פון די ראַמקעס פון קרובה'־שאַפט; אין דער פּראָדוקציע זונדערט זיך אָפּ די אָרגאַניזאַטאָרישע ארבייט, וועלכע גיט איין יחיד די מאַכט איבער אַלע אנדערע יחידים וואָס שטעלען צוזאַמען די משפחה־גרופּע. דורך דעם ווערט געשאַ־פען די מעגליכקייט פאַר עקספּלואַטאַציע, הגם אין דער צייט איז זי, א דאַנק דער באַשרענקטקייט פון דער פּראָדוקציע בכלל, זעהר באַ־גרענעצט.

ג) ד י פ ע א ד א ל ע א ר ד נ ו נ ג. דורך דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון דעם געזעלשאַפטליכען כח פון מענשען, באַשרענקט זיך שוין ניט די אָרגאַניזאַציע פון דער ארבייט, אויף פאַמיליע־באַציהונגען, דער ענגער צוזאַמענבונד צווישען די מיטגלידער ווערט קלענער מיט איר אויסברייטונג, די קליינע פאַמיליע־גרופּען וואָס שטעלען דאָן צוזאַמען די אָרגאַניזאַציע פון ארבייט גיסען זיך ניט

צונויף אַלע איז איינעם. נאָר זיי בלייבען מער אָדער ווייניגער זעלבסטשטענדיג. די אָרגאַניזאַטאָרישע ארבייט געהט טיילוויז איבער צו די עלטסטע מיטגלידער פון אַט די קליינע גרופּען, און טיילוויז פאַרבלייבט דאָס פאַר דעם אָרגאַניזאַטאָר־פּעאָדאַל, וועלכער פאַראייניגט זיי אַלעמען. די עקספּלואַטאַציע ווערט אַ סיסטעם, זי געפינט אבער איר גרענעץ אין די באַגרענעצטע באַדערפענישען פון דער הערשענדער גרופּע.

2) דיווירטשאַפט אויפ׳ן יסוד פון אויסבייטען פּראָדוקטען. די גרויס פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציע אַזוי גוט ווי די פאַרשיידענאַרטיגקייט פון אירע עלעמענטען וואַקסען אויס. די געזעלשאַפט שטעלט שוין מיט זיך פאַר אַ קאָמפּליצירטען גאַנצען, וואָס באַשטעהט פון באַזונדערע אָרגאַניזירטע גרופּען, וואָס זיינען צווישען זיך פאַרבונדען דורך דער אומאָרגאַניזירטער צוטיילונג פון דער ארבייט. פון די פונאַנדערטיילונגס־שיכות׳ן שפּילט די הויפּט ראָליע דער אויסבייטען פון פּראָדוקטען. דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט ווערט שנעלער.

דעם פּעריאָד דאַרף מען צוטיילען אויף צוויי מדרגות:

1) די קליין בורזשואַזע אָרדנונג. איהר כאַראַקטעריסטישער שטריך זיינען די קליינע באַזונדערע ווירטשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס. די פּראָדוקציאָנס־מיטלען געהערען צו די, וואָס באַנוצען זיי דירעקט, און אַ דאַנק דעם איז קיין עקספּלואַטאַציע גאָר ניטאָ, אָדער זי איז שוואַך אַנטוויקעלט.

2) די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג. די גרויסקייט און קאָמפּליצירטקייט פון דער פּראָדוקציע, און צוזאַמען דערמיט אויך די מאַכט פון דעם געזעלשאַפטליכען מענשען איבער דער נאַטור. וואַקסט שוין איצט אויס צו אַן אומגעהערטער גרויס. צו אַן אומגעהערטער גרויס דערגרייכט אָבער אויך די מאַכט איבער דעם מענשען פון די געזעלשאַפטליכע שיכות׳ן, וואָס ווערען איצט אויסערגעוויינליך קאָמפּליצירט. דער פונדאַמענט פון די שיכות׳ן ווערט די

פרייע לוין־ארבייט. דער אנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט ווערט אויסערגעוויינליך פאַרשנעלערט.

3) **די סאָציאַל אָרגאַניזירטע ווירטשאַפט — די נאָך ניט דערגרייכטע שטופע פון אַנט־וויקלונג***). די גרויסקייט און קאָמפּליצירטקייט פון דער פּראָדוק־ציע־האַלטען אַלץ אין וואַקסען, אָבער די פאַרשיידענאַרטיגקייט פון די עלעמענטען ווערען אריבערגעטראָגען אויף די פּראָדוקציאָנס־ווערקצייג און אויף די פּראָדוקציאָנס־מעטאָדען. די מיטגלידער אָבער פון דער גע־זעלשאַפט אנטוויקלען זיך אַלץ מער אין דער זייט פון איין־ארטיגקייט. די פּראָדוקציע און די פאַרטיילונג פון פּראָדוקטען זיינען צוועקמעסיג אָרגאַניזירט דורך דער געזעלשאַפט גופא, אין איין איינהייטליכער גאַנ־צער סיסטעם, וואָס ווייס ניט פון פונאַנדערברעקלונג, ווידערשפּרוכען און אנאַרכיע. דער אנטוויקלונגס־פּראָצעס ווערט נאָך מער פאַרשנע־לערט.

ביז אַ געוויסען גראַד באַזונדער פון דעם אַלגעמיינעם אנטוויק־לונגס־פּראָצעס פון די געגענוווערטיגע קולטורעלע געזעלשאַפטען, דאַרף מען אוועקשטעלען דאָס לעבען פון דער **קלאַסישער וועלט** מיט אירע באַזונדערע טענדענצען, וואָס האָט געבראַכט צו די אמערם־טענס פאַרענדיגטע פאָרמען פון עקספּלואַטאַציע פון דער שקלאַפען־ארבייט, און צו דעם אונטערגאַנג, וואָס איז געקומען דערנאָך.

אַנאַליזירענדיג די געזעלשאַפטליכע שיכות'ן פון יעדען באַזונ־דערען פּעריאָד, איז נויטיג זיך קלאָר צו מאַכען **וואָרום און אויף וועלכען אופן** איז דאָס אנטשטאַנען, **וואָרום און אויף וועלכען אופן** האָט זיך דאָס געענדערט, ווען די געזעלשאַפט איז איבערגעגאַנגען צו נייע שיכות'ן.

אַ דאַנק דער אומצוטיילבאַרער פאַרבינדונג פון די עקאָנאָמישע ערשיינונגען מיט די רעכטליכע און אידעאָלאָגישע, קען די עקאָנאָמישע

---

*) דעם אָנהויב פון דער דאָזיגער מדרגה זעהען מיר שוין איצטער אין דער קאָמוניסטישער רוסלאַנד.

(רעדאַקטאָר).

# פאליטישע עקאנאמיע

וויסענשאפט ניט פארשוויינען די פראגע וועגען דער געגענזייטיגער פארבינדונג, אין וועלכער עס געפינט זיך די אנטוויקלונג פון אט די דריי אפטיילונגען פון מענשליך־געזעלשאפטליכען לעבען.

די עקאנאמישע וויסענשאפט קען צוטיילט ווערען אויף פאליטישער עקאנאמיע און עקאנאמישער פאליטיק. די פאליטישע עקאנאמיע איז די לערע וועגען די אורזאכען פון די ענדערונגען אין די געזעלשאפטליכע שיכות'ן, און די עקאנאמישע פאליטיק איז די לערע וועגען די מיטלען און מעטאדען פון אט די ענדערונגען.

## וועגען דער מעטאדע פון דער עקאנאמישער וויסענשאפט.

די עקאנאמישע וויסענשאפט איז איינע פון די געזעלשאפטליכע וויסענשאפטען, כדי צו געבען א באגריף וועגען איר מעטאדע, וועט זיין אמבעסטען פריהער פון אלץ צו באווייזען וועלכע מעטאדען עקזיסטירען פאר דער וויסענשאפט בכלל, מיט וואס אונטערשיידען זיך די מעטאדען פון די געזעלשאפטליכע וויסענשאפטען און צום לעצט. וואס זיינען די באזונדערהייטען פון דער מעטאדע פון דער עקאנאמישער וויסענשאפט.

עס זיינען דא צוויי פונדאמענטאלע אלגעמיינע וויסענשאפטליכע מעטאדען: די אינדוקטיווע און די דעדוקטיווע.

די אינדוקטיווע מעטאדע איז די, וואס זוכט פון איינצעלנע באאבאכטונגען און ערפארונגען צו ציהען אלגעמיינע שלוסען, פון א רייהע אזעלכע שלוסען ווערען געמאכט אנדערע, פון א מער אלגעמיינעם כאראקטער א. אז. וו. ביז די העכסטע גענעראליזאציעס פון דער וויסענשאפט.

א פארשער האט עטליכע מאל באמערקט, אז די אקס פון א וואגען הויבט אן ברענען, ווען דער וואגען באוועגט זיך, דערפון קומט ער צום שלוס, אז „פון רייבונג צינדט זיך אן די אקס", דאס איז דער ערשטער באזונדערער שלוס פון א רייהע באזונדערע פאקטען. דער שלוס האט זיך באקומען א דאנק דער געמיינשאפטליכקייט פון די ערשיינונגען,

# א. באָגדאַנאָוו

ד. ה. באטראכטענדיג די באזונדערע ערשיינונגען, האָט זיך אָנגעהויבען פון זיי אויסטיילען דאָס, וואָס איז זיי אַלעמען געמיינשאַפטליך. נאָך שטארקער און צווייפעל־לאָזער וועט אָט דער שלוס ווערען, אויב ער וועט קענען באווייזען ווערען אויך אויף א צווייטען וועג, דורך דעם אונטערשייד אין די ערשיינונגען; אויב מען פאַרענדערט די רייבונגס־קראַפט, מען פאַרקלענערט איר, אָדער מען פאַרגרעסערט, מען באַשמירט מיט א וועלכער עס איז פעטקייט די אַקס, אָדער מען מאַכט נאָך ענגער די עפענונג אין וועלכער די אַקס דרעהט זיך, געפינען מיר אז אין ערשטען פאַל ווערט די היץ קלענער, אין צווייטען גרעסער. פאַלגליך הייסט עס, אז די אורזאַכע פון דעם, וואָס די אַקס ווערט הייס אָדער צינדט זיך אָן, איז טאַקע די רייבונג.

אויף דעם זעלבען אופן אנטשטעהען א גאנצע רייהע ענליכע גענעראַליזאַציעס. טיילען פון א מאַשין דערוואַרימען זיך, ווען זיי רייבען זיך איינס אָן דאָס צווייטע; א זעג, פון דעם וואָס זי רייבט זיך אָן די האָלץ, וואָס זי זעגט; דורך רייבען איין שטיק האָלץ אָן א צווייטען באַקומט דער ווילדער מענש פייער. דער רעזולטאַט איז, אז מיר קומען צו א שלוס פון א מער אַלגעמיינעם כאראַקטער: „קערפּערס ווערען הייס דורך רייבונג".

ווייטער ווייזט זיך ארויס, אז אָן אָנוואַרעמונג קומט אויך פאָר בשעת א געוויסע באַוועגונג ווערט אָפּגעשטעלט. צ. ב. ש., ווען א קויל שלאָגט זיך אָפּ אָן וואַנט, ווערט זי וואַרעם. ווען עס זיינען דאָ רייבונגען, איז אויב די באַוועגונג שטעלט זיך ניט אָפּ אינגאַנצען, ווערט זי אבער לאַנגזאַמער, שוואַכער, מיט איין וואָרט, א געוויסער טייל פון איר ענערגיע פאַרשווינדט. דאָס אַלגעמיינע אין אָט די אַלע פאַלען איז דאָס, וואָס די באַוועגונג פאַרשווינדט, טיילווייז אָדער אינגאַנצען, פון א סך אַזוינע גענעראַליזאַציעס אנטשטעהט דער פאָלגענדער אַלגעמיינער שלוס: „וואו עס פאַרשווינדט די באַוועגונג, אנטוויקעלט זיך וואַרעמקייט". אָדער „באַוועגונג (מעכאַנישע) געהט איבער אין וואַרעמקייט".

אנדערע אויספאָרשונגען האָבען באוויזען, אז אויך ליכט און עלעקטריציטעט קענען פאַרוואַנדעלט ווערען אין וואַרעמקייט און אין

מעכאנישער באוועגונג און פארקערט. דערפון אנטשטעהט דער אל־געמיינער געזעץ: „אלע מינים פון ענערגיע (אלע טיפען פון ענדערונגען, וועלכע קומען פאר אין דער נאטור) קענען איבערגעהן פון איינס אין דאס צווייטע.“

אט אזוי געהט די אינדוקציע, שטיצענדיג זיך אויף באאבאכטונגען און ערפארונגען, פון דאס איינצעלנע צו דאס אלגעמיינע.

די דעדוקציע געהט אויף דעם פארקערטען וועג. האבענדיג פאר זיך אלגעמיינע באגריפען, ציהט זי פון זיי שלוסען פון מער איינצעלנעם כאראקטער, אזוי, אז אויב צ. ב. ש. עס איז באוואוסט, אז אלע מינים ענערגיע געהען איבער איינער אין דאס צווייטע, איז ווען דער פארשער באגעגענט זיך מיט א נייעם, נאך ניט אויסגעפארשטען מין פון ענערגיע, נעמט ער גלייך אן, אז אויך אט דער מין קען איבערגעהן אין א צווייטען.

אבער אלס פונדאמענט פון דער דעדוקציע דינט שטענדיג די אינדוקציע, ווייל די אלגעמיינע באגריפען פון וועלכע די באזונדערע איינצעלנע שלוסען ווערען געצויגען, זיינען אליין דער רעזולטאט פון דער אינדוקציע.

די געזעלשאפטליכע וויסענשאפטען, באנוצענדיג זיך מיט די זעלבע צוויי מעטאדען, ווי אלע אנדערע וויסענשאפטען, אונטערשיידען זיך פון יענע דערמיט, וואס זיי באטראכטען די ערשיינונגען פון א געזעלשאפטליכען שטאנדפונקט. עס וואלט ניט ריכטיג זיין, ווען מיר זאלען זאגען, אז די געזעלשאפטליכע וויסענשאפטען פארנעמען זיך בלויז מיט דער געזעלשאפט, ניין, גאנץ אפט נעמען זיי אין זיך אריין אויך ערשיינונגען, וואס זיינען ניט קיין געזעלשאפטליכע, זיי ווערען אבער אויסגעפארשט בלויז אין זייער שיכות צו דעם לעבען פון דער געזעלשאפט, בלויז אין זייער ווירקונג אויף דער געזעלשאפט. אזוי צ. ב. ש. הויבט זיך כמעט אימער אן די באשרייבונג פון דעם לעבען פון א וועלכען עס איז פאלק, מיט דער באשרייבונג פון די נאטור־באדינגונגען אין וועלכע ער לעבט; אבער אט די באדינגונגען ווערען ניט ארומגערעדט אין זייער גאנצקייט, נאר בלויז אויף אזוי פיל ווי פיל עס איז נויטיג כדי צו פארשטעהן די אנטשטעהונג פון די

# א. באַגדאַנאָוו

באזונדערע אייגענשאפטען פון דעם פאלק. עס האט ניט קיין זין צו שטודירען דעם געזעלשאפטליכען לעבען פון מצרים און איגנארירען די פעריאדישע פארפלייצונגען פון ניל. אבער אט דער ניט געזעל־שאפטליכער פאקט, ווערט דאן גענומען אין אנבעטראכט בלויז פון א געזעלשאפטליכען שטאנדפונקט, אויף וויפיל ער ווירקט אויפ'ן לע־בען פון דער מצרי'שער געזעלשאפט, ניט קימערענדיג זיך גאר צ. ב. ש. וועגען דער אסטראנאמישער דערקלערונג פון אט דער ערשיינונג.

אבער די געזעלשאפטליכע וויסענשאפטען זיינען קאמפליצירטע און דער געזעלשאפטליכער בליק אויף דער אויסערליכער נאטור קען אנגעווענדט ווערען אויף פארשידענע אופנים. איין טייל פון דער גע־זעלשאפטליכער וויסענשאפט, די לערע וועגען דער מאטעריעלער קול־טור, שטודירט אלע פאקטען פון שטאנדפונקט פון זייער דירעקטען שיכות צו דעם קאמף פון דער געזעלשאפט מיט דער נאטור. אויב דער וויסענשאפט קומט אמאל אוים צו בארירען צ. ב. ש. די געשיכטע פון אידעען, איז דאס בלויז כדי פעסטצושטעלען ווי אזוי האבען אט די אידעען געווירקט אויף דעם ווייטערען קאמף, וואס די געזעלשאפט פירט געגען דער אויסערליכער נאטור. א צווייטער טייל, — די עקא־נאמישע וויסענשאפט, שטודירט אלע ערשיינונגען פון שטאנדפונקט פון די שיכות'ן, וועלכע אנטשטעהען צווישען מענשען אין זייער קאמף פאר'ן לעבען. אויב אט די לעצטע וויסענשאפט בארירט פראגען פון דער מאטעריעלער קולטור, איז דאס בלויז כדי אויסצוגעפינען, וואס פאר א ווירקונג האבען געהאט די געוויסע טעכנישע באדינגונגען אויף די ענדערונגען פון די געגענזייטיגע שיכות'ן פון די מענשען. די לערע וועגען דער גייסטיגער קולטור שטודירט אלץ, וואס האט א שיכות צו די געזעלשאפטליכע מיטלען פון דענקען און וויסען.

די באזונדערהייט פון דער מעטאדע פון דער עקאנאמישער ווי־סענשאפט באשטעהט אלזא אין דעם, וואס אין אלע ערשיינונגען אינ־טערעסירט איר בלויז איין זאך: וואס פאר א באדייטונג האט עס פאר די געגענזייטיגע שיכות'ן צווישען מענשען, אין דעם קאמף מיט דער נאטור.

די פונדאמענטאלע, ערשטע אורזאכען פון יעדער ערשיינונג לי־

גען *דרויסען פון איר אליין*, דאס איז גילטיג אויך פאר דער עקאנאמיק, דערפאר איז דורכאויס נויטיג, שטודירענדיג די עקאנאמישע פאקטען, צו דערקלערען זייער אנטשטעהונג דורך אנדערע, ניט־עקאנאמישע פאקטען. דערפאר טאקע וועלען מיר ווייטער רעדען ניט בלויז וועגען די פראדוקציאנס־שיכות'ן פון מענשען, נאר אויך וועגען דער טעכניק אלס אורזאך פון די עקאנאמישע ענדערונגען; מיר וועלען אויך מוזען רעדען וועגען דער גייסטיגער קולטור אלס א וויכטיגען פאקטאר, וואס הגם ער שטאמט אפ פון אנדערע (א „דעריוואטיווען" פאקטאר), האלט ער פארט אפ אדער פארשנעלערט דעם גאנג פון די עקאנאמישע ענדערונגען פון לאנד, און באשטימט אין א געוויסען זין אפילו די פארמע פון די ענדערונגען, הגם ער קען זיי ניט ארויסרופען זעלבסטשטענדיג.

די קאמפליצירטקייט פון די געזעלשאפטליכע ערשיינונגען מאכט אפט כמעט אוממעגליך צו באנוצען זיך אין דער עקאנאמישער וויסענשאפט מיט דער אינדוקטיווער מעטאדע, וועלכע איז אמבעסטען צוגעפאסט צו איינפאכע, ניט קאמפליצירטע, פאקטען. דער עקאנאמיסט מוז זיך דאן ארויסהעלפען דורך דער דעדוקציע, אין דער פארמע פון דער אזוי גערופענער *אבסטראקטער מעטאדע*. דער פארשער פרובירט זיך פארשטעלען א באשטימטע זייט פון א געזעלשאפטליכער ערשיינונג אין איר סאמע ריינער און איינפאכער פארמע, און נאכהער פירט ער אריין אין געדאנק פארשיידענע נייע ווירקונגען, און פרובירט לאגיש אויסגעפינען, וואס פאר א ענדערונגען וועלען מוזען, א דאנק דעם, פארקומען. אזוי צ. ב. ש. באטראכטענדיג די געגענווערטיגע געזעלשאפט, קען מען אנהויבען מיט פארשטעלען זיך, אז אין איר הערשט א פולשטענדיגע פרייע קאנקורענץ פון אונטערנעמונגען, און זוכען צו געפינען וואס פאר א ענדערונגען עס מוזען אין איר פארקומען. נאכהער דארף מען נעמען אין אנבאטראכט די פארשיידענע שטערונגען, וואס די קאנקורענץ האט, און זעהן ווי אזוי דארפען זיי ווירקען אויף דעם גאנג פון אט די ענדערונגען.

עס איז נויטיג נאך צו זאגען עטליכע ווערטער מכח דער שטופע

# א. באָגדאַנאָוו

פון אנטוויקלונג, אויף וועלכער די עקאָנאָמישע וויסענשאפט געפינט זיך. אַט די שטופע איז ניט קיין זעהר הויכע, עס זיינען דערוויילגעמאכט געוואָרען בלויז די ערשטע טריט, הגם דאָס זיינען גלייכצייטיג אויך די שווערסטע טריט. די עקאָנאָמישע וויסענשאפט איז נאָך זעהר יונג, זי איז געבוירען געוואָרען ניט פריהער ווי אין 17טען יאָר־הונדערט.

עס זיינען געווען צוויי גרונט־אורזאכען פאַר אַזא שפעטער געבורט און שוואכער אנטוויקלונג פון דער עקאָנאָמישער וויסענשאפט. די ערשטע, מער אלגעמיינע אורזאכע, איז די געוואלדיגע קאָמפּליצירטקייט, און פאָלגליך די געוואלדיגע שוועריגקייט פון דער דערקענטעניש פון די סאָציאלע ערשיינונגען. די צווייטע אורזאכע איז, וואָס דער אינטערעס גופא פאַר דער עקאָנאָמישער וויסענשאפט האָט זיך אָנגעהויבען אנטוויקלען ערשט ניט לאַנג. די אויפמערקזאמקייט פון דעם פאָרשענדען גייסט ווערט פריהער פון אלץ צוגעצויגען צו יענע זייטען פון לעבען, וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער שנעלער באַוועגונג, מיט די אָפטע ענדערונגען פון זייערע פאָרמען, מיט דעם שטורעמדיגען גאַנג פון זייער אנטוויקלונג. די פאַר־קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפטליכע פאָרמען האבען זיך אויסגעצייכענט איבערהויפט מיט דער לאנגזאמקייט פון זייער באוועגונג, מיט זייער שטופענווייזער אנטוויקלונג. בלויז די בורזשואזע וועלט, מיט איר פיבערהאפט־שנעלען לעבענס־גאַנג, מיט דער מאַסע ווידערשפּרוכען, וואָס שווימען אַרויס אויף איר אויבערפלאַך אלץ אָפטער און שאַרפער, האָט געקענט באַשאפען א טיפען און לעבעדיגען אינטערעס פאַר דער אויספאָרשונג ־יין די עקאָנאָמישע ערשיינונגען.

## צווייטער קאפיטעל.

# דער פארצייטיגער משפחה־קאמוניזם.

די פאקטען אויף וועלכע מיר שטיצען זיך בשעת מיר טרעטען צו צו דער אויספארשונג פונ'ם לעבען פון די פארצייטיגע מענשען, קענען ניט באצייכענט ווערען אלס רייכע. קיין שום ליטעראטור איז פון יענער צייט ניט פארבליבען, ווייל זי האט דעמאלט גאר ניט עקזיסטירט. די איינציגע עדות פון יענער ווייטער פעריאדע זיינען די ביינער, געצייג א. אז. וו., וואס מיר געפינען אין דער ערד.

עס איז דא נאך א זעהר וויכטיגער קוואל, וואס מיר קענען אויסנוצען פאר דער אויספארשונג פונ'ם לעבען פון די פארצייטיגע מענשען, דאס איז דאס לעבען, די שיכות'ן און געוואוינהייטען פון די געגענווערטיגע ווילדע שבטים, איבערהויפט די וואס געפינען זיך נאך אויף א גאר נידעריגער שטופע פון אנטוויקלונג.

באנוצענדיג זיך אבער מיט דעם קוואל, מוז מען זיין זעהר פארזיכטיג אין די שלוסען וועלכע מען ציהט. היינט זיינען שוין מער ניטא אזוינע ווילדע, וועמען עס זאל קיינמאל ניט געווען אויסקומען צו האבען צו טאן מיט מער אנטוויקעלטע פעלקער, עס איז דערפאר זעהר מעגליך על פי טעות אנצונעמען פאר אן איבערבלייבעכץ פון פארצייטיגע געוואוינהייטען, עטוואס וואס איז באמת דער רעזולטאט פון די לעצטע יארען. עס זיינען אויך מעגליך אנדערע סארטען טעותים. עס איז מעגליך, אז א שבט, וואס האט שוין פריהער געהאט אנטוויקעלט א פארהעלטעניסמעסיג הויכע קולטור, זאל דאס, א דאנק דעם, וואס זיין היסטאריש לעבען איז ניט איינגעגעבען, צוריק פארלירען. אננעמענדיג אזא שבט, וואס איז צוריק ווילד געווארען פאר א פארצייטיג ווילדען, קען מען קומען צו זעהר פיל פאלשע שלוסען.

# א. באָגדאַנאָוו

יעדענפאַלס, זיינען אַט די פאַקטען, וואָס מיר האָבען היינט, וועגען דעם לעבען פון די פאַרצייטיגע מענשען, גענוג אויף קלאָר צו מאַכען די גרונט־שטריכען פון די געזעלשאַפטליכע שיכות׳ן פון דער „פאַר־היסטאָרישער" צייט.

## 1) דער שיכות פון פאַרצייטיגען מענשען צו דער נאַטור.

אין זיין קאמף מיט דער נאַטור איז דער פאַרצייטיגער מענש זעהר שוואַך באַוואָפענט, ערגער פון פילע חיות. זיין איינגעבאָרענע געווער, — זיינע העגט, פיס, ציינער, זיינען פיל שוואַכער, ווי צ. ב. ש. ביי די גרויסע רויב־חיות. קינסטליך געווער, די וואָס גיבען דעם איצטיגען מענשען זיין איבערוואָג איבער דער גאַנצער איבעריגער לעבעדיגער און טויטער נאַטור, זיינען דעמאָלט געווען זעהר שלעכטע און גראָבע, און דערצו נאָך אין אַזאַ קליינער צאָל, אַז זיי האָבען ניט געקענט באַדייטענד פאַרלייכטערען דעם מענשענס קאמף פאַר׳ן לעבען.

אין אַט דעם שווערען קאמף ערשיינט דער פאַרצייטיגער מענש, ווייט ניט אַלס דער קעניג פון דער נאַטור. פונקט פאַרקערט, דער ערשטער פעריאָד אין דעם לעבען פון דער מענשהייט איז אַ פעריאָד פון אונטערדריקונג און שקלאַפעריי. אַבער אַלס אונטערדריקער און הערשער טרעט דאָ אַרויס ניט דער מענש, נאָר די נאַטור.

די ערשטע געווער זיינען אָהן צווייפעל געווען דער שטיין און דער שטעקען. אַט די געווער, גענומען דירעקט פון דער נאַטור, קען מען, ווי עס שיינט, געפינען אפילו ביי די העכערע מינים אַפען. אין דער איצטיגער צייט זיינען שוין אין ערגעץ ניט פאַרבליבען אַזוינע ווילדע מענשען, וואָס זאָלען פון קיין אַנדערע געווער ניט וויסען.

דער מאָרך איז ביי דעם פאַרצייטיגען מענש שוואַך און אומאַנטוויקעלט. זייענדיג געצוואונגען כסדר צו פירען אַ שווערען און ביטערען קאמף, בלייבט אים קיינמאָל קיין צייט ניט פאַר וועלכער עס איז גייסטיגער אַרבייט. פונדעסטוועגען אָבער אַנטוויקעלט זיך דער מענש.

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

א טעמפּער אונטערדריקטער שקלאַף פון דער נאַטור, קעמפענדיג כסדר פאר זיין לעבען און פאר זיינע לעבענס-מיטלען, באקענט ער זיך דאַד ביסלעכווייז מיט געגענשטאנדען און כחות פון דער נאַטור, פון דור צו דור ו ו ע ר ע ן איבערגעגעבען די אָנגעזאמעלטע ערפאַרונגען און עס ווערען אויסגעבעסערט זיינע וואפען. מיט א א גוואלדיגער לאַנג-זאמקייט, אין פאַרלויף פון פיל יאָר, ווערען איינע נאָד דער צווייטער געמאַכט פארשיידענע אַנטדעקונגען און ערפינדונגען. עס ווערען דאַן ערפונדען אלץ אַזוינע זאכען, וואָס צייגען זיך אויס פאר דעם געגענווערטיגען מענשען אלס זעהר איינפאַכע. דעם פאַרצייטיגען מענשען אבער האָבען אַט די איינפאכע ערפינדונגען זעהר טייער געקאָסט.

פאראיינינענדיג דעם שטיין מיט'ן שטעקען באַארבייטענדיג זיי און צופּאַסענדיג זיי פאר זיינע צוועקען, שאפט דער מענש פאר זיך זיין שטיינערנע האק, אַ מעסער, א פייל א. אז. וו. פון אַט די איינפאכע וואפען זיינען נאָכהער אנטשטאַנען פילע אנדערע.

כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען עס געהען אריין אין געברויך די שטיינערנע וואפען, ו ו ע ר ע ן אויך אנטדעקט די נוצליכע אייגענשאַפטען פון פייער.

די ערשטע ווענדקע פאר כאַפּען פיש, וואָס איז באשטאַנען פון ביינער פון פיש, און די איינפאָכע פלימע וואָס אנטוויקעלט זיך שפּעטער אין א שיף, זיינען געקומען פיל שפּעטער. ענדליך קומט די ערפינדונג פון פייל און בויגען; דאָס שטעלט שוין אוועק דעם מענשען אויף איין שטופע מיט די שטאַרקסטע חיות.

אַזוי איז ביסלעכווייז, לאַנגזאם געגאַנגען דער פּראָגרעס פון דער פּראָדוקטיווער ארבייט, אין יענער פריהער צייט אין דעם לעבען פון דעם מענשען.

זייער הויפּט באשעפטיגונג איז געווען צו באַקומען פּרוכטען פון די בוימער, געיעג אויף קליינע חיות, פיש כאַפּען, און די פּראָדוקציע פון זייערע גראָבע פּרימיטיווע געווער פון שטיינער. האָלץ, ביינער, און די שאַפונג פון קליידער, וועלכע פלעגען געמאכט ווערען פון די פעלען פון די דער'הרג'עטע חיות. יענעם פּראָדוקציאָנס-צושטאַנד

## א. באָגדאַנאָוו

קען מען אָנרופען דער יעגערישער, פאַרשטעהענדיג אונטער'ן וואָרט „יאגד", דאָס ארויסקריגען פון דער אויסערליכער נאַטור די לע־בענס־מיטלען, וועלכע זי פאַרמאָגט, עס מאכט ניט אויס, אויב דאָס באַשטעהט פון געיעג אויף ווילדע חיות אין וואַלד, פון כאַפּען פיש אין טייך, אָדער אראָפּרייסען פרוכטען פון בוימער. דער הויפּט כאַ־ראַקטער־שטריך פון יענעם סאָרט לעבען איז, וואָס דער מענש איז קיינמאָל ניט זיכער מיט זיין לעבען. דאָס באַקומען פון פרוכטען, פיש־כאַפּעריי און דער געיעג אויף ווילדע חיות, זיינען אַלץ אַזוינע באַשעפ־טיגונגען, אין וועלכע דער צופאַל שפּילט אַ זעהר גרויסע ראָליע. די פּראָדוקציאָנס־טיילען, וועלכע גיבען דעם מענשען די זיכערהייט אין דעם מאָרגען, ווי צ. ב. ש. ערד־ארבייט און פיה־צוכט, זיינען נאָך אין דער צייט ניטאָ.

אַלע כחות פון דעם פאַרצייטיגען מענשען געהען אוועק אויף צו באַקומען די נויטיגסטע לעבענס־מיטלען. אַ פולער טאָג ארבייט איז קוים גענוג פאַר אים אויף זיך צו דערנערען. זיין גאַנצע ארבייטס־צייט ווערט איינגעשלונגען דורך זיין קאַמף פאַר'ן לעבען. עס בלייבט ביי אים קיינמאָל קיין צייט ניט, ווען ער זאָל קענען ארבייטען פאַר אַ צווייטען, אָדער ער זאָל קענען פאַרבעסערען זיינע אייגענע לעבענס־באַדינגונגען. זיין ארבייט שאַפט קיינמאָל ניט קיין איבעריגען פּראָ־דוקט, ד. ה. מער ווי ער אַליין מוז פאַרברויכען. אויב דער ווילדער יעגער האָט היינט באַקומען מער לעבענס־מיטלען, ווי ער קען פאַר־ברויכען, איז גאַנץ מעגליך, אַז מאָרגען וועט ער גאָר ניט באַקומען, אָדער ער וועט אפשר אינגאַנצען אונטערגעהן אין קאַמף מיט אַ חיה, וואָס איז שטאַרקער פון אים.

עס איז קלאָר, אַז אונטער אַזוינע באַדינגונגען איז ניט מעגליך קיין שום עקספּלואַטאַציע. עס איז ניט מעגליך, אַז איינער זאָל פאַר זיך צונעמען דעם איבערפלוס פון אַ צווייטענס ארבייט, עס איז גאָר קיין איבערפלוס ניטאָ. אין דער צייט איז מעגליך בלויז דער גראָבס־טער און פּרימיטיווסטער מיטעל ווי אַזוי איין מענש קען אויסנוצען דעם צווייטען — דאָס איז פּשוט אים אויפצועסען.

## 2) די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס-שיכות'ן אין דער פּאַרצייטיגער משפּחה.

די היינטיגע וויסענשאַפט וויים ניט פון אַזוינע מענשען, וואָס זאָלען וועזן עס איז, אין דער פאַרגאַנגענהייט אָדער געגענוואַרט האָבען געלעבט אויסערהאַלב אַ וועלכער עס איז געזעלשאַפט. אין דער פּאַר־צייטיגער עפּאָכע האָבען שוין עקזיסטירט געוויסע פאַרבינדונגען צווי־שען מענשען, הגם ניט אַזוינע ברייטע ווי היינט. זיך באַגעהן אָהן דער הילף פון אַנדערע מענשען, איז זיין קאַמף פאַר'ן לעבען, איז פאַר דעם פּאַרצייטיגען מענשען געוועזן פּונקט אַזוי אוממעגליך, ווי פאַר דעם היינטיגען. פּנים אל פּנים מיט דער פיינדליכער נאַטור וואָלט דער איינצעלנער מענש גלייך געוועזן פאַר'משפּט אויף אַ זיכערען אונטער־גאַנג.

אָבער אויך דער כח פון דער געזעלשאַפטליכער פאַראייניגונג, איז אין יענער צייט געוועזן אַ גאַנץ אומבאַדייטענדער. די הויפּט אורזאַכע דערפון איז געוועזן, ווי עס איז שוין איין מאָל אַנגעצייגט געוואָרען, די זעהר שוואַכע אַנטוויקלונג פון דער טעכניק. אָט די ערשטע אורזאַכע האָט אַרויסגערופען אַ צווייטע — די זעהר ענגקייט פון די געזעל־שאַפטליכע פאַרבינדונגען, די אומבאַדייטענדע גרויס פון די באַזונ־דערע געזעלשאַפטען.

וואָס נידעריגער עס איז די טעכניק, וואָס ווייניגער פאָלקאָם עס זיינען די מיטלען, וואָס ווערען אַנגעווענדעט אין קאַמף פאַר'ן לעבען, אַלץ אַ גרעסערער שטח ערד פאָדערט זיך פאַר יעדען איינצעלנעם מענשען, אַ „פעלד פאַר עקספּלואַטאַציע", וואו ער זאָל קענען באַקו־מען פאַר זיך די נויטיגע לעבענס־מיטלען. דער פּאַרצייטיגער געיעג איז אַזאַ סאָרט אומפּראָדוקטיווע אַרבייט, אַז אויף איין קוואַדראַט מייל ערד, אונטער דורכשניטליכע נאַטור־באַדינגונגען, קענען מער ווי 20 מענשען ניט לעבען. אַ וועלכע עס איז מער באַדייטענדע מענשלי־כע גרופּע האָט זיך געמוזט צושפּרייטען אויף אַזאַ גרויסען ערד־שטח, אַז עס וואָלט געוועזן אוממעגליך פאַר זיי אויפצוהאַלטען צווישען זיך

## א. באַגדאַנאָוו

א וועלכע עס איז געזעלשאפטליכע פארבינדונג. ווען מיר נעמען נאך אין אנבאטראכט די מיטלען, וואס די פארצייטיגע מענשען האבען געהאט אויף צו רייזען, די אפּוועזענהייט פון וועלכע עס איז וועגען פון הויז־חיות, אויף וועלכע מען זאל קענען פארען, און די גוואלדיגע געפארען פון מאכען א וועלכע עס איז, אפילו אומבאדייטענדע רייזע, ווערט פאר אונז קלאר, אז די פארצייטיגע געזעלשאפט האט העכסטענס געקענט באשטעהן פון א פאר צענדליג מענשען.

פאראייניגען זיך פאר א געמיינשאפטליכען קאמף פאר׳ן לעבען, איז אין יענער צייט געווען מעגליך בלויז פאר די מענשען וועמען די נאטור זעלבסט האט פאראייניגט, דורך זייער אפשטאמונג, און דורך זייערע פאמיליע־פארבינדונגען.

מענשען, וועלכע זיינען ניט געווען קיין בלוט־פארוואנדטע צוויי־שען זיך, זיינען ניט אריינגעטראטען אין קיין פרייער פאראייניגונג פאר פראדוקציאנס־צוועקען. פאר דעם פארצייטיגען מענשען איז אוממעגליך זיך דערטראכטען צו אזא קאמפליצירטען געדאנק, ווי א פרייער אפּמאך. אויסער דעם, און וואס עס איז אויך די הויפּטזאך,— די שוועריגקייטען פון זיין קאמף פאר׳ן לעבען האבען איהם אויסגע־לערענט זיך צו באציהען פיינדליך צו יעדען איינעם, מיט וועמען ער איז ניט געווען צונויפגעבונדען דורך קרובה׳שאפט אדער דורך א געמיינ־שאפטליך לעבען.

דערפאר האט די געזעלשאפטליכע ארגאניזאציע פון דעם פאר־צייטיגען מענשען געהאט די פארמע פון א מ ש פ ח ה, זייערע עקאנאמישע שיכות׳ן זיינען פון אט דער גרופע ניט ארויס.

די הויפט פראדוקציאנס־שיכות׳ן פון אט דער משפחה־גרופע איז דאס א י י נ פ א כ ע צ ו ז א מ ע נ א ר ב י י ט ע ן. די געזעל־שאפטליכע פראדוקציאנס־טעטיגקייט איז אזוי באגרענעצט און אזוי איינפאך, אז יעדער איינער קען טאן אלץ, וואס אלע אנדערע קענען, און זיי אלע טוען טאקי, יעדער איינער באזונדער, כמעט די זעלבע אר־בייטען. דאס איז די שוואכסטע פארמע פון צוזאמענארבייטען. אונ־טער געוויסע אומשטאנדען טרעט ארויס אויף דער סצענע א פאר־אייניגונג פון א פיל ענגערען כאראקטער. די קאלעקטיווע אויספירונג

פון אן ארבייט, וועלכע איז צו שווער פאר איין מענשען. דאָס ווערט דערגרייכט בלויז דורך דער מעכאַנישער קראפט, וועלכע ווערט געשאפען פון דעם צוזאמענארבייטען פון א גאנצער גרופע. ווי צ. ב. ש. פון דער אלגעמיינער פארטיידיגונג געגען א ווילדער חיה, אדער פון אן אלגעמיינעם געיעג.

אין דער פאמיליע־גרופע הויבט זיך גאנץ פריה אן אנטוויקלען א געוויסע צוטיילונג פון דער ארבייט. אין אַנפאַנג איז דאָס בלויז א פיזיאָלאָגישע צוטיילונג אויף געשלעכטער און יאָרען. דער געיעג איז די ארבייט פון די דערוואקסענע מענער, דאָס קלייבען פון פרוכטען איז די ארבייט פון פרויען און קינדער, א. אז. וו.

די פונאַנדערטיילונג פון דער ארבייט איז ניט אָפהענגיג געוועזן אָן דעם ווילען פון איינצעלנעם. דער שווערער קאמף מיט דער נאַטור האָט דאָס ניט דערלויבט. די טעטיגקייט פון אלעמען האָט געמוזט אזוי באַשטימט ווערען, אז עס זאָל ניט זיין קיין אומזיסטער פארלוסט פון כחות, די ארבייט איז ארגאַניזירט געוואָרען דורך דעם אלגעמיינעם ווילען פון דער משפחה לויט אירע אלגעמיינע אינטערעסען.

דער אנטוויקלונגס־גאַנג פון דער משפחה־גרופע, קען אין דער איצטיגער צייט אויסגעמאָלט ווערען בלויז אין זיינע אלגעמיינע שטריכען.

אין אַנפאַנג איז די פארצייטיגע משפחה ווארשיינליך באַשטאַנען פון דער פרוי־מוטער און אירע קינדער, וועלכע נויטיגען זיך אין איר הילף, ווען זיי זיינען נאָך יונג. מיט דער צייט ווערט אָט די פאַר־בינדונג אליץ שטארקער, א דאַנק די נוצען, וואָס די מענשען ציהען פון דעם געזעלשאפטליכען בונד אלס אזעלכען. די קינדער גערען ניט אוועק פון דער מוטער אפילו ווען זיי וואקסען אוים. די געוואוינהייט פון א גע־מיינשאַפטליכען לעבען אנטוויקעלט זיך אליץ מער, און מענשען זוכען אליץ מער צו האלטען זיך צוזאמען. די משפחה־גרופע קען זיך פונאַנ־דערוואקסען, פארשטעהט זיך, בלויז ביז די גרענעצען, וועלכע די אנט־וויקלונג פון איר טעכניק שטעלט פאר איר אוועק. אנטוויקלענדיג זיך איבער אָט די גרענעצען, ווערט די גרופע צופאַלען.

# א. באַגדאַנאָוו

## 3) די פאַרצייטיגע פאָרמען פון פאַרטיילונג.

די פאָרמען פון פונאַנדערטיילונג זיינען אינגאַנצען געווען אין איינקלאַנג מיט די פּראָדוקציאָנס־שיכות'ן פון דער פאַרצייטיגער משפּחה.

אויב די צוטיילונג פון דער אַרבייט אין דער פּראָדוקציע איז ניט געווען אָפּהענגיג פון דעם ווילען פון יחיד, נאָר פון דעם קאָלעקטיוון ווילען, האָט די פונאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטען פון זייער אַרבייט אויך געמוזט זיין די זאַך פון דער גאַנצער גרופּע. די גרופּע האָט גע־געבען יעדען איינעם לויט נאָך זיינע באַדערפעניששען; געבען איינעם ווייניגער, ווי ער האָט באַדאַרפט, איז פּשוט געווען אוממעגליך, ווייל דאָס וואָלט געבראַכט צו דעם אונטערגאַנג פון די מיטגלידער פון דער גרופּע און צו דער אָפּשוואַכונג פון דער גרופּע גופא. געבען איינעם מער ווי ער נויטיגט זיך, איז געווען מעגליך אפשר בלויז אין זעלטענע אויסנאַמס־פאַלען, בכלל אָבער איז דאָס ניט מעגליך געווען צוליב דער אומבאַדייטענדער אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע, און ווייל עס איז ניט געווען קיין איבערפלוס פון אַרבייט, ד. ה. פון אַזאַ אַרבייט, וואָס זאָל שאַפען מער פּראָדוקטען, ווי עס מוז גלייך פאַרברויכט ווערען.

על כן האָט די פונאַנדערטיילונג אין דער פאַרצייטיגער גרופּע גע־טראָגען אַן אָרגאַניזירטען קאָמוניסטישען כאַראַקטער. פון פּריוואַטען און פּערזענליכען אייגענטום איז אפילו קיין סמן ניט געווען. וואָס עס איז בשותפות פּראָדוצירט געוואָרען, איז צווישען אַלעמען צוטיילט געוואָרען, און טאַקע גלייך פאַרברויכט געוואָרען. קיין אָנזאַמלונגען זיינען ניט געווען.

## 4) די גרונטשטריכען פון דער פּסיכאָלאָגיע פון דער פאַרצייטיגער געזעלשאַפט.

גאַנץ אָפּט איז די לאַגע פון דעם איינצעלנעם אין דער פאַרציי־טיגער פאַמיליע געשילדערט געוואָרען אין זעהר אָנציהענדע פאַרבען; ניטאָ קיין הערען און שקלאַפען, גלייכהייט אין דער פונאַנדערטיילונג

פון די פּראָדוקטען, ברידערליכקייט האָט געהערשט אין אַלע זייערע געגענזייטיגע באַציהונגען א. אז. וו. עס וואָלט זיך דאַכטען, אז דאָ זיינען פאַראַן אַלע גינסטיגע באַדינגונגען פאַר א שנעלער אַנטוויקלונג פון די מענשליכע כחות, פאַר א פּראָגרעס אין אַלע אָפּטיילונגען פון געזעלשאַפטליכען לעבען. באמת אָבער איז דאָס גאַנץ אַנדערש געווען. קיין אַנדער געזעלשאַפט, פון וועלכער די מאָדערנע וויסענשאַפט ווייס, האָט זיך ניט אויסגעצייכענט אַזוי מיט איר שטעהענדיגען צושטאַנד, מיט אַזא אומבאַוועגליכקייט פון אירע לעבענס-פאָרמען, ווי די פּאַרצייטיגע קאָמוניסטישע.

די פּאַרצייטיגע געזעלשאַפט האָט ניט געוואוסט פון קיין האַרען און שקלאַפען. זי האָט אָבער אויך ניט געוואוסט פון פרייהייט. דער מענש האָט זיך געפונען אין דער שווערסטער שקלאַפעריי, וועלכע איז נאָר מעגליך. ער איז אונטערדריקט געוואָרען פון דער בייזער מאַכט פון דער נאַטור, געגען וועלכער ער איז ניט געווען פאַרטיידיגט, וועלכע ער האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערענט צו באַזיצען. די עלעמענטאַרע קרעפטען פון דער אויסערליכער וועלט האָבען זיך אויסגעלאַכט פון אַלע זיינע באַמיהונגען. אויף יעדען טריט האָבען זיי זיך געשפּילט מיט זיין שיקזאַל. זייער הערשאַפט איז געווען פיל בימערער, ווי די באַוואוסטזיניגע הערשאַפט פון מענשען אין די שפּעטערע צייטען.

אין דער פונאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטען האָט געהערשט גלייכהייט. אָבער וואָס האָבען זיי געהאַט צו טיילען? די רעזולטאַטען פון דער געזעלשאַפטליכער ארבייט זיינען געווען אַזוי אומבאַדייטענד, אז אפילו ביי זייערע אומבאַדייטענדע אומאַנטוויקעלטע באַדערפעניששען האָבען זיי קוים געקענט אויפהאַלטען דאָס לעבען. די מאַטעריעלע לאַגע פון די פּאַרצייטיגע מענשען איז געווען אַזא נידעריגע, אז די היינטיגע אָרעמקייט איז אין פאַרגלייך מיט דעם — רייכקייט.

די פּאַרצייטיגע ברידערליכקייט, די געגענזייטיגע הילף און פאַרטיידיגונג, האָבען ווירקליך מיט זיך פאַרגעשטעלט א גאַנץ ענגע און שטאַרקע פאַרבינדונג צווישען די פּאַרצייטיגע מענשען. אָבער דאָס איז ניט געגאַנגען אויסער די גרענעצען פון דער אייגענער משפחה. דער מענש, וואָס האָט ניט געהערט צו דער משפחה, האָט ניט געקענט דער-

## א. באַגראַנאָוו

וואַרטעז קיין שום הילף פון די מיטגלידער פון יענער קליינער געזעל־שאַפט, מעז האָט, פאַרקערט, אים גיכער באַטראַכט פאַר אַ שונא, און אָפט האָט מעז אים באַהאַנדעלט ווי יעדע אַנדערע חיה, וועלכע זיי האָבעז באַגעגענט אויף זייער יאַגד.

די מאַכט פון דער נאַטור איבער'ן מענשעז האָט גוואַלדיג שווע־רער געמאַכט זייער אַנטוויקלונג, ווייל זיי האָבעז געמוזט אַוועקגעבעז אַלע זייערע כחות אויף דעם שווערעז קאַמף מיט דער נאַטור. די גלייכע פונאַנדערטיילונג פון פּראָדוקטעז, וועלכע איז געוועז דער רעזולטאַט פון דער נידעריגער טעכניק און דאָס וואָס עס איז ניט געוועז קיין איבעריגע אַרבייט. האָט ניט דערלאָזעז, אַז אַפילו איינצעלנע פּערזאָ־נעז זאָלעז אויסברייטערעז זייערע באַדערפענישעז, און דערמיט פאַר־גרעסערעז זייער ענערגיע און אַנטוויקלונגס־פעהיגקייטעז, וואָס וואָלט קענעז געבעז אַ שטויס פאָרוועררטס דעם פּראָגרעס פון דער געזעל־שאַפט. די ענגע געגענזייטיגע פאַרבינדונג צווישעז אַלע מיטגלידער פון דער משפחה, צווישעז וועלכע עס איז כמעט קיין גייסטיגער אונ־טערשייד ניט געוועז, האָט געפירט דערצו, אַז די פּערזענליכקייט האָט זיך ניט געקענט אויסטיילעז פון דער גרופּע, און באַטראַכטעז זיך אַלס אַ באַזונדערעז יחיד. דער מענש האָט קיין פּערזענליכעז ווילעז ניט געהאַט. עס איז געוועז בלויז דער ווילעז פון דער משפחה; דאָס איז געוועז ניט בלויז דער ווילעז פון די לעבעדיגע, נאָר נאָך אין אַ גרע־סערער מאָס, דער ווילעז פון די טויטע. פאַר הונדערטער און טוי־זענטער יאָרעז זיינעז איבערגעגאַנגעז פון איין דור צום צווייטעז, כמעט אָהן שום ענדערונגעז, די אָנגענומענע אופנים פון קאַמף פאַר'ן לעבעז. די פאָרמעז פון די געגענזייטיגע שיכות'ן, אין די וועגעז פון דענקעז. די פאַרגאַנגענהייט, פאַרקערפּערט אין אומבאַוועגליכע מנהגים, האָט געהערשט איבער דער געגענוואַרט, און די איינצעלהייטעז פון לעבעז. וואָס האָבעז ניט געקענט אַריין אין די ראַמעז פון די אָנגענומענע מנהגים, האָט אויך די פּערזענליכקייט זיך אונטערוואָרפעז צו דער גרופּע, ניט זייענדיג בכח אַרויסצוטרעטעז זעלבסטשטענדיג.

אַ מנהג, וואָס ווערט אויפגעהאַלטעז טויזענטער דורות, ווערט פאַרשטיינערט. יעדע זאַך, וואָס איז ניי, יעדע זאַך, וואָס איז אין ווי־

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

דערשפּרוך מיט די אורשפּרינגליכע לעבענס־פאָרמען און באַוואוסטזיין. רופט אַרויס אַ מורא און ברענגט ליידען. די פּסיכאָלאָגיע פון פאַר־צייטיגען מענשען איז איינע פון די גרעסטע שטערונגען פאַר זיין אַנטוויקלונג.

אָבער דאָס איז נאָך ווייניג. פאַר דער אַנטוויקלונג איז נויטיג מאַטעריאַל. וואָס אָרעמער עס איז די מענשליכע נשמה, אַלץ ווייניגער באַוואוסטזיניג איז איר באַציהונג צו דער אַרומיגער סביבה, און אַלץ ווייניגער זיינען די מעגליכקייטען פון די מענשען צו פּראָגרעסירען. דער באַוואוסטזיין איז דעם מענשענס וויכטיגסטע וואָפען, ביי דעם פאַרצייטיגען מענשען אָבער געפינט זי זיך נאָך בלויז אין אַן אָנפאַנגס־צושטאַנד.

דער בליק פון דעם פאַרצייטיגען מענש אויפ׳ן לעבען און אויף דער וועלט איז נויטיגערווייזע געווען רויה און טונקעל. די מאַכט פון דער נאַטור האָט דערשטיקט דעם שכל; די ענגקייט פון די משפּחה־שיכות׳ן האָט געצוואונגען זיין געדאַנק צו באַוועגען זיך רק אין דעם זעלבען ענגען קרייז, און האָט געשטערט יעדער אויסברייטונג פון זיין גייסטיגען האָריזאָנט.

דער גאַנצער גייסטיגער באַגאַזש פון דעם פאַרצייטיגען מענש איז באַשטאַנען פון אַן אומבאַדייטענדער צאָל, צוואָרפענע פּראַקטישע ידיעות, וועלכע זיינען געווען צוזאַמענגעפּלאָנטערט מיט אַן אַנצאָל דורכאויס פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונגען וועגען דער וועלט. די אומ־פאַלקאָמענהייט פון פּסיכישען אַפּאַראַט פירט דערצו, וואָס פאַלשע שלוסען האָבען די אויבערהאַנט איבער אמת׳ע, די פאַנטאַזיע הערשט איבער די פּאָזיטיווע רעזולטאַטען פון דער דערקענטעניש.

געפינענדיג זיך אונטער דעם דרוק פון דער נאַטור, איז דער מענש ניט נאָר ניט געווען בכח אַריינצודרינגען אין אירע סודות, נאָר עס האָט אים אפילו געפעהלט דער וואונש צו שטרעבען דערצו. ער האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישען לעבעדיגע און טויטע אין דער אויסערליכער וועלט, און צווישען דאָס אומבאַוואוסטזיניגע און באַ־וואוסטזיניגע אין זיך אַליין. אַלע זאַכען, אַלע נאַטור־ערשיינונגען האָ־בען זיך אים פאָרגעשטעלט אין דער זעלבער ליכט: די זון, וואָס ברענט

אים, דער שטיין, אַז וועלכען ער האָט צושלאָגען זיין פוס, די חיה, וואָס איז אויף אים אָנגעפאַלען, דער מענש מיט וועלכען ער איז געקור־מען אין אַ צוזאַמענשטויס. אין די אַלע זאַכען האָט ער געזעהן בלויז ט אָ ט ע ן, בלויז קראַפט, וועלכע איז אָדער נוצליך אָדער שעדליך פאַר אים. די שיכות׳ן פון זאַכען און די שיכות׳ן פון מענשען זיינען פאַר איהם געוועזן דאָס זעלבע.

שוואַכזיניגקייט, ענגקייט, אַז אומבאַזיגבאַרער אומ׳חן געגען אַלץ וואָס איז ניי, די גרעסטע אָרעמקייט פון געדאַנק, דאָס זיינען די גרונט כאַראַקטער־שטריכען פון דער פסיכאָלאָגיע פון דעם פאַרצייטיגען מענ־שען. אויפ׳ן ערשטען בליק דאַכט זיך, אַז דאָ איז גאָר ניטאָ קיין שום מעגליכקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם מאַטעריעלען און גייסטיגען לעבען. בינדעסטוועגען איז אַזאַ אַנטוויקלונג יאָ פאָרגעקומען, הגם זעהר לאַנגזאַם. די נאַטירליכע געגנערשאַפט פון דער פאַרצייטיגער פסיכאָלאָגיע, געגען יעדען פראָגרעס, האָט געקענט ביינגעקומען ווערען בלויז דורך נאַטירליכע כחות.

## 5) די אַנטוויקלונגס-כחות אין דער פאַרצייטיגער געזעלשאַפט.

עס איז שוין אָנגעצייגט געוואָרען, אַז די גרויס פון דער משפחה־גרופּע ווערט שטרענג באַגרענעצט דורך דער פּראָדוקטיוויטעט פון זייער אַרבייט. אונטער געגעבענע צושטאַנדען פון דער פּראָדוקציע, מוז די גרופּע פונאַנדערפאַלען אַזוי שנעל ווי זי וואַקסט איבער אַ געוויסע צאָל. אנשטאַט איין גרופּע ווערען צוויי, און יעדע איינע פאַרנעמט אַ באַזונדערען פעלד פון טעטיגקייט. אָט די גרופּען קענען ווייטער אויס־וואַקסען ביז דעם פּונקט, ווען זיי מוזען זיך פונאַנדערפאַלען, און אַז. וו. די פאַרמערונג פון מענש, פירט, אויף דעם אופן דערצו, אַז די צאָל איינוואוינער פון אַ ג ע װ י ס ע ן ל אַ נ ד זאָל וואַקסען אומענד־ליך. אָבער די מעגליכקייטען פון אַ ג ע ג ע ב ע ן ל אַ נ ד זיינען באַגרענעצטע, און אונטער באַשטימטע פּראָדוקציאָנס-מיטלען קען דאָס

אויסהאַלטען בלויז אַ באַשטימטע צאָל מענשען. ווען צ.ב.ש. די געדיכט־קייט פון אַ לאַנד פון יעגערס דערגרייכט 20 מענשען אויף אַ קוואַדראַט מייל, וואָלט אַ ווייטערע פאַרמערונג געווען שוין איבער די גרענעצען פון די מעגליכקייטען, עס וועלען פעהלען די נויטיגע לעב־בענס־מיטלען פאַר דער אַלץ וואַקסענדער באַפעלקערונג. דאָס איז די אַזוי גערופענע אַ ב ס אָ ל ו ט ע  א י ב ע ר־ב אַ פ ע ל ק ע ר ו נ ג.

אַן אַבסאָלוטע איבערבאַפעלקערונג ברענגט מיט זיך הונגער, קראַנקהייטען, אַ פאַרגרעסערטע שטערבליכקייט און אַהן אַ שיעור ליידען. דער כח פון ליידען באַזיגט ביסלעכווייז די טעמפּע אומבאַ־וועגליכקייט פון די מנהגים, און עס ווערט מעגליך דער פּראָגרעס פון דער טעכניק. דער הונגער צווינגט בייצוקומען זייער ווידערגעפיל פאַר יעדער זאַך וואָס איז נײַ, און עס הויבען זיך אָן אַנטוויקלען ביסלעכווייז נײַע מעטאָדען אין דעם קאַמף פאַר'ן לעבען. עס קומען אַריין אין גע־ברויך מיטלען, וואָס זיינען שוין פריהער באַקאַנט געווען, וואָס זיינען אָבער ניט פון אַלעמען אָנגעווענדעט געוואָרען און עס ווערען אַנט־דעקט נײַע.

אויף דעם אופן ווערט איינע פון די וויכטיגע שטערונגען פון דער אַנטוויקלונג באַזייטיגט. עס בלייבט די צווייטע, די אָרעמקייט פון דער פּסיכאָלאָגיע, דאָס פעהלען פון וויסען, די אומפעהיגקייט באַוואוסטזי־ניג צו זוכען נײַע מיטלען פאַר'ן קאַמף מיט דער נאַטור. אַ דאַנק דעם, געהט די אַנטוויקלונג אומבאַוואוסטזיניג, מיט דער נאַטור, און מיט אַזאַ לאַנגזאַמקייט וואָס דער מאָדערנער מענש קען זיך קוים פאַרשטע־לען.

די אויסבעסערונגען פון דער טעכניק פאַרלייכטערען די ליידען, וואָס זיינען אַרויסגערופען געוואָרען דורך דער איבערבאַפעלקערונג, בלויז צייטווייליג. דער נײַער אופן פון געזעלשאַפטליכער אַרבייט, ווערט אַליין ניט גענוג, אַזוי ניך ווי די באַפעלקערונג ווערט ווייטער פאַר־גרעסערט. דער כח פון הונגער צווינגט דאַן דעם מענשען ווייטער צו מאַכען נאָך אַ טריט אויף זיין אַנטוויקלונגס־וועג.

דאָס זיינען די אורזאַכען פון דער אַנטוויקלונג, אין דער פאַר־צייטיגער געזעלשאַפט. די אומבאַוועגליכקייט פון די פּראָדוקציאָנס־

## א. באַגדאַנאָוו

פאַרמעז, פירט, פריהער אָדער שפּעטער צו אַן אבסאָלוטער איבערבאַ־פעלקערונג, און די איבערבאפעלקערונג צושטערט די אומבאוועגליכ־קייט. א דאנק דעם קאָנסערוואטיזם פון דער פּסיכאָלאָגיע פון דער פארצייטיגער געזעלשאפט, פּלעגט דער פּראָגרעס פון טעכניק זיך שטענדיג שטאַרק פאַרשפּעטיגעז אין פאַרגלייך מיט דער איבערבאַ־פעלקערונג, און דאָס פעהלעז פון לעבענס־מיטלעז איז בכלל גערעדט, אין יענער צייט געוועז כראָניש.

אלס איינער פון די ערשטע רעזולטאַטעז פון דער אבסאָלוטער איבער־באפעלקערונג, טרעט געוויינליך ארויס דער פאַרביטערטער קאמף צווישעז פאַרשיידענע משפחה־גרופּעז, און די איבערוואנדערונג פון גאנצע שבטים אין נייע לענדער. אזא איבערוואנדערונג איז פאַר דער טעמפּער פּסיכאָלאָגיע פון פארצייטיגעז מענשעז פונקט אזוי שווער, ווי א וועלכע עס איז ענדערונג אין זיין טעכניק.

## דריטער קאַפּיטעל.

# די פּאַטריאַרכאַלע משפּחה־אָרגאַניזאַציע.

### 1) דער אָנהויב פון ערד־ארבייט און פיה־צוכט.

די אבסאָלוטע איבער־באפעלקערונג האָט געצוואונגען די פּאַר־צייטיגע מענשען בעסלעכווייז אויסצובעסערען זייער געווער און די אופנים פון זייער פּרימיטיווע יעגערישע פּראָדוקציע, מיט דער צייט האָט זי זיי אויך געצוואונגען ארויסצוגעהן פון די גרענעצען פון יענער פּראָדוקציע און איבערצוגעהן צו אנדערע אופנים פון קאַמף פאר'ן לעבען.

די ערד־ארבייט און פיה־צוכט זיינען אנטשטאַנען אין פאַרשיי־דענע לענדער, ווי עס שיינט, זעלבסטשטענדיג, אין אָנהויב באזונדער איינע פון דער צווייטער, אין איינקלאַנג מיט די לאָקאלע נאטור־באַ־דינגונגען.

די אנטדעקונג פון דער ערד־ארבייט, קען מען זיך מיט מער אָדער וועניגער ווארשיינליכקייט, פאַרשטעלען אלס רעזולטאַט פון א גאַנצער רייהע „צופעליגע“ פאַקטען, וואס האָבען זיך געמוזט פון צייט צו צייט איבער'חזר'ן. אויסשיטענדיג, נים ווילענדיג אביסעל פון די קער־נער פון די ווילדע ברויט - געוויקסען, וואָס דער מענש האָט צו־נויפגעקליבען, געפינט ער מיט עטליכע מאָנאטען שפּעטער אויסגע־וואקסענע זאנגען אויפ'ן זעלבען פלאַץ. טויזענטער מאָל האָט דאָס גע־מוזט בלייבען פאר'ן מענשען אומפאַרשטענדליך. אבער, פריהער אָדער שפּעטער האָט די פאַרבינדונג פון די צוויי ערשיינונגען געמוזט זיך איינוואַרצלען אין מח פון דעם ווילדען, און די נויטווענדיגקייט האָט ארויסגערופען דעם געדאַנק מיט אַט דער פאַרבינדונג זיך צו באַנוצען.

## א. באָגדאַנאָוו

די אנטדעקונג האָט גיכער פון אַלץ געקענט געמאַכט ווערן פון פרויען. ווייל צוליב זייערע קינדער איז זייער לעבען געווען א ווענינער וואנדערענדער, און זיי האָבען זיך געמוזט מער פארנעמען מיט צונויפקלייבען פרוכטען און קערנער.

די פרימיטיווע ערד־ארבייט איז גאָר ניט ענליך צו דער מאָדערנער. די אופנים פון זייער ארבייט זיינען גראָב און ניט זיכער, דער אקער, צ. ב. ש. איז שוין אפילו א שפּעטערע ערפינדונג. נאָך ניט לאנג צוריק, אין א צייט וואָס קען זיכער ניט באצייכענט ווערען אלס פּארצייטיג, פלעגט די ערד געאַקערט ווערען מיט א האַלץ, וואָס פלעגט אפגערייניגט ווערען פון אַלע סוקעס מיט'ן אויסנאָם פון איינעם, וועלכער פלעגט פארשארפט ווערען. און וועלכער פלעגט אויפגראָבען די ערד, ווען ער פלעגט געשלעפּט ווערען איבער'ן פעלד. די פּריהסטע געצייג פאר ערד־ארבייט איז געווען פּשוט א פארשאַרפטער שטעקען. מיט וועלכען מען פלעגט מאַכען גריבלעך אויף אריינלייגען קערנער. די אמת'ע „פּארצייטיגע" ערד־ארבייט פלעגט זיך באגעהן אפילו אָן אזוינע מיטלען אויך.

וואָס אנבאַלאַנגט פיה־צוכט, איז דאָס לויט נאָך אַלע ווארשיינליכקייטען דער רעזולטאַט פון איינצווימען חיות אלס א שפּילעריי. אפילו היינט זיינען דאָ פיל ווילדע, וואנדערענדע יעגער, וואָס שטעהען אויף דער נידעריגסטער שטופע פון אנטוויקלונג און האָבען קיין שום באגריף ניט וועגען אמת'ער פיה־צוכט, וואָס צוימען איין פיל ווילדע חיות פון וועלכע זיי האָבען ניט קיין שום פּראַקטישען נוצען, און וועלכע זיינען אויף זיי, אפּט, א לאַסט.

פּונקט ווי די ערד־ארבייט, אזוי האָט אויך די פיה־צוכט געגעבען די מענשען א געוויסע מאָס זיכערהייט אין זייער עקזיסטענץ, און האָט באפרייט א געוויסען טייל פון די מענשליכע כחות; דאָס האָט פארלייכטערט זייער ווייטערע אנטוויקלונג.

די פּארצייטיגע פאָרמען פון ערד־ארבייט און פיה־צוכט, אפילו יעדערער באַזונדער, האָבען אין 3 און 4 מאָל פארגרעסערט די באַפעלקערונגס־מעגליכקייטען פון לאנד. (אונטער דורכשניטליכע באַדינגונגען קענען זיך געפינען ביז 70 מענשען אויף איין קוואדראַט־מייל).

אין די ערשטע צייטען פון איר אנטוויקלונג איז די ערד־ארבייט ניט בכח צו ענדערען דעם וואנדערענדען לעבענס־אופן פון די ווילדע שבטים. זי איז אין אנפאנג ניט מער ווי א צוגאב צו דער יאגד. זיך אונטערוואַרפענדיג צו דער נויטווענדיגקייט פון יאגד, וואנדערט די פארצייטיגע משפחה פון איין אָרט צום צווייטען, זיך אפּשטעלענדיג בלויז כדי צו פארזייהען קערנער און ווארטענדיג ביז די פרוכטען וועט רען פארטיג. וואס אנבאלאנגט פיה־צוכט, פירט עס אין אנפאנג נויט־ווענדיגערווייזע צו א וואנדערענדען לעבען; זיי נויטיגען זיך אין א סך לאנקעס צו שפּייזען זייערע פיה, און מוזען דערפאר אלע מאָל פאר זיך זוכען נייע פּלעצער.

מיט דער צייט צווינגט דער וואוקס פון דער באפעלקערונג, די פארצייטיגע מענשען, אז זיי זאלען פאראייניגען ערד־ארבייט און פיה־צוכט, און איבערגעהן צו א באזעצט לעבען. דאס גיט זיי א מעגליכ־קייט צו פארפאלקאמענען זייערע ערד־ארבייטס געצייג, און זיך באנו־צען מיט דעם כח פון זייער בהמה אין דער באארבייטונג פון דער ערד. דער וואוקס פון דער פּראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט, פאר־גרעסערט ווייטער אויף דריי מאָל די באפעלקערונגס־מעגליכקייטען פון דאס לאנד. (אין א מעסיגען קלימאט קענען לעבען 200 מענשען אויף איין קוואדראט מייל.) די עקזיסטענץ פון מענשען ווערט פון יענער צייט אן א פארהעלטעניסמעסיג פארזיכערטע.

## 2) די אנטוויקלונג פון די פּראדוקציאָנס־שיכות׳ן פון דער משפחה־גרופּע.

די פארגרעסערונג פון דער פּראדוקטיוויטעט פון זיער געזעל־שאפטליכער ארבייט האט מעגליך געמאכט, אז די גרענעצען פון דער פאמיליע־גרופּע זאלען באדייטענד אויסגעברייטערט ווערען; נאך אין א גרעסערער מאס האט דערצו געהאָלפען די איינפירונג פון פיה־צוכט. עס ווערען באשאפען מער פאלקאמענע רייזע־מיטלען (פערען אויף הירשען, פערד, אייזלען) און דאס מאכט מעגליך, אז געזעלשאפטליכע

## א. באַגדאַנאָוו

פאַרבינדונגען זאָלען אויפגעהאַלטען ווערען אויף א פיל גרעסערען שטח. אויף דעם אופן, הויבען די גרענעצען פון דער געזעלשאַפט שוין אַן געציילט ווערען ניט דורך הונדערטער, נאָר דורך טויזענטער מענשען, אַזוי צ. ב. ש. האָט אברהם אבינו שוין געקענט ציילען ניט ווענינער ווי 417 באַוואָפענטע מענשען.

די ברייטקייט און קאָמפּליצירטקייט פון דער פּראָדוקציע, וואָס איז פיל מאָל פאַרדאָפּעלט געוואָרען, שאַפט נייע פאָרמען פון פונאַנדערטיילונג. איינע פון זיי האָט א גאָר גרויסע באַדייטונג פאַר דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג, דאָס איז די אויסטיילונג פון דער סאָרט אַרבייט וואָס אָרגאַניזירט די פּראָדוקציע.

ווען די פּראָדוקציע פון דער גרופּע איז געווען אומבאַדייטענד, זעהר איינפאַך, און אויסגערעכענט אויף צופרידענשטעלען בלויז די אוממיטעלבאַרע באַדערפענישען פון דער נאָהענטסטער צוקונפט, האָט די אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבייט נאָך געקענט זיין אַן אַלגעמיינע זאַך, האָט געקענט צוזאַמענהויזען מיט דער אויספירונגס־אַרבייט, ווייל עס האָט ניט אַריבערגעשטייגט די גרענעצען פון דער דורכשניטליכער פאַרשטענדניש פון די מיטגלידער פון דער גרופּע. ווען אָבער עס האַנדעלט זיך ווענען דעם ווי אַזוי צו פאַרטיילען צוועקמעסיג הונדערטער באַזונדערע אַרבייטען צווישען אַסך אַרבייטער; פאַרזיכטיג אויסרעכענען די באַדערפענישען פון דער גאַנצער גרופּע אויף חדשים שפּעטער, און פונאַנדערטיילען די פאַרלוסטען פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייטס־ענערגיע, און קאָנטראָלירען אַט די פאַרלוסטען, דאַן מוז די אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבייט, נויטוועדיגערווייזע, אָפּגעטיילט ווערען פון דער אויספירונגס־אַרבייט; פאַראייניגען דיביידע אין דעם זעלבען מענשען ווערט פשוט אוממעגליך. עס נויטיגען זיך דערצו פיל מער ווי די דורכשניטליכע גייסטיגע כחות פון דעם דאָמאָלסטדיגען יחיד. די אָרגאַניזאַטאָרישע טעטיגקייט ווערט די ספּעציאַליטעט פון די וואָס באַזיצען, מער פון אַנדערע, ערפאַרונג און וויסען. אין יעדער באַזונדערער גרופּע געהט אַט די אַרבייט סוף כל סוף אַריבער אין די הענט פון איין מענשען, געוויינליך צום עלטסטען פון דער פאַמיליע — צום פאַטריאַרך.

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

דעם אָרגאַניזאַטאָר פאָלגט מען, דאָס שטאַמט ארויס פון דעם עצם פון זיין ראָליע. אויף דעם אופן ווערט אין דער פּראָדוקציע געבוירען די פּערזענליכע מאכט און אונטערטעניגקייט — א גאנץ באַזונדערע פאָרמע פון ארבייטס־טיילונג, וואָס האָט א גוואַלטיגע באַדייטונג פאר דער וויטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט.

פון שטאַנדפּונקט פון די באַזונדערע גרופּען, דאַרף אויך די מלחמה באַטראַכט ווערען אלס א באַזונדערע אָפּטיילונג פון דער פּראָדוקציע, אלס געזעלשאַפטליכער ארבייטס־קאַמף מיט דער אויסערליכער נאַטור, ווייל זייערע מענשען־שונאים, זיינען פאר זיי פּונקט אַזא טייל פון דער אויסערליכער נאַטור ווי וועלף אָדער טיגערען. אין דער עפּאָכע פון דער פּאַטריאַרכאַלער־משפּחה קריגט אָט דער טייל פון דער פּראָדוקציע א וויכטיגע באַדייטונג, ווייל די ענגשאַפט פון דער באַפעלקערונג, וועלכע איז איז דער צייט פיל גרעסער, ווי פריהער, ברענגט צו אָפטע צוזאַמענשטויסען צווישען מענשען. איבערהויפּט קומט פאָר אימער א קאַמף פאר לאַנקעס צווישען די וואַנדערענדע פיה־צוכט שבטים. די מלחמות העלפען פיל מיט דער פאַרשטאַרקערונג און פאַרפעסטיגונג פון דעם אָרגאַניזאַטאָרס מאַכט. א מלחמה פאָדערט א פאַראייניגטע אָרגאַניזאַציע און א שטרענגע דיסציפּלין. די אבסאָלוטע אונטערטעניגקייט וואָס מוז ארויסגעוויזען ווערען צום פירער אין מלחמה צייטען, ווערט ביסלעכווייז אויך אריבערגעטראָגען אויף פרידליכע צייטען. עס איז גאַנץ מעגליך, אז טאַקע אין דער סביבה פון קריג און יאַגד, איז אַנטשטאַנען די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרישע מאַכט, וועלכע האָט זיך שפּעטער שטופּענווייז אויך אויסגעשפּרייט אויף אַנדערע אָפּטיילונגען פון דער פּראָדוקציע, לויט דעם וואוקס פון זייער קאָמפּליצירטקייט. איבערהויפּט האָט דער פאַרשפּרייטונג פון דער אָרגאַניזאַטאָרישער מאכט געמוזט העלפען דאָס, וואָס פון דעם אָרגאַניזאַטאָר פון יאַגד אָדער קריג איז געווען אָפּהענגיג די פונאַנדערטיילונג פון דעם איינטראָג פון די ביידע אונטערנעמונגען. דאָס האָט שוין ממילא געגעבען דעם אָרגאַניזאַטאָר א באַדייטענדע עקאָנאָמישע מאכט און אויטאָריטעט אין דער גרופּע.

ווי עס ווייזט אוים שטעלט מיט זיך פאָר די אָרגאַניזאַטאָרישע

ארבייט די היסטאָריש, פריהסטע קוואַליפיצירטע ארבייט בכלל. אין דער פּאַרצייטיגער קאָמוניסטישער גרופּע, וואו יעדער איינער האָט גע־קענט די מלאכה, דאָס וואָס אלע אַנדערע האָבען געקענט, קען די אר־בייט פון יעדען איינעם באַטראַכט ווערען אלס אמת'ע פּשוט'ע ארבייט. אַזאַ איז טאַקע די אויספירונגס־ארבייט פון דער מערהייט אין דער פּאַטריאַרכאַלער־פּאַמיליע גרופּע. די ראָליע אָבער פון דעם אָרגאַני־זאַטאָר קען ניט נעמען אויף זיך יעדער איינער; דערצו פאָדערט זיך באַזונדערע ערפאַרונג און מער ווי דורכשניטליכע פעהיגקייטען.

אין זיינע טאַטען רעכענט זיך דער אָרגאַניזאַטאָר, אַמוועניגסטענס אין אָנפאַנג, מיט די אַלגעמיינע אינטערעסען פון דער גרופּע. שטי־צענדיג זיך פון איין זייט אויף די באַדערפענישען פון דער גרופּע און פון דער צווייטער זייט אויף דער צאָל ארבייטס־כחות וואָס זי פאַר־מאָגט, טיילט ער פונאַנדער די ארבייט און שטעלט איין די פאָרמען פון צוזאַמענאַרבייטען און פון ארבייטס־צוטיילונג. עס פאַרשטעהט זיך אז אָט די גאַנצע קאָמפּליצירטע ארבייט פירט ער דורך געהענדיג אויפ'ן אויסגעטראָטענעם וועג פון די מנהגים וואָס זיינען פון די פריהערדיגע דורות אויסגעארבייט געוואָרען. בלויז אין פאַרהעלטענים־מעסיג קליי־נע אפּטיילונגען פון דער פּראָדוקציע, אין וועלכער עס זיינען ניטאָ קיין אָנגענומענע מנהגים, איז דער אָרגאַניזאַטאָר געצוואונגען צו האַנדלען זעלבסטשטענדיג, לויט זיין אייגענער אויסרעכענונג.

די אַלץ מער וואַקסענדע קאָמפּליצירטקייט פון דער אָרגאַניזאַ־טאָרישער טעטיגקייט רופט מיט דער צייט ארויס נייע ענדערונגען אין דעם געבוי פון דער משפּחה־גרופּע. די אויסברייטונג פון דער גרופּע און פון איר פּראָדוקציע מאַכט אוממעגליך אז איין מענש זאָל אליין דורכפירען די גאַנצע אָרגאַניזאַטאָרישע ארבייט; אַ טייל פון איר געהט על פּי נויטווענדיגקייט אריבער צו אַנדערע מיטגלידער פון דער גרופּע, געוויינליך צו עלטערע און ערפאַרענע מענשען. יעדער איינער פון זיי ווערט אַ אָרגאַניזאַטאָר, הגם פון צווייטען ראַנג, פאַר אַ געוויסער טייל פון דער גרופּע, צוליב פאַרשטענדליכע אורזאַכען, פון דעם טייל מיט וועלכען ער איז אַמענגסטען פאַרבונדען דורך בלוט־קרובה'שאַפט. אויף דעם אופן הייבען זיך ביסלעכווייז אָן אַפּזונדע־

רען אין דער גרופע די באזונדערע משפחות, וועלכע גרופירען זיך ארום באזונדערע ארגאניזאטארען, און אן דער שפיץ שטעהט ביי זיי דער פאטריארך. אין דער פאטריארכאלער עפאכע האבען פונדעסטוועגען אט די אפזונדערונגען ניט דערגרייכט קיין באדייטענדע אנטוויקלונג; די איינהייט פון דער גרופע איז געשטאנען איבער אירע איינצעלנע טיילען.

א באזונדערע באדייטונג האט מיט דער צייט געקריגען דעם פאטריארכ'ס משפחה. די מיטגלידער פון אט דער משפחה זיינען נאהענטער ווי אלע אנדערע געשטאנען צו דער אלגעמיינער ארגאניזאטארישער טעטיגקייט און האבען לייכטער ווי אלע אנדערע געקענט ביי זיך אויסבילדען די פעהיגקייטען פאר איר. דערפאר איז טאקע אין די מערסטע פאלען פון זיי דערוויילט געווארען א נייער ארגאניזאטאר, ווען דער אלטער איז געשטארבען אדער איז געווארען אומפעהיג צו טאן זיין ארבייט. עס איז גאנץ נאטירליך, אז די פאטריארכען זאלען געוועזן פרובירען אט דעם מנהג אלץ מער פארשטארקער'ן, זיי פלעגען פון פריהער צוגרייטען זייערע נאהענטסטע קרובים פאר זייער ארגאניזאטארישער ראליע, — און די איבעריגע מיטגלידער — אז זיי זאלען דאס גוטהייסען. וואס ווייטער אלץ מער ערפאלגרייך זיינען זיי אין דעם געוועזן, די וואל פאר א נייעם ארגאניזאטאר האט זיך ביסלעכווייז פארוואנדעלט אין א פוסטער פארמאליטעט, דער פאטריארך האט אנגעהויבען פאקטיש אליין צו באשטימען זיין יורשער, די ארגאניזאטארישע ראליע האט אנגעהויבען איבערגעהן בירושה.

דאס זיינען די אינוועניגע פראדוקציאנס שייכות'ן אין דער פאטריארכאלער גרופע. אויסער דעם באקומט אין דער פאטריארכאלער גרופע אויך, ניט קיין קליינע באדייטונג די ארבייטס־פארבינדונגען צווישען פארשיידענע גרופען.

מיט דער פונאנדערפאלונג פון די משפחה־גרופען, פלעגען זיך די פארבינדונגען צווישען די ניי־ארגאניזירטע גרופען ניט אינגאנצען איבער־רייסען. אין געוויסע פאלען, ווען די כחות פון איין גרופע האבען זיך ארויסגעוויזען פאר ניט גענוג פאר ערגעץ אן ארבייט, פלעגען זיך פאראייניגען פארשיידענע גרופען. וואס זיינען צווישען זיך פאר־

## א. באָגדאַנאָוו

בונדען דורך קרובה'שאַפט, ווי צ.ב.ש. כדי זיך צו פאַרטיידיגען קעגען אַנדערע אַנפאַלענדע גרופען, פאַר יאַגד אויף גרויסע גרופען חיות א. אַז. וו.. אַן דער שפּיץ פון אַזוינע אונטערנעמונגען פלעגען געוויינליך שטעהן אַדער, דער ראַט פון די עלטסטע — אָרגאַניזאַטאָרען, אַדער אַ ספּעציעל דערוויילטער פירער.

גלייכצייטיג מיט אַט דעם אָרגאַניזירטען צוזאַמענאַרבייטען, אַנטוויקעלט זיך ביסלעכווייז אַ צווייטע פאָרמע פון פּראָדוקציאָנס־פאַרבינדונגען צווישען די גרופען, דאָס איז די ניט אָרגאַניזירטע, געזעלשאַפטליכע צוטיילונג פון דער אַרבייט. היות ווי די איבער־אַרבייט ווערט אַ גאַנץ געוויינליכע זאַך, און ביי דער פאַראייניגונג פון ערד־אַרבייט און פיה־צוכט ווערט דאָס אפילו אַ שטענדיגע ערשיינונג, אַנטשטעהט אַן איבערפלוס פון פּראָדוקטען, אַ דאַנק די פאַרשיידענע נאַטור באַדינגונגען אונטער וועלכע די פאַרשיידענע גרופען לעבען, זיינען די איבעריגע פּראָדוקטען זעהר פאַרשיידען. עס איז מעגליך, אַז די ערשטע פאָרמען פון אויסטויש שטאַמען אָפּ פון דעם מנהג, אַז איין גרופּע זאָל אָפּגעבען אירע איבעריגע פּראָדוקטען, אין וועלכע זי נויטיגט זיך ניט, צו אַ צווייטער, וועלכע נויטיגט זיך יע אין זיי. אין דעם אויסטויש דריקען זיך אויס די ניט־אָרגאַניזירטע פּראָדוקציאָנס־פאַרבינדונגען צווישען די פאַרשיידענע גרופען; פאַקטיש פּראָדוצירט שוין ניט יעדע גרופּע בלויז פאַר זיך, נאָר טיילווייז אויך פאַר אַנדערע. די פּראָדוקציע נעמט ביז אַ געוויסען גראַד אַן אַן אַלגעמיינעם כאַראַק־טער פאַר די פאַרשיידענע גרופען. עס איז אָבער פאַר אַט דער אַלגע־מיינער פּראָדוקציע ניטאָ קיין אָרגאַניזאַציע, די אַרבייט פון יעדער באַזונדערער גרופּע איז אָרגאַניזירט גאַנץ זעלבסטשטענדיג.

אַט די פאָרמע פון דער געזעלשאַפטליכער צוטיילונג פון דער אַר־בייט, אין דער צייט פון דער פּאַטריאַרכאַלער פאַמיליע, שפּילט אַ גאַנץ קנאַפּע ראָליע אין דעם לעבען פון יעדער באַזונדערער גרופּע. דער גרעסטער טייל פון די פּראָדוקטען אין וועלכע זי נויטיגט זיך ווערט פּראָדוצירט פון איר אַליין.

אויף דעם אופן דריקט זיך אויס דער אונטערשייד צווישען די פּראָדוקציאָנס־באַציהונגען פון דער פּאַטריאַרכאַלער־משפחה און דער

פּארצייטיג קאמוניסטישער גרופּע. אין דעם וואס די אָרגאניזאטארישע ארבייט ווערט אפּגעזונדערט פון דער אויספירליכער, אין דער אויסברייטונג פון דעם צוזאמענארבייטען אין דער צוטיילונג פון דער ארבייט, אין די גרענעצען פון יעדער גרופּע באזונדער, און אין א קלענערער מאס, צווישען פארשיידענע גרופּען. אויסער דעם אזוי ווי זיי קענען איצט פּראָדוצירען מער פּראָדוקטען, ווי זיי דארפען פאר זיך, הויבט אָן צו שפּילען א באַדייטענדע ראָליע די ניט אָרגאניזירטע פּאָרמע פון ארבייטס־צוטיילונג, וועלכע דריקט זיך אויס אין אויסטויש.

אָט די אַלע פּאָרמען קומען אריין אין לעבען זעהר לאנגזאם, זייער פּולע אנטוויקלונג קומט ערשט דאן, ווען מענשען הערען אויף צו וואנדערען, באזעצען זיך אויף באשטימטע פלעצער, און פארנעמען זיך מיט ערד־ארבייט און פיה־צוכט. דארט וואו מען האָט נאָר נים דערגרייכט צו דער פאראייניגונג פון ערד־ארבייט און פיה־צוכט, זייגען אויך אָט די נייע כאראקטער שטריכען שוואכער. בכלל ווערען נייע לעבענס־פּארמען שנעלער אנטוויקעלט ביי די וואנדערענדע פיה־צוכטער, ווי ביי די ריינע ערד־ארבייטער. די אורזאכע דערפון איז וואס די פיה־צוכט אין יענער צייט איז פּראָדוקטיווער ווי די ערד־ארבייט, און וואס וואנדערענדיג קומט זיי אָפטער אויס זיך צוזאמענשטויסען און זיך צו באגעגנען מיט אנדערע מענשען.

### 3) די פּאָרמען פון פונאנדערטיילונג פון פּראָדוקטען אין דער פאטריארכאלער פאמיליע.

#### א: אָרגאניזירטע פונאנדערטיילונג.

אין דער זעלבער מאס ווי די אָרגאניזאטארישע טעטיגקייט איז אריבער פון דער גאנצער גרופּע צו איין פּערזאן — צום פאטריארד, האָט נויטיגערווייז געמוזט אויך איבערגעהן צו אים, די מאכט צו אָרגאניזירען די פונאנדערטיילונג. בלויז דער אָרגאניזאטאר איז גע־

## א. באָגדאַנאָוו

וועז בכח ריכטיג, און אין איינקלאַנג מיט די אַלגעמיינע אינטערעסעז. צו ענטפערעז אויף די פראַגעז; וואָס פאַר א טייל פון די געשאַפענע פּראָדוקטען מעג מען גלייך פאַרברויכען, וועלכע דאַרפען פאַרברויכט ווערען פאַר דער ווייטערדיגער פּראָדוקציע און וועלכע זאָלען באַהאַל־טען ווערען אויף שפּעטער. בלויז ער האָט געקענט, נעמענדיג אין אַנ־באַטראַכט די ראַליע וואָס יעדער מיטגליד שפּילט אין דער פּראָדוקציע, איינטיילען יעדען איינעם אַזוי פיל, וויפיל עס איז נויטיג כדי ער זאָל קענען אויף ווייטער טאָן ערפאָלגרייך זיין ארבייט.

וואָס מער די מערהייט פון די מיטגלידער פון דער פאַמיליע־גרופּע האָט זיך אָפּגעוואוינט פון דעם פּראַקטישען אַנטייל נעמען אין דער אָרגאַניזאַטארישער טעטיגקייט און אין דעם קאָנטראָל פון דער פונאַנדערטיילונג, אַלץ פעסטער איז געוואָרען דאָס רעכט פון פאַטרי־אַרך אַליין צו פאַרוואַלטען דעם איבערפלוס פון די פּראָדוקטען. וואָס מער די אַלגעמיינע סומע פון איבער־ארבייט איז געוואַקסען, אַלץ באַדייטענדער איז געוואָרען דער חלק פּראָדוקטען וואָס דער אָרגאַני־זאַטאָר האָט פאַרברויכט פאַר זיינע פּערזענליכע צוועקען, עס איז פאָלג־ליך אויך געוואַקסען די אוממעגליכקייט אין דער פאַרטיילונג צווישען אים און די אַנדערע מיטגלידער פון דער גרופּע. דאָ קען מען שוין זעהען דעם אָנהויב פון עקספּלואַטאַציע, אָבער ניט מער ווי דעם אָנ־הויב. דער מענש וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אַזאַ קאָמפּליצירטער ארבייט ווי די אָרגאַניזאַטארישע, האָט בעצם אָפּגעגעבען דערפאַר פיל מער ארבייט, ווי אַנדערע, און עס האָבען זיך דערפאַר ביי אים געמוזט אַנטוויקלען אויך ברייטערע באַדערפענישען. די עקספּלואַטאַציע איז געווען באַגרענעצט שוין דורך דער אַלגעמיינער רייפקייט פון דער פּראָדוקציע אין דער אומבאַדייטענדער פאַרשיידענאַרטיגקייט פון די פּראָדוקטען. דער אָרגאַניזאַטאָר אַליין האָט זיך געמוזט צופרידענ־שטעלען מיט די זעלבע געברויכס־מיטלען ווי די אַנדערע מיטגלידער: אמת, ער האָט געקענט א טייל פון די אַלגעמיינע פּראָדוקטען אויסבייטען ביי א צווייטער גרופּע אויף וועלכע עס איז באַזונדערע געברויכס־מיטלען, דאָס האָט אָבער געקענט פּאַסירען זעהר זעלטען, א דאַנק דער אומבאַדייטענדער אַנטוויקלונג פון אויסטויש אין יענער צייט.

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

ווייטער, אין די פֿאַלען, ווען באַזונדערע משפחות האָבען זיך פֿאַר־אייניגט אין איין אָרגאַניזאַציע — אין א שבט, פֿאַר עריִעץ א ספּע־ציעלער אלגעמיינער אונטערנעמונג, פֿלעגען די פּראָדוקטען פֿון יענער אלגעמיינער אונטערנעמונג (דער איינטראג פֿון אלגעמיינער יאגד, אָדער מלחמה רויב) צוטיילט ווערען פֿון די זעלבע מענשען וואָס האָבען די אונטערנעמונג אָרגאַניזירט, געוויינליך פֿון דעם ראַט פֿון די זקנים. די פֿונאַנדערטיילונג צווישען די גרופּען פֿלעגט זיין אויפ'ן סמך פֿון זייער באַטייליגונג אין דער אלגעמיינער ארבייט.

בכלל אונטערשיידען זיך די אָרגאַניזירטע פֿאָרמען פֿון פֿונאַנדער־טיילונג אין דער צייט, פֿון די פֿריהערדיגע צייטען, ניט בלויז מיט דער אומגלייכהייט אין דער פֿונאַנדערטיילונג און מיט דער עקספּלואַטאַציע, נאָר פֿיל מער דערמיט, וואָס די אָרגאַניזאַטאָרישע טעטיגקייט געהט איבער אין די הענט פֿון אייגצעלנע מענשען, וועלכע אָרגאַניזירען אויך די פֿונאַנדערטיילונג.

ב: די אומאָרגאַניזירטע פֿונאַנדערטיילונג — די אַנטוויקלונג פֿון אויסטויש.

ווען עס ווערט א געוויינליכע ערשיינונג אין דער משפחה צו שאַ־פֿען מער פּראָדוקטען ווי זיי דאַרפֿען גלייך פֿאַרברויכען, פֿאָדערען זיך נאָך צוויי באַדינגונגען כדי עס זאָל זיך אַנטוויקלען אַן אויסטויש: אַן אונטערשייד אין די געשאַפֿענע פּראָדוקטען, און א פּריינטליכע באַציהונג צווישען די באַזונדערע גרופּען. די ערשטע באַדינגונג איז מערסטענטיילס צושטאַנד געקומען א דאַנק דעם אונטערשייד אין די פּראָדוקציאָנס־באַדינגונגען, וואָס די נאַטור האָט געגעבען צו פֿאַר־שיידענע גרופּען; די גרופּע ערד־ארבייטער, וועמעס ערד איז זעהר גוט געווען פֿאַר דאָס וואַקסען פֿון קאָרן און שלעכט — פֿאַר פֿלאַקס, איז אריינגעטראָטען אין אַן אויסטויש באַציהונג מיט א צווייטער גרופּע, ביי וועמען די ערד האָט פֿון זיך דוקא ארויסגעגעבען אסך פֿלאַקס און ווייניג קאָרן. די וואַנדערענדע פֿיה־צוכט גרופּען פֿלעגען אוועקגעבען פֿלייש פֿאַר ברויט א. א. וו. די צווייטע באַדינגונג איז געקומען דורך

# א. באַגדאַנאָוו

די קרובה׳שאַפט פאַרבינדונגען פון די באַזונדערע גרופּען, פאַרבינדונגען וועלכע פלעגען אויפגעהאַלטען ווערען דורך זייערע בשותפות׳דיגע אונטערנעמונגען. שפּעטער, ווען דער אויסטויש אנטוויקעלט זיך שטאַרקער, הויבט אַן דער אונטערשייד אין דער פּראָדוקציע אַלץ מער באַשטימט ווערען, ניט נאָר דורך די אוממיטעלבאַרע נאַטור־באַדינגונגען, נאָר אויך דורך די פאַרשיידענע טעכנישע געוואוינהייטען, וואָס האָבען זיך שוין אנטוויקעלט; און פריינטליכע באַציהונגען צווישען באַזונדערע גרופּען אנטשטעהען אפילו ווען קיין קרובה׳שאַפט איז צווישען זיי ניטאָ.

אין זיין היסטאָרישער אנטוויקלונג געהט דער אויסטויש דורך דריי מדרגות, ער נעמט אָן דריי באַזונדערע פאָרמען.

די ע ר ש ט ע אדער די איינפאַכע פאָרמע געהערט צו דער צייט ווען דער אויסטויש איז בכלל געווען אַ זעהר זעלטענע ערשיינונג, אפשר טאַקע בלויז אין דער עפּאָכע פון דעם פאַרצייטיגען קאָמוניזם. צופעליג באַגעגענען זיך צוויי מענשען, געוויינליך זיינען דאָס פאַרשטעהער פון צוויי משפחות. יעדער איינער פון זיי האָט אַ פּראָדוקט וואָס איז ניט נויטיג פאַר אים, וואָס איז אָבער יע נויטיג פאַר׳ן צווייטען. מיר האָבען פאַר זיך בלויז צוויי פּראָדוקטען, צ.ב.ש. אַ האַק און ברויט, אזא אויסטויש קען פאָרמולירט ווערען אזוי:

1 האַק איז גלייך צו 2 מעסטלאַך קערנער.

אדער אַנדערש:

דער טויש־ווערט פון 1 האַק, איז 2 מעסטלאַך קערנער.

(בכלל איז דער טויש ווערט פון אַ פּראָדוקט דער סכום פון אַ צווייטען פּראָדוקט, וועלכען מען גיט פאַר אים).

צום ערשטען מאָל ווערען די פּראָדוקטען פאַרוואַנדעלט אין סחורות, אין א ו י ס ט ו י ש ־ ג ע ג ע נ ש ט א נ ד ע ן. אָבער אין יענער צייט איז זייער ראָליע אַלס סחורה בלויז אַ צופעליגע, און דער פּראָדוצענט אריינטרעטענדיג אין אויסטויש באַציהונגען, קען נאָך ניט אויסקלייבען צווישען פיל פּראָדוקטען, וועלכע ער זאָל קענען קריגען.

די צווייטע אדער פ ו נ א נ ד ע ר ג ע ו ו י ק ע ל ט ע פאָרמע פון אויסטויש געהערט צו דער צייט ווען דער אויסטויש ווערט

שוין א מער געוויינליכע ערשיינונג, און די פארבינדונגען צווישען מענשען ברייטערען זיך באדייטענד אויס. דא באגעגענען זיך גלייכצייטיג ניט קיין צוויי נאר פיל מער סחורות. דער פארקויפער ברענגט זיין האק, מען לעגט אים פאר איר 2 מעסטלאד קערנער, פון איין זייט, 1 שעפס פון דער צווייטער, א. אז. וו. ער קען אויסקלייבען פון די פארשיידענע סחורות, ער האט פאר זיך א מ א ר ק. די פארמע פון דעם אויסטויש איז דאן אזא:

1 האק איז גלייך צו 2 מעסטלאד קערנער
אדער 1 שעפס
אדער 8 שפיזען א. אז. וו.

די צווייטע פארמע פון אויסטויש קען זיך אין לעבען לאנג ניט האלטען און געהט גאנץ שנעל איבער אין דער דריטער, מער אנטוויקעלטער, אדער אין דער ג ע ל ט פ א ר מ ע.

דער פראדוצענט פון א האק געהט אין מארק כדי אויסצוטוישען זיין האק אויף א שפיז. עס קען זיך אבער זעהר זעלטען טרעפען, אז גראד דער וואס פארמאגט דעם שפיז זאל דארפען א האק, עס קען אפילו טרעפען אז אויפ'ן מארק איז גאר אין דער צייט קיין שפיזען ניטא. דעם פארקויפער פון דער האק לעגט מען פאר פון אלע זייטען סחורות, וועלכע ער דארף ניט, פאר זיין האק וויל אים איינער געבען 2 מעסערס, א צווייטער צוויי גע'הרג'טע האזען א. אז. וו. וואס זאל ער טאן? נאכדענקענדיג אביסעל נעמט ער דעם שעפס. זיין חשבון איז לפי ערך אזוי; „הגם איך האב נאך דערווייל גענוג פלייש, אבער אויפ'ן ערגסטען פאל קען דער שעפס ביי מיר לעבען ביז איך וועל זיך אין אים נויטיגען, אויב אבער איך וועל זיך באגעגענען מיט איינעם וואס פארקויפט שפיזען, וועט ער זיך גיכער מיט מיר בייטען פאר דעם שעפס איידער פאר א האק; עס קען זיין אז קיין האק דארף ער גארניט, א שעפס אבער קען צוניץ קומען יעדען איינעם און בכלל נעמען אלע אין מארק גאנץ וויליג שעפסען.“ זיינע דערווארטונגען ווערען מקוים, דער פארקויפער פון שפיזען בייט זיך מיט אים גאנץ וויליג, טאקע צוליב די זעלבע טעמים.

ווערט געשאפען א שטארקע אלגעמיינע נאכפראגע אויף בהמות

## א. באָגדאַנאָוו

ווערט מען ביסלעכווייז צוגעוואוינט יעדער אנדער זאך צו בייטען אויף א וועלכער עס איז בהמה, אויב אויף'ן מארק געפינט זיך גראדע ניט די ספעציעלע סחורה וואס דער קויפער וויל. דער דירעקטער בייטען זיך מיט סחורות פארשווינדט. אויב יעדע סחורה מוז פריהער אויסגעטוישט ווערען אויף בהמות, כדי מען זאל פאר די בהמות קענען ווידער אויסבייטען אויף עפעס אנאנדער סחורה, איז קלאר, אז אט דער ספעציעלער סארט סחורה — די בהמות — ווערט אן א ו י ס־ ט ו י ש מ י ט ע ל, א מיטעל פאר דער צירקולאציע פון סחורות.

דערפון קומט ארויס די דריטע פארמע פון אויסטויש:

| | |
|---|---|
| 1 האק | זיינען גלייך צו 1 שעפס. |
| אדער 2 מעסערס | |
| אדער 8 שפיזען | |
| אדער 2 מעסטלאך קערנער | |

אזא ספעציעלע סחורה וואס דינט אלס אויסטויש מיטעל רופט זיך ג ע ל ט. דער טויש—ווערט פון א סחורה אין געלט ווערט באצייכענט מיט'ן אויסדרוק ו ו ע ר ט.

דער געברויך פון געלט פארלייכטערט זעהר פיל די ווייטערדיגע אנטוויקלונג פון אויסטויש. געלט, ווערט דער ש ט ע נ ד י ג ע ר כאראקטער פון די אויסטויש פארבינדונגען צווישען די פארשיידענע גרופען.

יעדענפאלס, די צייט, וועגען וועלכער מיר ריידען דא, די צייט פון דער פאטריארכאלער משפחה, כאראקטעריזירט זיך מיט א לפי־ערך שוואכער אנטוויקלונג פון אויסטויש, און מיט דער אומבאדייטענדער ראליע, וועלכע זי שפילט אין דער אלגעמיינער עקאנאמישער סיסטעם. בלויז אן אומבאדייטענדע צאל פון פראדוקטען געהט אין יענער צייט אויף'ן מארק, און בלויז אן אומבאדייטענדער טייל פון זייערע באדערפענישען ווערט באפרידיגט דורך פראדוקטען וועלכע די גרופע זעלבסט האט ניט געשאפען. אין דעם איז ניטא קיין ווידערשפרוך געגען דעם וואס די אלגעמיינע אנטוויקלונג פון מארק האט שוין אין די פריהסטע צייטען פון דער פעריאדע געשאפען אלע מעגליכקייטען פאר דער אנטשטעהונג פון דער געלט־פארמע פון אויסטויש.

# פאָליטישע עקאָנאָמיע

די געשיכטע פון דער געלט־פאָרמע פון אויסטויש באַשטעהט אין א רייהע ענדערונגען פון פאַרשיידענע סחורות וואָס האָבען געדינט אלס געלט.

אין אנפאנג האָט די ראָליע פון געלט געשפּילט די סחורה וואָס איז צוליב וועלכע עס איז אורזאכען געוועזען די אממערסטענס פאַר־שפּרייטע. דאָס האָט געקענט זיין, פעל, זאַלץ אָדער ספּעציעלע ים געוויקסען א. אז. וו. מען קען נאָך איצט טרעפען ווילדע שבטים וואָס באַנוצען זיך מיט פאַרשיידענע סחורות אנשטאָט געלט. אין צוויי באַזונדערע דערפער קענען דינען צוויי באַזונדערע סחורות אלס געלט. אין די לענדער וואו עס וואוינען וואַנדערענדע שבטים דינען בהמות מערסטענס אלס געלט. אין מזרח אייראָפּע איז אזוי נאָך געוועזען ביז ארום 10טען יאָרהונדערט פאַר קריסטוסען; אין האָמערס גריכישע פאָלקס־לידער קען מען געפינען ווי א מעשענער מעסער מיט דריי צינג־לער ווערט אָפּגעשאַצט אין 12 אָקסען, א גאָלדענער פאַנצער אין 100 אָקסען א. אז. וו.*)

ביסלעכוויז ווערען די געלט־בהמות ארויסגעשטופּט און ווערען פאַרביטען אויף מעטאַלען. אין אָנפאַנג טרעטען ארויס אויף דער סצענע קופּער און אייזען געלט. עס ווייזט אויס אז אָט די מעטאַלען האָבען זיך פאַרקויפט ניט ווענינער ווי בהמות, ווייל די מעטאַלישע געוועהר און געצייג זיינען פאַר יעדער באַלעבאָטישקייט געוועזען פון דער ערשטער נויטווענדיגקייט. גלייכצייטיג אָבער באַזיצען די מעטאַלען אזוינע מעלות, א דאַנק וועלכע זיי זיינען טעכניש מער צוגעפּאַסט צו דינען אלס געלט. ערשטענס, קען מען זיי לייכט טיילען אויף קליינע שטיקלעך, אין דער צייט וואָס א בהמה קען מען ניט טיילען, סיידען מען דער'הרג'עט איר. צווייטענס, זייגען מעטאַלען איינאַרטיג און די באַזונדערע טיילען באַזיצען די זעלבע אייגענשאַפטען בעת די אנדערע סחורות, בהמות אריינגערעכענט, באַזיצען יענע מעלות ניט; איין שעפּס קען ניט זיין אבסאָלוט גלייך צו א צווייטען. דריטענס, קענען

*) אין די ענגלישע קאָלאָניעס אין אמעריקע אין דעם 17טען און אין דעם 18טען יאָרהונדערט האָט ט אָ ב אַ ק געדינט אלס געלט.
(רעדאקטאָר).

## א. באָגדאַנאָוו

מעטאַלען לאַנג אויפגעהאַלטען ווערען, אפילו קופּער און אייזען וועלכע ווערען אביסעל איבערגעפירט אונטער דער ווירקונג פון לופט און פייכטקייט, קענען דאָך לאַנג אויפגעהאַלטען ווערען. פערטענס, פאַר־נעמען מעטאַלען א קלענערען פּלאַץ און וואָג אין פאַרגלייך מיט די אנדערע טויש־ווערטען. (דאָס לעצטע איז אָפּהענגיג, ווי דאָס וועט שפּעטער קלאָר געמאכט ווערען, פון דעם לפי־ערך׳דיג־גרויסען אר ב׳ייטס־ווערט פון די מעטאַלען).

שפּעטער ווערען די קופּער און אייזען פאַרביטען אויף זילבער און גאָלד. אין די ערדעלע מעטאַלען זיינען די אלע, פריהער אויסגע־רעכענטע מעלות פאַראַן נאָך אין א גרעסערער מאָס. אויפ׳ן ערשטען בליק קען זיך אויסווייזען אז מיר האָבען דאָ פאַר זיך א זעהר הארבע שאלה: ווי איז דאָס מעגליך געוועזן, אז אָט די מעטאַלען וואָס זיינען כמעט נוצלאָז אין דער פּראָדוקציע זאָלען געקויפט ווערען פונקט אזוי וויליג ווי בהמות, אייזען א. אז. וו. דאָס דערקלערט זיך אָבער גאַנץ פּשוט. אפילו אין דער איצטיגער צייט ווערט צירונג פאַרקויפט גאַנץ לייכט. אומאַנטוויקעלטע מענשען, איבערהויפּט אומאַנטוויקעלטע פרוי־ען זיינען גרייט זיך אָפּצוזאָגען פון דאָס נויטיגסטע, כדי צו קענען אָנ־הענגען אויף זיך עפּעס א שעהנע צאַצקע. די ניט קולטורעלע, און האַלב קולטורעלע פעלקער האָבען זעהר ליב צירונג און האַלטען עס זעהר טייער. די אייראָפּייאישע סוחרים קויפען אָפּ ביי די ווילדע, סחורות פון גרויסען ווערט, פאַר א וועלכען עס איז שנירעל פּאַטשערקעס. די נאָכפראַגע אויף צירונג האָט אויף אַזאַ אופן באַשאַפען די מעגליכקייט פאַר דעם איבערגאַנג פון אייזען און קופּער געלט צו זילבערנע און גאָלדערנע.

אין אָנפאַנג פלעגט דער ווערט פון געלט באַשטימט ווערען פּשוט דורך זייער וואָג. די חשבונות פלעגען געפירט ווערען ביים קויפען און פאַרקויפען פּשוט דורך אָפּוועגען די מעטאַלען.

מיט׳ן אויסטויש איז ענג פאַרבונדען א צווייטע געזעלשאַפטליכע פאָרמע פון פונאַנדערטיילונג: — ד ע ר ק ר ע ד י ט.

ווען דער אויסטויש ברייטערט זיך אויס, מוזען אָפט פאַרקומען אזוינע פאַלען, ווען דער מסחר ווערט געשטערט דורך דעם וואָס דער

קויפער האָט ניט די נויטיגע מיטלען. די סחורה דאַרף ער גלייך, אָבער געלט, כדי גלייך צו באַצאָלען האָט ער ניט, אָדער ער האָט ניט געגנוג, הגם עס איז זיכער פאַר'ן פאַרקויפער אז אין אַ קורצער צייט אַרום וועט דער קויפער יאָ האָבען די געלט. אין אַזאַ פאַל שטימט אָפּט איין דער פאַרקויפער אויסצובאַרגען זיין סחורה צום קויפער, געבען דאָס אויף ק ר ע ד י ט. דאָס וואָרט „ק ר ע ד י ט" מיינט „צ ו ט ר ו י ע ן"; אַ קרעדיט אָפּמאַך האָט אלס גרונט דעם צוטרויען, אָדער גלויבען אין דער ערליכקייט און פאַרמעגליכקייט פון דעם בעל־חוב.

צו דער באַשטימטער צייט באַצאָלט דער בעל חוב דאָס געלט; דאָ שפּילט שוין דאָס געלט אַ נייע ראָליע, עס איז אַ צ אָ ל ו נ ג ס־ מ י ט ע ל.

„צוטרויען" קריגט מען געוויינליך ניט פאַר אומזיסט, דער חוב ווערט אימער באַצאָלט מיט וועלכע עס איז פּראָצענטען.

אין ענגער פאַרבינדונג און אין דער זעלבער צייט ווי עס אַנטשטעהט דער ריינער סחורה־קרעדיט, אַנטוויקעלט זיך אַ צווייטער סאָרט קרעדיט, וואָס ווערט געוויינליך אָנגערופען, ו ו אָ כ ע ר, ד.ה. די פאָרמע פון לייהען אַ צווייטען מזומן געלט אויף פּראָצענטען.

דער קרעדיט זעצט פאָראויס ניט נאָר אַז עס איז פאַראַן אויסטויש, נאָר אויך אַז עס איז שוין פאַראַן געלט.

### 4) די גרונט־שטריכען פון דער פּסיכאָלאָגיע פון דער צייט פון דער פּאַטריאַרכאַלער משפּחה.

דאָס וואָס איין מענש אין דער משפּחה־גרופּע, ווערט דער אָרגאַניזאַטאָר פון איר פּראָדוקציע פאַרענדערט די באַציהונגען פון דעם יחיד צו דער גרופּע און איר פּסיכאָלאָגיע בכלל.

אויב עס האָט זיך פאַרקלענערט די מאַכט פון דער נאַטור איבער'ן מענשען, איז דערפאַר אַנטשטאַנען אַ נייע מאַכט; די מאַכט פון

## א. באַגדאַנאָוו

איין מענשען איבער'ן צווייטען. בעצם איז דאָס געווען די פריהערדיגע מאַכט פון דער גרופּע איבער אירע איינצעלנע מיטגלידער, איצט איז זי אריבער צו איין מענשען — צום פּאַטריאַרך.

די גלייכהייט אין דער פונאַנדערטיילונג פון פּראָדוקטען איז פאַרשוואונדען, דער גאַנצער פּראָדוקט פון דער איבער־ארבייט ווערט פאַרוואַלטעט פון דעם אָרגאַניזאַטאָר. אָבער די אומגלייכהייט האָט נאָך ניט אין דער צייט קיין שאַרף אויסגעשפּראָכענעם כאַראַקטער. דער אָרגאַניזאַטאָר טיילט נאָך אַלע איין יעדען מיטגליד די נויטיגע לעבענס־מיטלען, כדי צו דערהאַלטען זיין לעבען און קענען דערפילען זיינע פליכטען, פּונקט ווי דאָס פלעגט פריהער טאָן די גרופּע. דער אָרגאַ־ניזאַטאָר זעלבסט איז אין זיינע באַדערפענישען ניט ווייט אוועק פון אַלע איבעריגע מיטגלידער פון דער גרופּע.

די געגענזייטיגע הילפס־פאַרבינדונג, די ענגע צוזאַמענגעבונדענ־הייט פון דער גרופּע אין איר קאַמף געגען דער אויסערליכער וועלט, וואַקסט נאָך מער אויס אין פאַרגלייך מיט דער פריהערדיגער צייט. ערשטענס, ווערען אירע מיטגלידער פיל נעהענטער איינער צום צווייטען א דאַנק די אויסגעבעסערטע פאָרמען פון צוזאַמענארבייטען, פריהער אין דער צייט פון דעם פּשוט'ן צוזאַמענארבייטען פלעגט יעדער איינער קענען טאָן זיין ארבייט באַזונדער, אומאָפּהענגיג פון אַלע אנדערע, און האָט פאָלגליך ניט אזוי געפילט זיין צוזאַמענבונד מיט די איבעריגע. צווייטענס, געווינט די משפּחה טיילווייז פון דעם וואָס אין דער פּערזאָן פון פּאַטריאַרך געפינט זי פאַר זיך א קאָנקרעטע לעבעדיגע פאַרקער־פּערונג.

אין דער זעלבער צייט, און א דאַנק דיזעלבע אומשטאַנדען אנט־שטעהען אין דער משפּחה־גרופּע די ערשטע סמנים פון אינדיווידוא־ליזם, וועמעס עצם עס באַשטעהט אין דעם וואָס, דער מענש הויבט אָן אין זיין באַוואוסטזיין אָפּטיילען זיין „איך" און „מיינע" פון דער גרופּע. עס באַווייזען זיך פּערזענליכע אינטערעסען. — אין דער צייט ווען פריהער זיינען בלויז געווען אינטערעסען פון דעם כלל.

די ראָליע פון דעם אָרגאַניזאַטאָר אין דער פּראָדוקציע איז געווען

א גאנץ אייגענארטיגע, און האָט געהערט בלויז צו אים אליין; דאָס איז די גרונט־אורזאַך, וואָס האָט ארויסגערופען אין זיין פסיכיק די אינדיווידואַליסטישע געפילען און פאַרשטעלונגען. פון אָט דער גרונט־אורזאַך, האָבען ארויסגעשטראָמט אויך אנדערע, וואָס האָבען געווירקט אין דער זעלבער ריכטונג.

דער אָרגאַניזאַטאָר האָט פאַרוואַלטעט אַלע געזעלשאַפטליכע זאַפּאַסען, דעם גאנצען סכום פון דעם אַרבייטס־איבערפלוס; דאָס האָט אים געגעבען א מעגליכקייט אויסצוברייטערען זיינע אייגענע באַדערפעניסען, און דערמיט זיך נאָך מער אָפּטיילען פון די איבעריגע מיטגלידער פון דער גרופּע. ביים אויסטויש איז ער אימער אַרויסגעטראָטען אלס דער פאַקטישער באַלעבאָס פון דעם גאַנצען אייגענטום וואָס די גרופּע האָט פאַרמאָגט. האַנדעלנדיג צו טאָן דערביי מיט א צווייטען אָרגאַניזאַטאָר, האָט ער זיך צוגעוואוינט צו באַטראַכטען סיי זיך, און סיי דעם צווייטען אָרגאַניזאַטאָר, אלס די אייגענטימער פון די סחורות, וואָס ווערען אויסגעטוישט. אויף דעם אופן אַנטוויקעלט זיך שטופּענוויז דאָס פּריוואַטע אייגענטום. אין אַנפאַנג האָט דער טויש פון סחורות צווישען באַזונדערע גרופּען אין וועלכען די גרופּען זיינען ארויסגעטראָטען אלס די באַלעבאַטים, געמוזט שאַפען דעם באַגריף פון פּריוואַטען גרופּען־אייגענטום, און שפּעטער, ווערט א דאַנק דער באַזונדערער ראָליע פון די אָרגאַניזאַטאָרען אין דעם אויסטויש, וואָס פאַרענדערט ווייטער די פּסיכיק פון די מענשען, געבוירען די אידעע פון פּערזענליכען פּריוואַטען אייגענטום.

די אידעע פון פּערזענליכען אייגענטום האָט זיך פונדעסטוועגען ביי דעם אָרגאַניזאַטאָר געקענט איינוואָרצלען פעסט אין זיין געדאַנק ערשט ווען זיין ראָליע האָט אָנגעהויבען איבערגעהן בירושה, ווען די גרופּע האָט אויפגעהערט צו דערוויילען איר פּאַטריאַרך; ווען עס איז, פאָלגליך, פאַרשוואונדען יעדער סמן פון דער אַנטשטעהונג פון זיין מאַכט. ערשט דעמאָלט געפינט דער אינדיווידואַליזם א פעסטען באָדען פאַר זיין אַנטוויקלונג. ביים אָרגאַניזאַטאָר ווערט אַלץ פעסטער די באַציהונג צו דעם אייגענטום פון דער גרופּע, אלס זיין פּריוואַט אייגענטום, און אַלץ מער ווערט פאַרשוואונדען די פאַר־

## א. באָגדאַנאָוו

שטעלונג לויט נאָך וועלכער ער איז ניט מער ווי אַן אנגעשטעלטער פון דער גרופּע צו טאָן געוויסע אָרגאַניזאַטאָרישע ארבייט, אונטער דער אויפזיכט און קאָנטראָל פון דער גרופּע. וואָס מער דער קאָנטראָל פון דער גרופּע איבער איר אָרגאַניזאַטאָר איז פאַרשוואונדען, הויבט דער לעצטער אָן פּאָדערען, אז אלע מיטגלידער זאָלען זיך אים אין אלץ אונטערוואַרפען, ער ווערט דורכגעדרונגען פון דער אידעע פון זיין אבסאָלוטער באַלעבאַטישקייט איבער די אנדערע מיטגלידער. אָט די אנשויאונג האָט אין איר אנטוויקלונג ניט געקענט אויסמיידען דעם ווידערשטאַנד פון די אנדערע גרופּע מיטגלידער, ניט איין מאָל האָבען די גרופּען, ווארשיינליך געמוזט איבערלעבען שווערע אינערליכע קאמפּען. פונדעסטוועגען האבען די שטרעבונגען פון דעם אָרגאַניזאַטאָר, פריהער אדער שפּעטער, געזיגט, דערפאַר ווייל זיי זיינען געווען אין איינקלאנג מיט דער ווירקליכקייט. דער אָרגאַניזאַטאָר האָט באַזעסען די ווירקליכע מאַכט איבער די פּראָדוקטען און איבער די מענשען, און זיין מאַכט איז דעמאָלט געווען ווירקליך נויטיג פאר דער גרופּע. אויף אָט דעם אופן ווערט דער פּאַטריארך פאַרוואַנדעלט אין דעם איינציגען אייגענטימער און פּולען הערשער אין זיין גרופּע.

בעצם זיינען די פּסיכאָלאָגישע אונטערשיידען וואָס זיינען אנטשטאַנען צווישען דעם אָרגאַניזאַטאָר און די איבעריגע מיטגלידער פון דער גרופּע ניט געווען קיין זעהר גרויסע, ווייל די גרונט-ליניען פון זייער דענקען זיינען בכלל געבליבען דיזעלבע ביי אַלעמען; דאָס זיינען געווען די פולע, אבסאָלוטע אונטערטעניגקייט צום מנהג, און די אנשויאונג אויף דער גרופּע אלס אַן איינהייט, אויסער וועלכער, עס איז ניט דענקבאַר די עקזיסטענץ פון אַן איינצעלנעם. אַפילו דער פּאַטריאַרך אליין, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס זיין פּסיכיק איז געווען פאַר־העלטניסמעסיג רייכער, האָט זיך ניט געקענט באַוואוסטזיניג אויפ־הויבען איבער די גרונטלאגען פון דער גרופּע, וואָס האָבען זיך איינ־געוואָרצעלט אין דעם לעבען און ערפארונגען פון דער גרופּע אין פאַר־לויף פון דורות און דורות, ער האָט אויסער דעם ניט געהאט קיין אנרעגונג צו שטעלען זיך אין געגענזאַץ צו זיי. דער אָרגאַניזאַטאָר איז ניט געווען קיין גאָניע, קיין מענש פון אויסערגעוויינליכע פעהיג־

קייטען. ער איז בלויז געווען דער עלטסטער פון דער פאמיליע, א מענש מיט א יאָרען־לאַנגער ערפאַרונג. זיין אָרגאַניזאַטאָרישע אר־בייט איז באַזירט געווען פריהער פון אַלעם אויף זיינע עראַינערונגען. ווי אַזוי זיינע פאָרלויפער פלעגען טאָן דיזעלבע ארבייט, און בלויז אין אומבאַדייטענדע אויסנאַמס־פאַלען, האָט ער זיך געשטיצט אויף זיך אַליין, אויף זיין אייגענער אויסרעכענונג. דער מנהג האָט געקע־ניגט אין זייערע נשמות פונקט אַזוי אבסאָלוט, ווי אין די נשמות פון זייערע אור־עלטערען—אין דער פאַרצייטיגער קאָמונע. די פאָרשטעלונג וועגען דער אומצוטיילבאַרקייט פון דער גרופע האָט פונקט אַזוי באַ־הערשט די נשמה פון דעם אָרגאַניזאַטאָר, ווייל אויך פאַר אים וואָלט בשום אופן ניט מעגליך געווען צו לעבען אויסער דער גרופע, ווייל פון קיין אנדערע געזעלשאַפטליכע פאַרבינדונגען אויסער דער פאַ־מיליע־גרופע האָט ער ניט געוואוסט, און א לעבען אויסער וועלכער עס איז געזעלשאַפט, מיינט טויט. נאָך אין א גרעסערער מאָס איז דאָס אמת פאַר די איבעריגע מיטגלידער פון דער גרופע. בכלל איז א דאַנק דער נייער אָרדנונג, ניט צושטערט געוואָרען דער קאָנסער־וואַטיזם פון מנהג, דער פערזענליכער באַוואוסטזיין האָט זיך בלויז אָנגעהויבען אויסטיילען פון דער גרופע. פאַרשוואונדען געוואָרען איז בלויז די פאָרשטעלונג וועגען דער איין־אַרטיגקייט פון דער גרופע.

די פסיכאָלאָגיע פון דער פאַטריאַרכאַלער גרופע, האָט זיך אַלזא אין אירע אַלגעמיינע שטריכען כמעט ווי ניט אונטערשיידט פון דער פאַרצייטיגער קאָמוניסטישער. די פריהערדיגע שטערונגען וואָס זיינען געשטאַנען אויפ'ן וועג פון אַנטוויקלונג זיינען פאָלגליך פאַרבליבען אויך איצט כמעט, אין זייער גאַנצער שטאַרקייט. מיר מוזען זאָגען „כמעט“, ווייל נאָך אַלעמען, זיינען פאַרט אַנטשטאַנען אַזוינע כחות, וואָס האָבען אָט די שטערונגען אָפּגעשוואַכט, הגם דערווייל נאָך אין א שוואַכער מאָס. די שוואַכע, ניט באַשטענדיגע, באַציהונגען און פאַרבינדונגען צווישען די פאַרשיידענע גרופען, האָבען פונדעסטוועגען פאַרט אויס־געבריטערט דעם האָריזאָנט פון דער פערזענליכקייט, און באַגעגענדיג

## א. באָגדאַנאָוו

זיך מיט פאַרשיידענע אַנדערע פאָרמען און מנהגים, איז ביי אים אָפּ־געשוואַכט געוואָרען זיין קאָנסערוואַטיזם.

איצט נאָך איין פראַגע: אויף וויפיל איז דער מענשליכער באַ־וואוסטזיין פון יענער צייט, געוועזן פעהיג צו דינען אַלס מאַטעריאַל פאַר ווייטערער אַנטוויקלונג.

עס פאַרשטעהט זיך אַז די פיל טויזענטער יאָרען פון דעם לעבען פון די פאַמיליע־גרופּען זיינען ניט געוועזן אינגאַנצען אומזיסט: זייער גייסטיגער פאַרמעגען איז געוואָרען ברייטער און פאַרשיידענאַרטיגער. דער פּראַקטישער וויסען האָט אָנגעהייבען פאַרנעמען אין זייער פּסי־כיק א גרעסערען אָרט, דער פאַנטאַסטישער — א קלענערען. די אויס־ברייטונג פון זייער פּראָדוקציאָנס פעלד האָט מיט זיך געבראַכט אויך די אויסברייטונג פון דעם פעלד פון זייער וויסען. וואָס מער עס פאַרקלענערט זיך זייער שרעק פאַר די נאַטור כחות, אַלץ מער וואַקסט זייער נייגעריגקייט, זייער ליבע צו וויסען.

עס וועט ניט זיין ווייט פון אמת, אָנצונעמען אַז טאַקע אין אָט דער צייט פון וועלכער מיר רעדען איצט הויבט דער מענש אָן צום ערשטען מאָל זיך דערקלערען די נאַטור, זוכען א פאַרבינדונג צווישען די פאַרשיידענע ערשיינונגען; צום ערשטען מאָל אַנטשטעהט דאָס וואָס קען פיל וועניג באַצייכענט ווערען מיט׳ן טערמין „וועלט־אַנ־שויאונג“. דער עצם פון אָט דער וועלט אַנשויאונג איז געוועזן דער נאַטירליכער פעטישיזם.

אין אַלע צייטען האָט דער מענשליכער געדאַנק געזוכט צו דער־קלערען זיך דאָס ווייטע דורך דאָס נאָהענטע, דאָס אויסערגעוויינליכע דורך דאָס געוויינליכע, דאָס אומפאַרשטענדליכע דורך דאָס פאַר־שטענדליכע. א נייע ערשיינונג שיינט צו זיין דערקלערט, אויב מען קען דאָס אריינפּאַסען אין די ראַמען פון אַלטע באַאָבאַכטונגען. דאָס נאָהענטסטע, דאָס געוויינליכסטע פאַר׳ן מענשען זיינען זיינע באַצי־הונגען צו זיינע מיטמענשען. א דאַנק דעם, האָט דער אַלגעמיינער כאַראַקטער פון דעם מענשענס וועלט־אַנשויאונג, אין אַלע צייטען געטראָגען אויף זיך דעם שטעמפּעל פון זייערע געזעלשאַפטליכע

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

שיכות׳ן, א שטעמפּעל וואס איז אין מאנכע פאלען געוועזן מער קענטיג און אין אנדערע — ווייניגער. דאס זעלבע דארף געזאגט ווערען אויך וועגען דער פאטריארכאלער פאמיליע־גרופּע; דער נאטירליכער פעטישיזם איז געווען, אזא בליק אויף דער נאטור, לויט נאך וועלכען די שיכות׳ן צווישען זאכען זיינען געווען גלייך ווי די שיכות׳ן צווישען מענשען.

די אפטיילונג פון דער ארגאניזאטארישער ארבייט פון אלע אנדערע האט אין די אינערליכע באציהונגען פון דער גרופּע געשאפען א סארט אייגענארטיגע צווייאיגקייט. דער גייסטיגער כח איז עפּעס אזוי ווי אפּגעטיילט געווארען פון דער גראבער פיזישער. דער באוואוסטזיניגער אנהויב — פון דעם סטיכישען; די ערשטע האט אנגענומען די פארמען פון מאכט, די צווייטע — פון אונטערטעניגקייט. די ערשטע איז פארקערפּערט געווארען אין דעם פערזאן פון דעם פאטריארך, די צווייטע — אין די איבעריגע מיטגלידער פון דער גרופּע. גלייכצייטיג זיינען אבער אט די ביידע עלעמענטען געווען אומצוטיילבאר און אומדענקבאר איינס אן דאס צווייטע. די אויספירליכע טעטיגקייט פארלירט יעדע צוועקמעסיגקייט, ווען מען נעמט פון איר אוועק דעם ארגאניזאטארישען ווילען, און דאס לעצטע איז נוצלאז דארט וואו עס פעלט דאס ערשטע.

אין דער טעטיגקייט פון מענשען, איז דער מענש געוואוינט געווען צו זעהן דעם רעזולטאט פון דעם ארגאניזאטארישען ווילען, וואס האט געווירקט אויף דער מער גראבער, אויספירליכער קראפט. אויף דעם זעלבען אופן האט ער זיך דערקלערט אויך אנדערע פאסירונגען וואס ער האט באאבאכטעט אין דער אויסערליכער וועלט. יעדע ערשיינונג ווערט פאר אים פארוואנדעלט אין אן אומצוטיילבארער פארייניגונג פון צוויי עלעמענטען; א ווילען וועלכער באפעלט און א מאטעריעלער כח וואס פאלגט. זאל זיין אז ער באמערקט נאר דאס צווייטע, ער איז אבער סיי ווי ניט פעהיג דאס צו פארשטעהן אהן דאס צווייטע, און נעמט אן אז עס איז אן ארגאניזאטארישער ווילען דארט אפילו וואו ער באמערקט דאס ניט. אויף דעם אופן אנטשטעהען די

# א. באָגדאַנאָוו

„נשמות פון זאכען", זיי פארבייטען די אורזאכען פון זאכען, דער באוואוסטזיין קען צייטווייליג זיך בארוהיגען א דאנק זיי. דער מענש האט זיי אבער געזוכט אומעטום אין שטיינער און געוויקסען אין חיות און מענשען, אין פייער און וואסער. די נאטור, און אלע אירע ער־שיינונגען האט זיך דעם דאמאלסטדיגען מענשען פארגעשטעלט, אלס איינארטיגע — צווייאיגקייט.

געוויינליך דערקלערט מען די אנשטעהונג פון דעם נאטוראלען פעטישיזם אדער א נ י מ י ז ם, אויף אט דעם אופן. נאך דער צושטערונג פון א וועלכער עס איז זאך, נאך דעם טויט פון חיה אדער מענש, פארבלייבט אין מענשליכען זכרון אויף א געוויסער צייט די אפבילדונג פון דער זאך. די א פ ב י ל ד ו נ ג ביים ווילדען מענ־שען צייכענט זיך אויס מיט איר לעבעדיגקייט און קלארקייט, אזוי אז דאס קומט גאנץ נאהענט צו דער דירעקטער עמפינדונג. אין חלום קומט די זעלבע זאך ווי עפעס וואס איז דורכאויס ווירקליך. עס ווערט דערפון געבוירען די איבערצייגונג, אז די זאך וואס איז פאר־ניכטעט געווארען, דער ארגאניזם וואס איז פארלארען געגאנגען, בלייבט נאך אלץ עקזיסטירען פאר א געוויסער צייט, אז עפעס בלייבט דאך איבער פון זיי. די באאבאכטונג פון מענשען ווען זיי שלאפען אדער ווען זיי חלש'ען, אדער פון טויטע קערפערס, פארשטארקען אט דעם גלויבען נאך פון א צווייטער זייט. עס איז קלאר אז מאנ־כעס מאל זעהט מען ווי דעם ארגאניזם וואס האט זיין פריהערדיגע ווירקליכקייט, פעלט דאך עפעס, עס פעלען אים די סמנים פון לעבען. אט דער מיסטעריעזער ע פ ע ס, וועלכער איז דא אין מאנכע פאלען, וועלכער פארשווינדט אויף אייביג אין אנדערע, און וועלכער פאר־שווינדט בלויז אויף א צייט נאך אין אנדערע, איז פאר'ן פעטישיסט די „נשמה פון זאכען."

אפלייקענען אט די דערקלערונג איז ניט נויטיג. זי צייגט ריכטיג אז אויף דעם פסיכישען מאטעריאל פון וועלכען דער אנימיזם האט געמוזט אנטשטעהן. אט די דערקלערונג איז אבער ניט קיין פולע; זי דערקלערט אונז ניט, ערשטענס, וואריום זיינען גראד אט די רויע פאק־טען אוועקגעלעגט געווארען אלס פונדאמענט פון דעם מענשענס וועלט־

אנשויאונג, איז דער צייט וואס אין קאמף פאר'ן לעבען שפּילען זיי, פארהעלטעניסמעסיג, א גאנץ קנאפּע ראליע; צווייטענס, ווי קומט דאס וואס אויף א געוויסער שטופע פון אנטוויקלונג איז אט די וועלט־אנשוי־אונג אלגעמיין, ווארום אנטשטעהט ניט די זעלבע אנשויאונג ביי די ווענינער־אנטוויקעלטע שבטים, וואס האבען דאך פאר זיך דעם זעלבען באאבאכטונגס־מאטעריאל. מיר שיינט, אז אט די פראגען קענען פארענטפערט ווערען בלויז אין דעם פאל אויב מען אנערקענט, אז די גרונט שטריכען פון א וועלט אנשויאונג ווערען באשטימט דורך דער פארמע פון דער געזעלשאפטליכער ארגאניזאציע. דאן ווערט קלאר, אז בלויז די איינגעווארצעלטע צווייאיגקייט אין דער געזעלשאפט האט געקענט ארויסרופען אט די אייגענארטיגע אנשויאונג וועלכע שטרעבט צו געפינען צווייאיגקייט אין יעדע ערשיינונג פון דער אויסערער וועלט.

דער נאטוראלער פעטישיזם הערשט אלזא איבער די מחות פון די מענשען. איז ער געוועזן א גינסטיגער פאקטאר פאר'ן ווייטערען פראגרעס פון באוואוסטזיין, פאר דעם באוואוסטזיניגען קאמף מיט דער נאטור? אויף אט דער פראגע קומט אויס צו ענטפערען נעגאטיוו. די דערקענטעניש פון די אורזאכען פון יעדער ערשיינונג האט זיך פאר'ן פעטישיסט געענדיגט אזוי שנעל ווי ער איז געקומען צו דער „נשמה“ פון דער ערשיינונג, ווייטער איז ער ניט געגאנגען; אלע ווייטערדיגע אורזאכליכע פארבינדונגען האבען זיך פארלארען. אויף אט דעם אופן, איז דער אינהאלט פון דער דערקענטעניש־טעטיגקייט פארבליבען זעהר באגרענעצט, איבערהויפּט וואס אנבאלאנגט איר טיפקייט. צו זייער אויבערפלעכליכער, פראקטישער, באקאנטשאפט מיט די ערשיינונגען, איז בלויז צוגעגעבען געווארען זייער פעטישיסטישע דערקלערונג, און דערמיט זיינען די באדערפענישען פון זייער געדאנק באפרידיגט געווארען.

ביי אזא שוואכקייט און אינהאלטס־לאזיגקייט פון דער דערקענטעניש, איז דער מאטעריאל פאר ווייטערער אנטוויקלונג, וועלכען די מענשליכע פסיכיק האט צוגעשטעלט, געוועזן זעהר אומבאדייטענד. דער פראגרעס פון דער טעכניק, עקאנאמיע, אידעאלאגיע, האבען ביי אזא שוואכקייט פון דערקענטעניש געקענט זיין בלויז זעהר סטיכיש־

לאַנגזאַם. אויך אַלזאָ אין דעם הינזיכט אונטערשיידט זיך ניט פיל די פּאַטריאַרכאַלע גרופּע פון דער פּאַרצייטיג־קאָמוניסטישער.

דער ווירקליכער זיג פון דעם מענשען איבער דער נאַטור דריקט זיך אויס אין דער אומענדליכער אַנטוויקלונג פון דער דערקענטעניש פון דער אורזאַכליכקייט. די פּעטישיסטישע אויפפאַסונג אויף דער נאַ־טור צייגט נאָר אויף דער אומבאַזיגטער מאַכט פון דער נאַטור איבער׳ן מענשען. אמת, זי ערשיינט בלויז דאַן ווען אַז די מאַכט הויבט אַן שוואַכער צו ווערען, אָבער בלויז דערפאַר ווייל די פריהערדיגע, אַבסאָ־לוטע מאַכט פון דער נאַטור האָט ניט געגעבען דעם מענשען קיין שום מעגליכקייט אפילו צו מאַכען אַ פּראָבע צו פאַרשטעהן די נאַטור.

### 5) די אַנטוויקלונגס־כחות און די נייע פאָרמען פון לעבען אין דער פּאַטריאַרכאַלער משפּחה.

די געזעלשאַפטליכע אַנטוויקלונג פון דער צייט וועגען וועלכער מיר רעדען איצט, פּונקט ווי אין דער פריהערדיגער צייט, האָט געמוזט אָנגעטריבען ווערען דורך דעם דראַנג פון דער איבער־באַפעלקערונג. וואָס מער עס דערפילט זיך אַ דוחק אין לעבענס־מיטלען, וואָס איז דער רעזולטאַט פון דעם וואוקס פון דער באַפעלקערונג, אַלץ מער מוז דער קאָנסערוואַטיזם אָפּגעשוואַכט ווערען, — ביסלעכוויי ווערט די טעכניק אויסגעבעסערט און די געזעלשאַפטליכע שיכות׳ן ענדערען זיך. די אַנטשטעהונג און לאַנגזאַמע אַנטוויקלונג פון אויסטויש, איז געווען איינע פון די וויכטיגסטע דערגרייכונגען פון אַט דער אַנטוויקלונג.

דער פּראָגרעס פון אויסטויש, ד.ה. ריכטיגער פון דער געזעל־שאַפטליכער צוטיילונג פון דער אַרבייט, וואָס איז פאָרגעקומען אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק, איז אַליין אַ מעכטיגע טרייב־קראַפט פאַר דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פאַר אַלע ווייטערדיגע היסטאָרישע פאָרמען, ענדיגענדיג מיט׳ן געגענוואַרטיגען קאַפּיטאַליזם.

אַ צווייטע, ווייניגער וויכטיגע דערגרייכונג, פון דער צייט, איז געווען די ערשיינונג פון שקלאַפען.

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

א דאַנק דער אַנטשטעהונג פון איבער־אַרבייט, האָט זיך פאַר דעם אָרגאַניזאַטאָר פון דער משפחה־גרופּע געלוינט וואָס מער צו פאַרגרעסערען די צאָל פון די מיטגלידער פון דער גרופּע; דאָס האָט געקענט פאַרגרעסערען דעם סכום פון איבעריגע פּראָדוקטען, וואָס דער אָרגאַניזאַטאָר האָט פאַרוואַלטעט. עס איז דערפאַר אין דער פּאַטריאַרכאַלער גרופּע שוין ניט קיין זעלטענע ערשיינונג אז אַנשטאַט הרג'נען דעם באַזיגטען שונא, זאָל מען אים בעסער אריינגעמען אין דער אייגענער גרופּע, און צווינגען אים זיך צו באַטייליגען אין איר פּראָדוקציע. אַט די צוגעקומענע מיטגלידער אין דער גרופּע, זיינען געווען אירע שקלאַפּען.

מען דאַרף זיך ניט פאַרשטעלען אז דער שקלאַף פון דער פּאַט־ריאַרכאַלער פּעריאָדע איז געווען א מענש אין דער לאַגע פון א „זאַך". פאַרקערט, די שקלאַפּען זיינען אין יענער צייט געווען כ מ ע ט, אזוי גלייכבאַרעכטיגט ווי די איבעריגע מיטגלידער פון דער גרופּע, אין וועלכער זיי זיינען אריינגענומען געוואָרען. די געמיינזאַמקייט פון דער אַרבייט, האָט ענג פאַרבונדען די אַלטע און נייע מיטגלידער און מיט דער צייט איז אויסגעמעקט געוואָרען ביי זיי אפילו די גע־דעכעניש פון פריהערדיגען קאַמף. דער אָרגאַניזאַטאָר האָט זיי עקס־פּלואַטירט ניט מער ווי זיינע אייגענע קרובים; זיי האָבען געאַרבייט פּונקט ווי אַלע אַנדערע. מען פלעגט זיי ניט פאַרקויפען, און בכלל איז מען זיך מיט זיי באַגאַנגען אויפ'ן זעלבען אופן, ווי עס באַגעהען זיך די אינדיאַנער פון אַמעריקע מיט זייערע אַדאָפּטירטע געפאַנגענע.

די שקלאַפּעריי פון דער פּאַטריאַרכאַלער צייט, אַנטוויקלענדיג זיך ווייטער און בייטענדיג אירע פאָרמען, האָט געדינט אַלס אויסגאַנגס־פּונקט, פאַר אַט דעם אייגענאַרטיגען היסטאָרישען לעבען, וואָס האָט דערגרייכט זיין העכסטע שטופּע אין דער קלאַסישער וועלט און האָט זיך געענדיגט מיט איר אונטערגאַנג.

די אַנטשטעהונג פון אויסטויש און די איינפירונג פון שקלאַפּעריי, צוויי זאַכען וואָס זיינען אויפ'ן ערשטען בליק גאַנץ פאַרשיידען, שלי־סען דאָך אין זיך איין אַלגעמיינעם גרונט־שטריך. די ערשטע אזוי גוט ווי די צווייטע שטעלט מיט זיך פאָר א נייע ווענדונג אין

## א. באַגדאַנאָוו

דער אַלטער סיסטעם פון צוזאַמענאַרבייטען וואָס איז פריהער באַ־גרינדעט געווען בלויז אויף בלוט־פאַרוואַנדשאַפט, און אויף די פּסי־כישע ענליכקייט פון די איינצעלנע מענשען. דער בונד פון בלוט־פאַרוואַנדעטע איז אומפאַרמיידליך דורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פון ענגער אויסשליסליכקייט, וואָס קען ניט פאַרטראַגען קיין זאַך וואָס געהט אַרויס אויסער די אַנגענומענע גרענעצען. די גייע לעבענס־פאָרמען שטעלען זיך אין געגענזאַץ צו אַט דער באַגרענעצטקייט, און רופען אַרויס אַ גאַנצע רייהע, נייע געזעלשאַפטליכע פאַקטען.

די הערשאַפט פון די פאַרבינדונגען וואָס זיינען געווען געבויט בלויז אויף בלוט פאַרוואַנדשאַפט, האָט געמיינט אַ פולע אבסאָלוטע הערשאַפט פון מנהג. דער כח פון געוואוינהייט איז געווען אַזוי שטאַרק און דער זעלבסט־באַוואוסטזיין אַזוי שוואַך, אַז קיין איינצעלנער מענש האָט זיך פשוט ניט געקענט שטעלען קעגען די אַנגענומענע מנהגים. פון קיין פאַרברעכענס אין דעם זין ווי מיר פאַרשטעהען דאָס היינט האָט מען אין יענער צייט ניט געוואוסט, צו אַ פאַרברעכען האָט מען זיך באַצויגען ווי צו אַ פאַרקריפּלונג. ווען עס איז געבוירען געוואָרען אַ קינד מיט צוויי קעפּ, האָט מען דאָס גלייך דער'הרג'עט, אַלס מאָנס־טער, דאָסזעלבע האָט מען געטאָן מיט אַ פאַרברעכער; מען פלעגט אים אָדער הרג'ענען אָדער אַרויסטרייבען פון דער גרופּע, אין יענער צייט אַרויסטרייבען איז געווען דאָס זעלבע ווי הרג'ענען. דאָס איז ניט געווען קיין שטראָף, דאָס איז פשוט געווען דער רעזולטאַט פון דעם אינסטינקט פון זעלבסט־פאַרטיידיגונג געגען אַן אומפאַרשטענד־ליכער און געפעהרליכער ערשיינונג. די אידעע פון „רעכט" און אומ־רעכט פון מאָראַליש און אוממאָראַליש איז דאַן אינגאַנצען ניט גע־ווען; מענשען האָבען זיך אונטערוואָרפען צו דעם מנהג מיט דער־זעלבער נאַטירליכער נויטווענדיגקייט ווי זיי עסען, טרינקען אָדער שלאָפען.

מיט דער אַנטוויקלונג פון נייע געזעלשאַפטליכע פאַרבינדונגען, וואָס זיינען באַגרינדעט געווען ניט אויף בלוט־פאַרוואַנדשאַפט, האָט געביטען די לאַגע אינגאַנצען. האַנדלען געגען מנהג הערט אויף צו זיין אַן אויסנאַמס פאַל, און די אויספאָלגונג פון די מנהגים פון איין

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

גרופּע איז אָפּט א פאַרשוועכונג פון די מנהגים פון א צווייטער. אזוי צ.ב.ש. קען א געפאַנגענער פון א צווייטער גרופּע, פירענדיג זיך לויט די מנהגים פון זיין אייגענער גרופּע שטערען דעם נאָרמאַלען גאַנג פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציע, און דערמיט פאַרשאַפען פיל אומ־אַנגענעמליכקייטען זיינע נייע חברים; אזוי מוז אויך דער נאָרמאַלער גאַנג פון אויסטויש באַציהונגען, אָפט שטערען דעם אַלטען איינגעוואָר־צעלטען מנהג צו באַטראַכטען יעדען פרעמדען אלס שונא. דאָס אָפּ־טרעטען פון די אַנגענומענע מנהגים ווערט אַן אָפּטע ערשיינונג, און די געזעלשאַפט קען זיך שוין צו דעם ניט באַציהען פונקט ווי פריהער.

עס אנטשטעהט א נייע פאָרמע פון געזעלשאַפטליכען לעבען. דאָס געוואוינהייטס־רעכט וואָס דער עצם דערפון איז אָפּצוהיטען די מנהגים. מיט א פאַרברעכער קעמפט מען שוין ניט מער ווי מיט א נאַטור־קראַפט, נאָר מער אדער ווענינער באַוואוסטזיניג; מען משפט אים לויט דעם מנהג. עס ווערט באַשאַפען א גאַנצע רייהע פון שטראָפען פאַר פאַרשיידענע פאַרברעכענס. בכלל ווערען אַנגענומען א גאַנצע רייהע מיטלען אויף אָפּצוהיטען די מנהגים; דער אינהאַלט פון די מיטלען באַשטעהט אין באַזייטיגען דאָס שלעכטע וואָס דאָס באַגאַנגענע פאַרברעכען האָט ארייסגערופען, און אין פאַרהיטען אזוינע פאַרברעכענס אין דער צוקונפט. עס אנטשטעהט די פאַרשטעלונג וועגען געזעצליכקייט און אומגעזעצליכקייט, גערעכטיגקייט און אומ־גערעכטיגקייט. די ערשטע זיינען, די האַנדלונגען וואָס זיינען אין איינקלאַנג מיט די מנהגים, די צווייטע זיינען, די וואָס זיינען להפוך צו זיי. עס הויבען זיך אָן באַווייזען די עלעמענטען פון וועלכע עס ווערט שפּעטער אנטוויקעלט די מאָראַל און דאָס „רעכט“.

דאָס רעכטליכע לעבען ווערט געוויינליך שאַרף אָפּגעטיילט פון דעם עקאָנאָמישען. אָבער פאַר דער געגענוואַרטיגער וויסענשאַפט איז אזא פונאַנדערטיילונג בלויז רעלאַטיוו. דער קאַמף פון דער גע־זעלשאַפט קעגען א יחיד, וואָס אנטזאָגט זיך איר צו פאָלגען, אונ־טערשיידט זיך בעצם ניט פון יעדער אַנדערער פאָרמע פון איר קאַמף מיט דער נאַטור. א פאַרברעכען איז אַן אנטי־סאָציאַלע קראַפט, וואָס איז פיינדליך צום לעבען פון דער געזעלשאַפט, פונקט ווי קעלט אָדער א

## א. באַגראַנאָוו

ווילדע חיה. אויף דעם אופן איז דאַס רעכטליכע לעבען בלויז א באַ־שטימטער טייל פון מענשליכען קאַמף מיט דער נאַטור. אַט די באַ־שטימטע קאַמפּס־פאָרמע דאַרף מען אויספאָרשען פון איר טעכנישער זייט אזוי גוט ווי פון איר עקאָנאָמישער און אידעאָלאָגישער. דער געביט פון רעכט ליגט אלזא אין דעם געביט פון דער פּראָדוקציע, ניט אויסער איר.

אין דעם קאַפּיטעל וועגען די פּראָדוקציאָנס פאַרבינדונגען איז שוין דערמאָנט געוואָרען וועגען דער אנשטעהונג פון די פּראָדוקציאָנס שיכות'ן צווישען גרופּען וואָס זיינען נאָהענט איינס צום צווייטען. די צוועקען פון אזוינע פאַרבינדונגען זיינען געמיינזאַמע גרויסע גע־יעגען, מלחמות א. אז. וו. מיט דער צייט ווערען אזוינע פאַרבינ־דונגען אויך געמאַכט צווישען אזוינע גרופּען, וואָס זיינען צווישען זיך ניט פאַרבונדען דורך קיין קרובה'שאַפט, זיי ווערען פאַרבונדען דורך דעם אויסטויש און בכלל דורך זייערע פרידליכע באַציהונגען צווישען זיך. אַן דער שפּיץ פון אזא פאַראייניגונג שטעהען געוויינליך דער ראַט פון די עלטסטע ארגאַניזאַטאָרען אָדער אַן אויסגעקליבענער פירער. אין אַט די פאַרבינדונגען דאַרף מען זעהן די ערשטע סמנים פון שטאַט און פון פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע. וואָס מער אזוינע פאַר־בינדונגען ווערען פאַרוואַנדעלט פון צייטווייליגע אין שטענדיגע, און די געזעלשאַפט גופא ווערט צוטיילט אויף קלאַסען, אויף הערשער און באַהערשטע, אלץ מער נעמען זיי אָן א פּאָליטישען כאַראַקטער.

בכלל, איז יעדע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע בעצם אַן עקאָנאָמישע, אַן אָרגאַניזאַציע פאַר דעם געמיינשאַפטליכען קאַמף פאַר'ן לעבען פון דער גרופּע. דער שטאַט אָבער, באַזונדער, איז אַן אָרגאַניזאַציע פון קלאַסען הערשאַפט.

# פערטער קאפיטעל

# די שקלאפעריי אין אלטערטום

דער טיפ פון דער געזעלשאפטליכער אנטוויקלונג וואס האט געשאפען די קולטור פון דער אלטער וועלט, איז ביז א געוויסען גראד א גאנץ אייגענארטיגער, און איז באגרינדעט אויף דער פארוואנדלונג פון דעם ארבייטער אין א פראדוקציאנס ווערקצייג.

## 1) די באציהונג פון דער געזעלשאפט צו דער אויסערליכער נאטור.

די סיסטעם פון שקלאפעריי האט זיך אנטוויקעלט אין דער פאטריארכאלער פאמיליע־גרופע א דאנק דער צונויפטרעטונג פון צוויי באזונדערע גרונט באדינגונגען : דעם כסדר'דיגען צואוואוקס פון איבער־ארבייט און דעם קאמף צווישען מענשליכע גרופען וואס זיינען געשטאנען אויף פארשיידענע שטופען פון קולטור.

שוין די פאראייניגונג פון ערד־ארבייט און פיה־צוכט, אין דעם באזעצטען לעבען האט געמאכט די איבער־ארבייט פאר א שטענדיגער ערשיינונג. די צוטיילונג פון דער ארבייט וואס האט זיך ביסלעכווייז אנטוויקעלט האט נאך מער פארגרעסערט איר פראדוקטיוויטעט. די אנטוויקלונג פון די אויסטויש שיכות'ן האט גענעבען די מעגליכקייט פאר דער גרופע, ניט צו פארנעמען זיך מיט דעם סארט ארבייט וואס קומט איר אן אמשווערסטען אין וועלכע די ארבייט איז ווייניגער פראדוקטיוו, און זיך וואס מער פארנעמען מיט יענער סארט פראדוקציע אין וועלכער זייער ארבייט איז מער פראדוקטיוו. עס ווערט אויסגע־

## א. באגדאנאָוו

ברייטערט און פארפאלקאמט די פראָדוקציע פון מעטאלען, און פון ווערקצייג. עס ווערען געשאפען רק נייע פעלדער פאר פראָדוקציע און האנדעל. די געוויינליכע גרוים פון דער פראָדוקטיווער גרופע דערגרייכט ביז עטליכע הונדערט מענשען; אין מאנכע פאלען זיינען אפילו אונטער דער הערשאפט פון איין אָרגאניזאטאָר געווען פאראייניגט טויזענט מענשען. אין איינקלאנג מיט דעם איז אויך גאנץ גרויס געווען דער איבערפלוס פון פראָדוקטען, וועלכע די גרופע האט געשאפען.

אויף דעם אופן האבען איינצעלנע מענשליכע געזעלשאפטען דערגרייכט א גאנץ הויכע שטופע פון אנטוויקלונג, געווינענדיג אלץ נייע און נייע זיגען איבער דער נאטור. איינע פון די עלעמענטען פון דער אויסערליכער נאטור פאר יעדער פראָדוקציאָנס אָרגאניזאציע, זיינען די אָרגאניזאציעס וואס זיינען איר פיינדליך און מיט וועלכע זי מוז קעמפען. אט דער קאמף איז אין פילע פאלען א וויכטיגער טייל, פון דער מענשליכער פראָדוקציאָנס טעטיגקייט. איבערהויפט איז דאס ריכטיג בנוגע די שבטים וואס האבען זיך די ערשטע ארויסגערוקט אויפ'ן וועג פון אנטוויקלונג, און זיינען דעריבער געוואָרען די רייכע צווישען אָרימע. עס זיינען אנטשטאנען שטענדיגע צוזאמענשטויסען, אן אומאויפהערליכע שנאה. דער דרוק פון דער אבסאָלוטער איבערבאפעלקערונג האט געצוואונגען די אנדערע שבטים, צו קעמפען פאר נייע טעריטאָריעס, און עס פארשטעהט זיך אז זיי האבען מער חשק געהאט צו די טעריטאָריעס וואס זיינען געווען פארנומען פון זייערע קולטורעלע שכנים, וואס זיינען רייך געווען. ניט איין מאל האבען די ווילדע וואנדערער באזיגט די רוהיגע באזעצטע גרופען וואס זיינען אין זייער אנטוויקלונג פיל העכער פון זיי געשטאנען, זייער קולטור פלעגען די זיגער טיילווייז צושטערען און טיילווייז אליין איבער נעמען.

אבער מאנכע געזעלשאפטען וואס זיינען געשטאנען אויף א פאר־העלטעניסמעסיג הויכער שטופע פון אנטוויקלונג, איז געלונגען אין פארלויף פון פילע דורות מיט ערפאלג צו באקעמפען די נידעריגערע שבטים וואס האבען פרובירט אויף זיי אנפאלען; דאס מיינט אויך איינגענטליך באקעמפען די געפערליכסטע עלעמענטען פון דער אויסער־

ליבער נאַטור. אַזאַ קאַמף איז פאַר אַ קולטורעלער געזעלשאַפט געווען אַ פּראָדוקטיווער, ער איז פאַר זיי געווען אַ געזעלשאַפטליך־נוצליכער ניט נאָר אין דעם זין, ווייל ער איז געווען נויטיג פאַר דער באַשיצונג פון זייער פּראָדוקציע בכלל, נאָר אויך אין אַ צווייטען זין — פון דער צייט זינט די איבער־אַרבייט האָט מעגליך געמאַכט די עקספּלואַטאַציע, פלעגט יעדער זיג געוויינליך פירען צו אַ פאַרגרעסערונג פון די געזעל־שאַפטליכע פּראָדוקציאָנס־כחות, דורך דעם וואָס די געפאַנגענע מיט־גלידער פון פיינדליכען שבט פלעגען אַריינגענומען ווערען אין דער זיגרייכער גרופּע, און פאַרוואַנדעלט ווערען אין שקלאַפען.

די באַזונדערע ראָליע וואָס דער קריג האָט געשפּילט אין דעם פּראָדוקציאָנס־לעבען פון דער געזעלשאַפט, אויף די פריהסטע שטופען פון קולטור, האָט באַשטימט זייער אייגענאַרטיגען שיקזאַל.

2) די אנטוויקלונג פון די באַציהונגען פון פּראָדוקציע און פונאַנדערטיילונג אין דער צייט פון שקלאַפעריי.

א) די גרופּע פון שקלאַפען אייגענטימער.

וואָס מער עס איז געוואַקסען די גרויס פון דער פּאַטריאַרכאַלער גרופּע און די גרויס פון איר פּראָדוקציע אַלץ מער האָבען זיך געענ־דערט די באַציהונגען צווישען דעם פּאַטריאַרך און זיינע אונטער־טאַנען. די טעטיגקייט פון דעם אָרגאַניזאַטאָר ווערט אַלץ מער אָפּגע־טיילט פון דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע. דער אָרגאַניזאַטאָר, האָט זיך, אַזוי צו זאָגען, ספּעציאַליזירט. אין דער געזעלשאַפטליכער פּסיכאָלאָגיע איז אַלץ שאַרפער אַרויסגעטראָטען דער אונטערשייד צווישען אים און אַלע איבעריגע מיטגלידער פון דער גרופּע.

ווען דעם פּאַטריאַרכ'ס מאַכט הויבט אַן אַריבערגעהן בירושה צו זיינע נאָהענטסטע, הויבט זיך אַן צוזאַמען מיט אים אַלץ מער אָפּ־זונדערען אויך זיין גאַנצע משפּחה, זיינע נאָהענטסטע קרובים. די אומ־

גלייכהייט אין דער פונאנדערטיילונג פון די פראדוקטען פארשטארקט זיך. דעם פאטריארכ'ס משפחה באנוצענדיג זיך מיט זיין מאכט, הויבט אן לעבען פון דעם איבער־פראדוקט. פון אט דער צייט אן קען מען שוין רעדען וועגען ווירקליכער עקספלואטאציע, ווייל דער טייל פון די אלגעמיינע פראדוקטען וואס קומט אן צו דעם פאטריארכ'ס משפחה, ווערט שוין באשטימט ניט לויט איר וויכטיגקייט פאר דער פראדוקציע נאר, אויסער דעם, דורך איר באזונדערער לאגע, דורך איר אנגעהעריגקייט צום פאטריארך. עס פארשטעהט זיך, אז דאס איז מעגליך געווארען בלויז א דאנק דער פארגרעסערונג פון דעם איבער־פראדוקט.

וואס מער די גרופע איז עקספלואטירט געווארען פון דעם ארגאניזאטארס משפחה, און פאלגליך, וואס מער דער עקאנאמישער כח פון דער משפחה איז געוואקסען, אלץ אומבאשרענקטער איז געווארען די מאכט פון דעם ארגאניזאטאר, דאס ווערט ענדליך פארוואנדעלט, אין אן אבסאלוטער רעכט פון ארגאניזאטאר איבער'ן לעבען און טויט פון יעדען איינעם פון זיינע אונטערטאנען. פונדעסטוועגען אין דער צייט ווען דער צוזאמענשטעל פון דער גרופע איז געווען באשרענקט אויף דער פאראייניגונג פון בלוט־פארוואנדטע, איז אוממעגליך געווען צו פארוואנדלען די ארבייטער אין פשוט'ע ווערקצייג. דעם ארבייטער האט מען געמוזט שעצען, מען האט געמוזט זארגען פאר זיינע באדערפעניש; ווייל אויב ער איז פארלארען געגאנגען איז פשוט ניט געווען ווער עס זאל פארנעמען זיין פלאץ, מען האט געמוזטווארטען ביז דער וואוקס פון דער גרופע וועט אויף זיין פלאץ אוועקשטעלען א צווייטען.

אבער ווען די צאל פון שקלאפען אין דער גרופע ווערט גרעסער, ווען די מלחמות מיט די וועניגער קולטורעלע שבטים ווערען פארוואנדעלט אין א שטענדיגען קוואל פון נייע ארבייטס־כחות, ווערען געשאפען אלע באדינגונגען פאר דער פולער דערנידערונג פון די ארבייטער־אונטערטאנען. יעדער ארבייטער־אונטערטאן, אויב ער געהט פארלארען קען גאנץ לייכט פארביטען ווערען אויף א צווייטען, פונקט ווי מען פארבייט א ניי געצייג אויף אן אלטע, וואס איז צובראכען געווארען. אמת, פריהער מוז מען אנפאלען אויפ'ן שונא, און

**פאנגען צענוג** שקלאפען, און דאס איז גאר ניט אזא לייכטע זאך; אינער מיט דער צייט ווערט אט די שוועריגקייט אויך אפגעשאפט, א דאנק דער אנטוויקלונג פון אויסטויש און דער פסיכאלאגיע פון אויסטויש. ווען עס זיינען געפאנגען געווארען צופיל שקלאפען, און פאר'ן זיגער איז ניט באקוועם צו האלטען זיי אלע פאר זיך, גיט ער זיי אוועק צו זיינע פריינט אדער צו א צווייטער פריינטליכער גרופע. פארשטעהט זיך אז דערפאר קריגט ער פון זיי אן אנדער סארט סחורה. דער מענש אליין ווערט א סחורה. די פערזענליכקייט פון דעם דורכשניטליכען ארבייטער אין דער גרופע פארלירט איר ווערט, דער ארבייטער ווערט א געצייג, וועלכע מען קען תמיד פארבייטען אויף א צווייטע, אין פאל דאס ערשטע ווערט פארניכטעט.

גלייכצייטיג אבער, וואקסט, א דאנק דער זעלבער אנטוויקלונג פון אויסטויש, די פערזענליכקייט פון דעם ארגאניזאטאר, און פון זיין משפחה. אזוי לאנג ווי דער איבער־פראדוקט ווערט פארברויכט אין זיין נאטירליכער אוממיטעלבארער פארמע, איז די עקספלואטאציע באשרענקט, ווייל אויך די באדערפענישען פון דער הערשענדער פאמיליע זיינען באשרענקט. אויף וואס צ.ב.ש. דארף די משפחה פון דעם ארגאניזאטאר א גרויסע צאל ברויט וועלכע זי קען ניט פארברויכען? דער פראגרעס אבער פון אויסטויש מאכט מעגליך א כמעט אומבאשרענקטע אויסברייטונג פון די באדערפענישען פון דער הערשענדער פאמיליע; יעדע זאך וואס זי דארף ניט פאר'ן אייגענעם געברויך, קען אויסגעביטען ווערען אויף וועלכע עס איז אנדערע פראדוקטען, וועלכע די גרופע פארמאגט ניט. וואס גרעסער אלזא עס ווערט דער איבער־פראדוקט, אלץ בעסער איז פאר די הערשער.

פאר'ן ארגאניזאטאר זיינען שוין דעמאלט זיינע אונטערטאנען ניט בלויז פראדוקציאנס־ווערקצייג, נאר איבערהויפט געצייג מיט וועלכע מען קען שאפען אן איבער־פראדוקט, א געגענשטאנד פאר עקספלואטאציע. די פראגע וועגען א געניגענדער צופרידענשטעלונג פון די באדערפענישען פון די וואס ארבייטען ווערט אפגערוקט אויפ'ן צווייטען פלאץ, פריהער פון אלץ קומט די פראגע ווי אזוי ארויסקריגען וואס מער נוצען פון זיי. כדי ארויסקריגען וואס מער נוצען פון זיי,

# א. באָגדאַנאָוו

איז נויטיג צו ברענגען זייערע באַדערפענישען צו א מינימום, און זייער ארבייט צו א מאַקסימום. דער אָרגאַניזאַטאָר איז בכח אונטער די אומשטאַנדען זיך צו באַנוצען מיט גראָבע גוואַלט־מיטלען געגען אַלע ארבייטער, מיטלען וועלכע פלעגען פריהער באַנוצט ווערען בלויז קעגען שקלאַפען. די משפחה־גרופע, ווערט אינגאַנצען פאַרוואַנדעלט אין א שקלאַפען־באַזיצענדער גרופע, און שקלאַפען ווערען ביסלעכווייז פאַרוואַנדעלט ניט בלויז די מלחמה געפאַנגענע, נאָר אויך די פריהערדיגע קרובים פון דעם אָרגאַניזאַטאָר; זייער קרובה'שאַפט איז צו דער צייט שוין אַזאַ ווייטע, אז זי ווערט פאַרגעסען. א גאַנצער אָפּגרונט אנטשטעהט צווישען די פרייע הערשענדע משפחות און די רעכטלאָזע מאַסע שקלאַפען. צו די ערשטע געהערט אַלץ, צו די צווייטע גאָר ניט, דאָס איינציגע וואָס אָט די פריהערדיגע מיטגלידער פון דער גרופע האָבען איצט צוגעקראָגען איז — די אייגענשאַפטען פון סחורות, א טויטער ווערט.

די דערנידעריגונג פון דער פּערזענליכקייט איז באמת ניט געווען דער איינציגער רעזולטאַט דערפון, וואָס דער מענש איז געוואָרען א סחורה. דער פּאָזיטיווער געווינס דערפון איז געווען וואָס דאָס האָט ביז א געוויסען גראַד פאַרלייכטערט דעם פּראָגרעס פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט. די מעגליכקייט צו קויפען אין מאַרק אויס־געלערענטע שקלאַפען, וועלכע פלעגען געוויינליך פון אַלעמען געקויפט ווערען זעהר גערען, האָט אויך געמיינט די פאַרשפּרייטונג פון פאַר־שיידענאַרטיגען טעכנישען וויסען און מעטאָדען, פון איין באַלעבאַ־טישקייט אויף דער צווייטער, פון איין לאַנד אין דער צווייטער.

זייט ביי זייט מיט די טיפּישע גרופען שקלאַפען־אייגענטימער, זיינען נאָך פאַר א גאַנץ לאַנגער צייט פאַרבליבען, קליינע פּאַטריאַר־כאַלע גרופען, וואו קיין שקלאַפען זיינען אינגאַנצען, אדער כמעט ווי ניט געווען. צווישען אָט די צוויי טיפּען פון באַלעבאַטישקייט איז אָבער באמת ניט געווען קיין שום אונטערשייד; ווען א שקלאַפען באַ־זיצענדע גרופּע איז פאַראָרעמט געוואָרען האָט זי אירע שקלאַפען פאַר־קויפט, און איר באַלעבאַטישקייט איז צוריק געוואָרען א ריינע פּאַטרי־ארכאַלע, א גרופּע פאַרקערט וואָס האָט פריהער קיין שקלאַפען ניט

געהאַט, האָט זיי געקויפט אַזוי שנעל ווי זי איז נאָר אַביסעל רייכער געוואָרען. דער אַלגעמיינער כאַראַקטער פון לעבען, איז אָבער אין יענער צייט באַשטימט געוואָרען דורך די שיכות׳ן אין דער שקלאַפען באַזיצענדער גרופּע, ווייל זי איז געווען די עקאָנאָמיש שטאַרקערע.

דאָס צוזאַמענאַרבייטען און די אַרבייטס־צוטיילונג איז אין די גרויסע שקלאַפען־ווירטשאַפטען באַנוצט געוואָרען אין אַ גרויסער מאָס. נאָך אַרום פינף הונדערט יאָר פאַר דער קריסטליכער צייט־רעכענונג זיינען אין גריכענלאַנד געווען ווערקשטעטען אין וועלכע עס האָט האָבען געאַרבייט שקלאַפען. אין איטאַליע און סיציליע אַנטוויקלען זיך אַביסעל שפּעטער גרויסע לאַנדווירטשאַפטליכע עקאָנאָמיעס. וואו עס טרעפט ניט זעלטען, אַז הונדערטער שקלאַפען זאָלען באַאַרבייטען דאָס זעלבע פעלד. מען דאַרף דאָ באַמערקען, אַז די אַרבייטס־צוטיילונג איז זעלטען ווען געגאַנגען איבער אַ באַשטימטען גרענעץ; דער גרענעץ איז געווען די שאַפונג פון אַ גאַנצען פּראָדוקט פון יעדען באַזונדערען אַרבייטער. די פאַרשיידענע שטופען אין דער פּראָדוקציע, זיינען בלויז אין זעלטענע פאַלען צוטיילט געוואָרען צווישען פאַרשיידענע אַרבייטער. איבערהויפּט איז דאָס געווען אָפּהענגיג אָן דעם, וואָס דער מאַרק איז נאָך געווען זעהר באַגרענעצט, די נאָכפראַגע איז געווען קליין, און איז ניט בכח געווען אַרויסצורופען אַ מאַסען־פּראָדוקציע, און אַ פאַרשטאַרקטע אַרבייטס־טיילונג ברענגט אירע נוצען איבערהויפּט פאַר אַ מאַסען־פּראָדוקציע.

מיט דער צייט, מיט׳ן וואוקס פון דער שקלאַפען־ווירטשאַפט, ווערט די אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבייט אַליין צוטיילט. די הערשער הויבען אָן זייער אַרבייט איבערגעבען צו אַנדערע, מערסטענס צו אויסגעפּרובירטע און איבערגעגעבענע שקלאַפען. אין אָנפאַנג ווערט דאָס געטאָן פּשוט דערפאַר, ווייל עס איז פאַר איין מענשען ניט מעגליך אַכטונג צו געבען אויף אַ צו גרויסער ווירטשאַפט, שפּעטער אָבער ווערט דאָס שוין געטאָן, אַפילו ווען אַזאַ נויטווענדיגקייט איז ניטאָ; די שקלאַפען אייגענטימער טוען דאָס פּשוט כדי צו פאַרזיכערען פאַר זיך אַ לייכטערען און רוהיגערען אופן צו פאַרנוצען דעם איבער־פּראָדוקט.

## א. באָגדאַנאָוו

### ב) פּראָדוקציאָנס־שיכות'ן צווישען גרופּען.

וואָס אנבאלאַנגט די פּראָדוקציאָנס־שיכות'ן צווישען פאַרשיי־דענע גרופּען האָבען זיי זיך בכלל פּיל אויסגעבריים. די אומאָרגאַ־ניזירטע ארבייטס־טיילונג צווישען די גרופּען, וואָס האָט זיך אויסגע־דריקט אין אויסטויש האָט זיך, אין פאַרגלייך מיט די פריהערדיגע צייטען, אַנטוויקעלט אויף א ריזיגען אופן. פונדעסטוועגען האָט דאָס אָבער ארומגעכאַפּט ניט דעם גרעסטען נאָר דעם קלענסטען טייל פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציע.

אויב אין אָנפאַנג איז די שקלאַפען־ווירטשאַפט געווען אַן אויס־שליסליך נאַטוראַלע, איז זי אין איר אַנטוויקעלטער פאָרמע שוין אין א גרויסער מאָס געוואָרען א צווייפאַכע. זי האָט געקראָגען דעם כאַראַקטער פון א נאַטוראַלער־אויסטויש־געזעלשאַפט. די באַדערפעני־שען פון די שקלאַפען זיינען כמעט אויסשליסליך, און די באַדערפע־ניש פון די הערשער איז, אין א קלענערער מאָס, באַפרידיגט געוואָרען דורך דער אייגענער אַרבייט, א גאַנץ גרויסער טייל אָבער פון די באַ־דערפענישען פון די הערשער איז באַפרידיגט געוואָרען דורכ'ן אויס־טויש. אויף דעם אופן האָט דער אויסטויש איבערהויפּט פאַרכאַפּט די לוקסוס און קאָמפּאַרט אַרטיקלען.

טיילווייז א דאַנק אָט דעם כאַראַקטער פון אויסטויש, איז די ראָ־ליע פון געלט אריבערגעגאַנגען צו די „עדעלע מעטאַלען", דאַן האָט געלט צום ערשטען מאָל אָנגענומען די פאָרמע פון א מטבע. די גע־זעלשאַפטליך־עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע וואָס איז אַנטשטאַנען, דער שטאָט, האָט אויף זיך גענומען די פליכט, עס וועט זיין ריכטיגער צו זאָגען, האָט פאַר זיך פאַרכאַפּט דאָס רעכט, צו גיסען געלט און באַשטימען איר וואָג און פּרייז, און וועלכע זאָלען דינען נאָכער אלס אלגעמיינע געזעצליכע מיטלען פאַר דער צירקולאַציע פון סחורות.

דער אויסטויש גופא האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעטיילט אלס א באַזונדערע באַשעפטיגונג. עס אַנטשטעהט א געזעלשאַפטליך סוחרי'־שער קלאַס, וועלכער קויפט סחורה ביי די פּראָדוצענטען און פאַר־

קויפט דאס צו די פארברויכער, און לעבט פון דעם אונטערשייד אין דעם טויש־ווערט צווישן דעם ערשטען און דעם צווייטען מאל.

אין פארגלייך מיט דעם היינטיגען מסחר, איז יענער, פארשטעהט זיך, געווען זעהר אומבאדייטענד. מיר קענען ווענען דעם מיט זיכער־קייט אורטיילען אויפ'ן גרונט פון דער סומע געלט וואס איז דעמאלט נויטיג געווען פאר דער צירקולאציע פון סחורות. אפילו אין די בעסטע צייטען איז די פראדוקציע פון גאלד און זילבער אין אזיע און איי־ראפע, געווען מיט צענדליגער מאל קלענער ווי איצט. די טעכניק פון אויסטויש איז געווען א נידעריגע און אומאנטוויקעלטע, די נאכ־פראגע אין געלט אויף אויסטויש און מסחר איז ניט אפגעשוואכט גע־ווארען, דורך אט די הויך אנטוויקעלטע מיטלען, וועלכע מיר האבען היינט (פאפיר־געלט, באנק־נאטען, טשעקס א. אז. וו.).

די קרעדיט סיסטעם, אדער ריכטיגער, דער וואכער־געשעפט האט זיך אין יענער צייט אנטוויקעלט גאנץ ברייט — אין דער שאפונג פון די ריזיגע רייכטימער פון די אריסטאקראטען, פריהער אין גריכענלאנד און שפעטער אין רוים, האט דאס געשפילט א גוואלטיגע ראליע.

אין איינקלאנג מיט די אומארגאניזירטע עקאנאמישע שיכות'ן איז אין דער אלטער וועלט אויך פארגעקומען א באדייטענדער פראג־רעס אין די ארגאניזירטע פארבינדונגען.

די סמנים פון שטאט, וועלכע האבען זיך אין דער פאטריארכאלער וועלט נאר וואס אנגעהויבען צו באווייזען, אננעמענדיג די פארמע פון קאלעקטיווע אונטערנעמונגען און בשותפות'דיגער יאגד, וואקסען זיך שנעל פונאנדער, ווערען פארוואנדעלט אין ברייטע פאליטישע פאר־איינינונגען, וואס נעמען אין זיך אריין צענדליגע מיליאנען מענשען. דער פראגרעס פון דער געזעלשאפטליכער צוטיילונג פון דער ארבייט וואס דריקט זיך אויס אין דעם וואוקס פון אויסטויש, האט באשאפען א באדערפעניש אין אן עקאנאמישער פאראייניגונג, אין פארטיידיגונג און פארלייכטערונג פון די טויש־באציהונגען; אין דער שאפונג פון אלגעמיין אנערקענטע געלט, אין דער שאפונג און באשיצונג פון ווע־גען און מארקען, כדי צו קאנטראלירען די איינצאלונג פון חובות א. אז. וו. די גרויסע ראליע וואס דער קריג האט געשפילט, אלס מיטעל

## א. באגדאנאוו

צו באקומען שקלאפען און נייע טעריטאריעס, האט געשאפען א באַדערפעניש אין א פעסטער ברייטער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע. די שארפע צוטיילונג פון דער אַלטער געזעלשאפט אין צוויי קלאסען, אין אונטערדריקער און אונטערדריקטע, פון וועלכע דער צווייטער איז געווען פיל צאלרייכער, און דאס פונאנדערפאלען פון דעם ערשטען קלאס אין באזונדערע גרופען, וועמעס אינטערעסען זיינען מערסטענס געווען פיינדליך צו די אינטערעסען פון די אַנדערע גרופען, האבען נאך מער פארשטארקט די נויטווענדיגקייט צו האבען א צענטראַליזירטע מיליטערישע מאכט. דער פארצייטיגער שטאט האט אַט די אַלע באדערפענישען באפרידיגט.

די אַנטוויקלונג פון פארצייטיגען שטאט איז געגאנגען אויף צוויי באזונדערע וועגען און האט געבראכט צו צוויי גאנץ פארשיידענע טיפען פון געזעלשאפטליכער אָרגאַניזאַציע.

אין אייניגע פאלען איז די ברייטע פאָליטישע איינהייט געווען דער רעזולטאט פון מלחמות. דאס האט פאסירט ווען עס זיינען געווען צוויי באדינגונגען: ערשטענס, ווען די באדינגונגען פון דער אויסערליכער נאטור האבען נויטיג געמאכט אזא ברייטע אָרגאַניזאַציע, ווי צ.ב.ש. ווען דער גאנצער ערפאלג פון דער פראדוקציע איז געווען אפהענגיג פון דער רעגולירונג פון די וואסערען פון די גרויסע טייכען (די פרוכטבארע טאלען פון חידקל, נילוס און פרת, כא־אנ־כע, און אנדערע, זיינען געווען די פלעצער וואו עס איז פריהער אנטשטאנען די מאנארכיסטישע דעספאטיע). אדער ווען עס איז נויטיג געווען זיך צו פאראייניגען פאר א קאמף געגען די שטענדיגע אנפאלען פון א מעכטיגען פיינט; צווייטענס, ווען די אויסטויש־פארבינדונגען זיינען נאך געווען זעהר שוואך אנטוויקעלט, נאך ניט ברייט און פעסט גענוג כדי צו באשאפען ברייטע און פעסטע פאָליטישע פארבינדונגען. צווישען די פילע מלחמות וואס זיינען פארגעקומען אם ענדע פון דער פאטריארכאלער פעריאדע, האט זיך געוויסע משפחה־גרופען איינגעגעבען דורך א רייע זיגען, אונטערטעניג צו מאכען פילע פון זייערע שכנים. אין די ערשטע צייטען פלעגען די באזיגטע פשוט אריינגענומען ווערען אין דער גרופע און פארוואנדעלט ווערען אין

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

שקלאַפען. שפּעטער ווערט דאָס אוממעגליך. עס וואַלט זיך געבילדעט א צו גרויסע ווירטשאַפט, וואָס איין מענש וואַלט איהר ניט געקענט פאַרוואַלטען. אין דעם פאַל הויבען די באַזיגטע אַן צו ווערען פּאָלי־טיש אונטערטעניג צו די זיגער ד.ה. זיי אַנערקענען די אויבערמאַכט פון די זיגער און צאָלען זיי טריבוט. אין אירע איגערליכע אַנגעלע־גענהייטען פאַרבלייבט די באַזיגטע גרופּע אויך אויף ווייטער פאַר־העלטניסמעסיג אומאָפּהענגיג.

די סאָציאַלע גרופּע איז אויף אַזאַ אופן, אַלץ מער פונאַנדערוואַק־סענדיג זיך, פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ ריזיגען דעספּאָטישען שטאַט פון דער אַלטער וועלט. אַ ביישפּיל זיינען די שטאַטען פון אַלטען מצרים, אשור, בבל, פּערסיע און אַנדערע. די מאַכט פון דעם דעס־פּאָט איז אין זיי געווען די אומבאַגרענעצטע מאַכט פון דעם פּאַטריאַרך. צווישען דעם דעספּאָט און דעם פשוט'ען שקלאַפען־אייגענטימער זיי־נען געווען פיל איבערגאַנגס־שטופען, די סאַטראַפּען, באַאַמטע א. אַז. וו. און יעדער באַאַמטער איז געווען פונקט אַזאַ מעכטיגער הערשער איבער די נידעריגערע באַאַמטע אויף וועמעס אַרבייט ער האָט גע־דאַרפט אַכטונג געבען. דער אַלגעמיינער טיפּ פון דער אָרגאַניזאַציע פון אַזוינע שטאַטען, איז אומעטום געווען דער זעלבער.

אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער האָבען געהאַט די פאַרצייטיגע שטאַ־טען וואָס זיינען אַנטשטאַנען דורך די פעסטע און ברייטע אויסטויש־פאַרבינדונגען צווישען די באַזונדערע גרופּען. דאָס זיינען געווען פרייע פאַראייניגונגען פון גלייכבאַרעכטיגטע גרופּען, פאַראייניגונגען וואָס האָבען געהאַט צום צוועק געמיינשאַפטליכע מיליטערישע אונ־טערנעמונגען און די באַשיצונג פון אויסטויש און פּריוואַט אייגענ־טום.

דורך דער געזעלשאַפטליכער צוטיילונג פון דער אַרבייט, און די אַלגעמיינע אונטערנעמונגען אין וועלכע די פאַרשיידענע גרופּען האָ־בען זיך באַטייליגט, זיינען אָט די פאַרבינדונגען צווישען די גרופּען אַלץ מער געוואַקסען און זיך פאַרשטאַרקט, זייער פאַראייניגונג איז כסדר געוואָרען פעסטער און ענגער.

די אַלגעמיינע אַנגעלעגענהייטען זיינען געלעגען אין די הענט פון

## א. באָגדאַנאָוו

דעם ראַט פון די עדעל־לייט און פון זייערע דערוויילטע פאָרשטעהער, וועלכע פלעגען סיי ווי בלייבען אונטער'ן קאָנטראָל פון דעם ראַט. אין די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון דער גרופּע, איז יעדער עלטס־טער פון דער משפחה פאַרבליבען פונקט ווי פריהער, דער פולער הער־שער. וואָס אַנבעלאַנגט די שקלאַפען, האָבען זיי, פאַרשטעהט זיך, ניט געקומען קיין שום אַנטייל אין די געזעלשאַפטליכע ענינים. אַזוי האָבען אויסגעזעהען די פילע רעפּובליקען פון אַלטען גריכענלאַנד און טיילווייז אויך פון איטאַליע.

צוליב דער גרויסער צאָל מלחמות וואָס פלעגען פאָרקומען אין יענער צייט, איז דער צווייטער טיפּ אָרגאַניזאַציע געווען ניט זעהר שטאַרק, און ניט זעלטען פלעגט ער פאַרביטען ווערען אויף דער אָר־גאַניזאַציע פון ערשטען טיפּ. מלחמה פאָדערט אַ שטרענגע איינהייט פון מאַכט, און אין די אַריסטאָקראַטישע רעפּובליקען איז דאָס שווער געווען אויסצופירען. אויף אַזאַ'ן אופן, איז דורך די פילע מלחמות דאָס רעפּובליקאַנישע רוים פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דעם רוים פון די צעזאַר'ען. אויסער דעם פלעגט צו אַזאַ ענדערונג אָפט ברענגען די אינערליכע רייסערייען און בירגער קריגען, וואָס זיינען געווען דער רעזולטאַט פון די באַזונדערע עקאָנאָמישע אינטערעסען אין דער גע־זעלשאַפט. פילע פון די גריכישע רעפּובליקען זיינען מער ווי איין מאָל פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דעספּאָטיעס; ווען די קליינע שקלאַפען־אייגענטימער, די פּויערים, די בעלי מלאכות און די סוחרים פלעגען אַרויסטרעטען אין קריג קעגען די פאַראייניגטע גרויסע שקלאַפען־באַזיצער און קעגען דער אַריסטאָקראַטיע, פלעגען זיי זיך מערסטענס שטעלען אונטער דער פאַן פון אַ קיסר אָדער טיראַן, ווייל דורך אַ שטרענגער צענטראַליזאַציע פון כחות, האָבען זיי געקענט דערוואַרטען צו דערגרייכען צופרידענשטעלענדע רעזולטאַטען.

בכלל איז דער שטאַט פון דער אַלטער וועלט געווען אַן אָרגאַני־זאַציע פאַר דער אויסערליכער און אינערליכער באַשיצונג פון די עק־זיסטירענדע עקאָנאָמישע באַציהונגען, און פון די אינטערעסען פון די שקלאַפען־אייגענטימער.

### 3) די הויפּט שטריכען פון דער געזעלשאַפטליכער פּסיכאָלאָגיע פון דער אלטער וועלט.

#### א) די לאַגע פון דעם יחיד אין דער גרופּע און געזעלשאַפט.

די שטופענווייזע פארוואנדלונג פון דעם פאטריארך אין א שקלאַ־פען־אייגענטימער, און דעם שקלאַפען־אייגענטימער פון אַן אָרגאַניזאַטאָר פון דער פּראָדוקציע אין א פּאַראַזיט, האָט מיט זיך געבראכט אויך אַן ענדערונג אין דעם בליק אויף דעם פּראָדוצענט און אויף די פּראָדוקטיווע ארבייט בכלל. די אַכטונג און דער אינטערעס צו דער פּראָדוקטיווער אַרבייט זיינען אינגאַנצען פארשוואונדען, און זייער פּלאַץ האָבען פארנומען גאַנץ אַנדערע באַציהונגען. עס וועט ניט שאַדען דאָ צו כאַראַקטעריזירען יענע צייט פון דעם געזעלשאַפטליכען דענקען אין זיין פולער אנטוויקלונג, אין דער עפּאָכע פון דער סיסטעם פון שקלאַפען ווירטשאַפט.

אין יענער צייט איז באַשאַפען געוואָרען אַזאַ סאָרט קלאַסיפיקאַציע פון די מיטלען פון פּראָדוקציע:

1) שטומע, טויטע וועדקצייג*), ווי צ. ב. ש. די האַק, דער וואַרשטאַט א. א. וו.

2) לעבעדיגע געצייג**). וועלכע קאָנען האַלב אויסדריקען זייערע געפילען דורך קלאַנגען. דאָס זיינען די הויז חיות, און:

3) די געצייג וואָס זיינען באַשאַנקען מיט דער פעהיגקייט צו רעדען***), דאָס זיינען די שקלאַפען.

דער בליק איז אַרויסגערופען געוואָרען נויטווענדיגערווייזע אין די געדאַנקען פון די פּאַרצייטיגע מענשען, דורך דער עקאָנאָמישער אָרדנונג, וואָס האָט דאַן געהערשט. די פּראָדוקציאָנס סיסטעם איז

*) Instrumenta Muta.

**) Instrumenta semivocalia.

***) Instrumenta vocalia.

# א. באַגדאַנאָוו

געוועז באַגרינדעט אויף די פּאַקטישע באַציהונגען פון איין מענשען צום צווייטען, ווי צו א געצייג; און אויף צו פאַרכאַפּען א פרעמדען מיט'ן צוועק אויסצונוצען זיין ארבייטס־כח.

ניט וויסענדיג פון קיין אנדער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, האָבען די מענשען פון יענער צייט געהאַלטען, אַז די שקלאַפעריי איז נאַטיר־ליך און אומפאַרמיידליך, עס איז א נאַטור געזעץ. פון אַזאַ בליק האָבען זיך ניט געקענט באַפרייען אפילו די געבילדעטסטע מענשען פון יענער צייט. „די נאַטור שאַפט איין מענשען צו זיין פריי און א צווייטען צו זיין א שקלאַף“ (אריסטאָטעל, „פּאָליטיק“). פּלאַטאָ, וועלכער איז געוועזן איינער פון די נאָבעלסטע דענקער פון אַלטערטום, שאַפענ־דיג זיין פּלאַן פון א פּאָלקאָמען אידעאַלען שטאַאַט, האָט ניט איינ־געזעהן קיין מעגליכקייט ווי אַזוי מען קען אויסקומען אָהן שקלאַפען־ארבייט (דאָס איז אָבער נאָך מער פאַרשטענדליך, ווען מען האָט אין זינען, אַז פּלאַטאָנ'ס „רעפּובליק“ איז בעצם אַן אידעאַליזאַציע פון דער ספּאַרטאַנישער געזעלשאַפט).

אויב מיט די שקלאַפען איז מען זיך ניט אַלע מאָל באַגאַנגען ברוטאַל, האָט מען אָבער פונדעסטוועגען זיי אַלץ ניט באַטראַכט פאַר מענשען. אויסער דעם, איז די באַהאַנדלונג פון די שקלאַפען געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער, וואָס מער עס האָט זיך אַנטוויקעלט דער אויסטויש און עס איז געוואַקסען דער חשק רייך ווערען; די עקס־פּלואַטאַציע פון די שקלאַפען ווערט אין יענער צייט א סך שטאַרקער.

אין די געגענזייטיגע באַציהונגען צווישען די שקלאַפען האָט גע־הערשט גלייכהייט, פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס איז געוועזן גלייכהייט אין רעכטלאָזיגקייט. אָבער וואָס מער די באַלעבאַטים האָבען אָנגעהוי־בען איבערצוגעבען די פאַרוואַלטונג פון געוויסע ארבייטען אין די הענט פון איינצעלנע שקלאַפען, הויבט אַן וואַקסען די מאַכט פון איין שקלאַף איבער'ן צווייטען.

די פאַמיליע פון דעם שקלאַף איז געשאַפען געוואָרען אָדער צור־שטערט געוואָרען, לויט ווי דעם באַלעבאָס האָט זיך געלוינט.

די אויסרעכענונגען פון די הערשער האָבען אויך באַשטימט דעם סכום פון לעבענס מיטלען, וואָס דער שקלאַף האָט באַקומען. וואָס

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

מער עס האָט זיך אַנטוויקעלט און גרויס געוואָרען דער האַנדעל מיט שקלאַפען, אַלץ ווייניגער האָט זיך געלוינט צו זאָרגען פאַר דעם וואָל־זיין פון שקלאַף, און בעסער זעהן אַרויסצוקריגען פון איהם וואָס מער אַרבייט. אויף אַזאַ׳ן אופן האָט זיך דער שקלאַף שנעל „אויסגע־אַרבייט" און איז פאַרבּיטען געוואָרען אויף אַ פרישען, וואָס האָט גע־קאָסט ניט זעהר פיל. פאַלגליך הייסט דאָס, אַז אויך די לענג פון דעם שקלאַפ׳ס לעבען איז באַשטימט געוואָרען דורך די אויסרעכענונגען פון זיין באַלעבאָס, פּונקט ווי דער באַלעבאָס האָט רעגולירט די גע־בורט פון זיינע שקלאַפען.

אונטערטעניגקייט, דערנידעריגקייט, טעמפּקייט — דאָס זיינען די הויפּט כאַראַקטער שטריכען פון דער שקלאַפען פּסיכאָלאָגיע, וועל־כע איז געווען דער דירעקטער רעזולטאַט פון זייערע לעבענסבאַדינגונ־גען. עס איז ניט געווען קיין שום מעגליכקייט פאַר אַנטוויקלונג, און די אידעע פון קאַמף איז פאַרשוואונדען. בלויז אין אויסנאַמס־פאַלען, אונטער אויסנאַמס־באַדינגונגען, פלעגען אַמאָל פאָרקומען שקלאַפען־אויפשטאַנדען, געוויינליך פלעגט דאָס פּאַסירען אין אַזוינע פאַלען ווען אָדער דער כאַראַקטער פון דער אַרבייט גופא האָט נויטיג געמאַכט אַז ענגע פאַרבּינדונג צווישען די שקלאַפען (די ערד־אַרבייטער שקלאַפען אין סיציליע, צום ביישפּיל, וועלכע פלעגען אַרבייטען צו עטליכע הונ־דערט צוזאַמען, צוגעשמידט איינער צום צווייטען), אָדער ווען די שקלאַפען האָבען אַנטוויקעלט אַן אויסערגעוויינליכע ענערגיע (ווי די גלאַדיאַטאָרען אין אַלטען רוים, דאָ האָט צווישען אַנדערס אויך גע־שפּילט אַ ראָליע, וואָס די גלאַדיאַטאָרען זיינען מערסטענס געווען שקלאַפען א י ן ע ר ש ט ע ן ד ו ר, און ניט קיין קינדער פון שקלאַפען, וואָס האָבען פון קיין פרייהייט קיין מאָל ניט געוואוסט). אַזוינע אויפשטאַנדען פלעגען אונטערדריקט ווערען אויפ׳ן ברוטאַל־סטען אופן, דורך דער פאַרניכטונג פון וואָס מער פון די בונטאָוו־שטשיקעס.

איבער דער מאַסע רעכטלאָזע שקלאַפען איז געשטאַנען די משפּחה פון דעם הערשער. אָבער אויך אויף דער אָרגאַניזאַציע פון דער משפּחה האָט די שקלאַפעריי אַרויפגעלייגט איר שטעמפּעל. ניט נאָר איז אין

## א. באָגדאַנאָוו

איר פאַרבליבענע און אַפגעהיט געוואָרען די געוויינליכע מאַכט פון דעם פאַטריאַרך איבער אַלע אַנדערע מיטגלידער, וועלכע איז דערגאַנגען ביז דאָס רעכט איבער לעבען און טויט. נאָר דער הויפּט פון דער פאַמי־ליע האָט אויך געהאַט דאָס רעכט צו פאַרקויפען זיינע קינדער פאַר שקלאַפען. אַפילו אין די בליהענדסטע צייטען פון דער אַלטער וועלט, זיינען אַזוינע פאַקטען ניט געווען קיין זעלטענהייט. אָבער הגם, לויט איר אומבאַגרענעצטקייט, האָט זיך די מאַכט פון פאָטער איבער זיינע קינדער ניט פיל אונטערשיידעט פון דער מאַכט פון שקלאַפען־איי־גענטימער איבער זיינע שקלאַפען, פונדעסטוועגען זיינען דאָ די ער־שטע באַציהונגען געווען באַדייטענד מילדער ווי די צווייטע.

ווייטער — איבער דער משפּחה שטעהט דער שטאַט. די שיכות'ן צווישען שטאַט און דעם פרייען מענשען זיינען געווען גאַנץ פאַרשיי־דענאַרטיגע, עס האָט זיך געווענדט אָן דעם טיפּ פון דער אָרגאַניזאַציע פון שטאַט.

אין אַזיאַטישע דעספּאָטיעס איז יעדער איינצעלנער אונטערטאַן דעם שטאַט אַ שקלאַף. עקאָנאָמיש פלעגט זיך דאָס אויסדריקען אין דעם, וואָס די שטאַטליכע ווירטשאַפט פלעגט עקספּלואַטירען די פּרי־וואַטע ווירטשאַפטען דורך דער זאַמלונג פון ריזיגע טריבוטען און שטייערען יורידיש פלעגט זיך דאָס אויסדריקען אין דער פולער רעכטלאָזיגקייט פון דעם איינצעלנעם געגען אפילו דעם קלענסטען שרייפעל פון דער שטאַטליכער מאַשין, וואָס האָט געדינט פאַר אויפ־מאָנען די שטייערען. די גרויסע מערהייט פון דער באַפעלקערונג האָט בכלל ניט געפירט קיין בירגערליכען לעבען. וואָס פאָלקאָמענער עס איז געוואָרען די אָרגאַניזאַציע פון די שטאַטס באַאַמטע, אַלץ שווע־רער איז געוואָרען דער יאָך, וואָס די באַפעלקערונג האָט אויף זיך געמוזט טראָגען. אַנשטאַט בלויז אויספירען דעם ווילען פון דער הע־כערער מאַכט, און דינען אַלס ווערקצייג פאַר דער עקספּלואַטאַציע פון דער באַפעלקערונג, האָבען די באַאַמטע אָנגעהויבען אַליין צו לעבען זייער אייגענעם לעבען און עקספּלואַטירען דער באַפעלקערונג פאַר זייער אייגענעם נוצען. ד י ענדערונג איז פאָרגעקומען דורך דעם, וואָס די העכערע טיילען פון דער אַזיאַטישער ביוראָקראַטיע, האָבען

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

אַלץ מער איבערגעגעבען זייערע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַטאָרישע טעטיגקייטען צו די נידעריגערע קלאַסען, ווערענדיג דורך דעם פאַר־וואַנדעלט פון פּראָדוקטיווע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט אין פּאַ־ראַזיטען, אַזוי ווי עס זיינען געווען די שקלאַפען־אייגענטימער פון גריכענלאַנד און רוים. אויסער דעם, זאָרגענדיג פאַר די צוקונפטיגע דורות, האָט די ביוראָקראַטיע געזוכט צו שאַפען פאַר זיי אַזויפיל נוצ־לאָזע עמטער ווי מעגליך. אין מאַנכע אַזוינע מזרח־דעספּאָטיעס, ווי אין כינע און פּערסיע, איז די מאַכט פון דעם אַדמיניסטראַטישען אַפּאַראַט געוואָרען די אורזאַך פון אַ גרויסער עקאָנאָמישער און יורי־דישער אונטערדריקונג.

אונטער אַזוינע אומשטאַנדען איז די אַנטוויקלונג פון דער פּער־זענליכקייט געווען אוממעגליך, ניט בלויז פאַר די שקלאַפען; דער גייסטיגער צושטאַנד פון די הערשער האָט זיך ניט פיל אונטערשיידט פון זייערע שקלאַפען.

גאַנץ אַנדערש איז געווען די לאַגע פון דעם יחיד אין די שטאַטען פון דעם אייראָפּעאישען טיפּ.

דאָרט איז די פּערזענליכקייט ניט אונטערדריקט געוואָרען. די פאָרמע פון דער שטאַטליכער אָרגאַניזאַציע גופא האָט דערצו ניט דערלאָזען. אין אָנפאַנג האָט זיך אפילו יא איינגעגעבען די רייכסטע און מעכטיגסטע שקלאַפען־באַזיצער צו מאַכען אונטערטעניג צו זיך די מאַסע אָרעמע בירגער, די ערד־אַרבייטער און בעלי מלאכות. די עקאָנאָמישע אָפּהענגיגקייט פון די לעצטע פלעגט זיך געוויינליך אויס־דריקען אין דעם, וואָס זיי זיינען געווען בעלי חובות צו די רייכע, די פּאָליטישע — אין דעם וואָס זיי האָבען געשפּילט אַ גאָר קליינע ראָליע אין דער פאַרוואַלטונג פון שטאַט. ווען אָבער די אַנטוויקלונג פון די אויסטויש־באַציהונגען האָט פאַרשטאַרקט די געגענזייטיגע פאַרבינדונג פון די פאָלקס מאַסען (דעמאָס), איז אויף דער סצענע אויפגעטראָטען אַ נייע גרופּע — די סוחרים, דאַן האָבען זיך די פאָלקס מאַסען (דע־מאָס) פאַרבונדען געגען דער גרויסער אַריסטאָקראַטיע, און האָבען אָנגעהויבען פירען אַ ביטערען קאַמף פאַר זייער פּאָליטישע רעכט און פאַר די עקאָנאָמישע פּריווילעגיעס, וואָס זיינען מיט זיי געווען

## א. באַגראַנאָוו

פארבונדען. דער קאמף האט זיך פארענדיגט מיט דעם זיג פון דער דעמאקראטיע, וועלכע האט באקומען פולע פאליטישע גלייכבארעכ־טיגונג.

עס איז שווער צו געפינען אין דער געשיכטע נאך א ביישפיל פון אזא גלענצענדער פונאנדערבליהונג פון בירגערליכען לעבען ווי אין אטהען, אין זעקסטען און פינפטען יארהונדערט פאר דער קריסט־ליכער צייט רעכענונג. גלייכהייט פאר דעם געזעץ איז געווען פאלקאם; אין דער פארוואלטונג פון שטאט און אין אלע שטאטליכע ענינים, האט יעדער בירגער געמעגט שטימען און נעמען אן אנטייל. עס איז געגאנ־גען אזוי ווייט, אז מאנכע עמטער זיינען איבערגעגעבען געווארען צו מענשען ניט דורך וואלען, נאר פשוט דורך גורל־ווארפען; אויף אזוי ווייט איז די רעפובליק געווען דעמאקראטיש. דאס איז אבער בלויז געווען דער אויסערליכער אויסזעהן פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען.

הינטער די עטליכע צענדליג טויזענט מענשען, וואס האבען זיך פריי אנטוויקעלט אין דער אטמאספערע פון א ברייטען פרייען ביר־גערליכען לעבען, זיינען געשטאנען הונדערטער טויזענטער שקלאפען, רעכטלאזע און אונטערדריקטע „לעבעדיגע ווערקצייג“. דער עיקר פון דער פאליטישער טעטיגקייט פון די פרייע בירגער איז באשטאנען אין טיילען זיך מיט דעם רייכטום וואס די שקלאפען האבען געשאפען און וואס איז פון זיי אוועקגערויבט געווארען.

אזוי איז דאס אויך געווען אין אלטען רוים. אין פארלויף פון עטליכע דורות, האט די דעמאקראטיע — די פלעבעער — געקעמפט מיט די העכערע קלאסען, מיט די פאטריצער — פאר די זעלבע עקאָ־נאמישע צוועקען, ווי די אטהענישע דעמאקראטיע. טריט נאך טריט, מיט אן אויסערגעוויינליכער ענערגיע, האט זי געצוואונגען די מעכטיגע ארגאניזירטע געגנער צו מאכען הנחות. אבער אין דער גאנצער צייט פון קאמף האט זיך אפילו איין שטימע ניט געהערט פאר דער פארבע־סערונג פון די לעבענס־באדינגונגען פון די שקלאפען. אין דער הינ־זיכט איז קיין שום אונטערשייד ניט געווען צווישען דעם זעלבסט־גייציגען דעמאגאג און די ריינסטע אוטאפיסטען, ווי די גראקכען, צ.

# פאָליטישע עקאָנאָמיע

ב. ש., וועמעס גאנצער לעבען איז אוועקגעגעבען געוואָרען אין קאמף פאר די „פאָלקס" אינטערעסען.

אונטערפירענדיג דעם סך הכל וועגען דער לאגע פון דעם יחיד אין דער געזעלשאפט פון אלטערטום, קען מען זאגען דאָס פאָלגענדע: פאר'ן שקלאף איז ניט געווען קיין שום מעגליכקייט צו אנטוויקלען זיך. אנשטאט דעם זיינען געווען אלע נויטיגע מיטלען פאר זיין דעגראדא־ציע. פאר די הערשער אין די מזרח לענדער, וואו דער אויסטויש איז געווען נאָך גאר שוואך אנטוויקעלט, זיינען די באדינגונגען פאר אנטוויקלונג ניט פיל בעסער געווען; אין די מערב־געזעלשאפטען פאר־קערט, וואו דער אויסטויש איז געווען גאנץ ברייט אנטוויקעלט, האָט די פרייע פערזענליכקייט געהאט גענוג פלאץ פאר איר פולער אנטוויק־לונג.

### ב) די געזעלשאפטליכע פאָרמען פון זייער וועלט־אנשויאונג.

איצט דארפען מיר באטראכטען די פראגע אויף וויפיל האָט די געזעלשאפטליכע פסיכאָלאָגיע פון דער שקלאפען־עפּאָכע געקענט די־נען אלס מאטעריאל פאר דער ווייטערער טעכנישער און עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט.

וואָס אנבעלאנגט די פסיכאָלאָגיע פון די שקלאפען, וועלען מיר וועגען דעם ניט פיל קענען זאגען: איר ענגקייט און באגרענעצטקייט און געוואלדיגע אָרעמקייט, זיינען אויסער יעדען צווייפעל. דאָס איז אויך פארשטענדליך, אויב מיר האָבען נאָר אין זינען, אז יענע מענ־שען זיינען פאקטיש געווען ניט מער ווי ווערקצייג. זוכען ביי זיי עלע־מענטען פון אנטוויקלונג איז איבעריג, דער גייסטיגער לעבען פון יענע מענשען איז אפילו אין בעסטען פאל (צ. ב. ש. ביי די געלערענטע שקלאפען), געווען ניט מער ווי א שוואכער אָפּשיין פון דעם גייסטיגען לעבען פון זייערע הארען.

אין א גאנץ אנדער לאגע האָט זיך געפונען דער הערשענדער קלאס; ביי זיי איז די פסיכאָלאָגישע אָרעמקייט שוין ניט געווען קיין

## א. באַגדאַנאָוו

אומפאַרמיידליכע זאַך. די אָרגאַניזירטע טעטיגקייט פאָדערט בכלל א געוויסע מאָס פון גייסטיגער אנטוויקלונג, בפרט נאָך ווען די עקספּלואַטאַציע פון די שקלאַפן האָט די הערשער געגעבן אַלע מעגליכקייטן און גענוג צייט, ניט נאָר פאַר פאַרשיידענע פאַרגעניגענס, נאָר אויך פאַר גייסטיגער אנטוויקלונג.

אין דער לאַנגער עפּאָכע, ווען עס האָט געהערשט די שקלאַפן־ווירטשאַפט, געפינען מיר א גאַנצע רייהע פון געזעלשאַפטליכע צו־שטאַנדן, וועלכע אונטערשיידן זיך גאַנץ באַדייטענד. פאַרגלייכענ־דיג דעם צושטאַנד פון דעם גייסטיגען לעבען אין פאַרשיידענע צייי־טען פון יענער עפּאָכע, ביי פאַרשיידענע פעלקער, קען מען געפינען אַלע איבערגאַנגס־שטופען פון פּולסטען באַרבאַריזם ביז צו דער שטופע פון ציוויליזאַציע, וועלכע האָט געהערשט אין גריכענלאַנד און רוים, אין דער צייט פון זייער בליהונג.

עס איז ניט נויטיג זיך אָפּצושטעלען אויף דעם פּסיכישען לע־בען פון די הערשענדע קלאַסען פון אַזוינע געזעלשאַפטען, וועלכע זיינען באַגרינדעט געווען אויף שוואַכע אויסטויש פאַרבינדונגען און זיינען געווען אָרגאַניזירט לויט'ן מוסטער פון די מזרח דעספּאָטיעס; אויף א געוויסער שטופע פון זייער אנטוויקלונג איז ביי זיי כמעט איינגאַנצען פאַרשוואונדען דער אונטערשייד אין דער פּסיכאָלאָגיע פון האַר און שקלאַף. ביידע ליידען פון ענליכע אונטערדריקונגען, און דאָס שאַפט ביי זיי אַן ענליכע פּסיכאָלאָגיע, אַן ענגען, אַן אינהאַלטס־לאָזען און אומבאַוועגליכען אופן פון דענקען. דער אונטערשייד אין דער פּסיכאָלאָגיע פון האַר און שקלאַף איז אַזוי אומבאַדייטענד, אַז עס לוינט זיך דאַרויף ניט אָפּשטעלען.

א גאַנץ אַנדער בילד האָבען מיר פאַר זיך אין די געזעלשאַפטען, וועלכע האָבען דערגרייכט א באַדייטענדע שטופע פון אַנטוויקלונג פון אויסטויש. די פרייע, ווייט פאַרצווייגטע אויסטויש־פאַרבינדונגען, ברייטערען אויס דעם מענשענס גייסטיגען האָריזאָנט, זיי גיבען אים אַן אָנרעגונג פאַר דערקענטעניש, זיי באַפרייען זיין געדאַנק פון דער פאַרשטיינערטקייט אין וועלכער ער האָט זיך געפונען אין די פריהער־דיגע נאַטוראַל־ווירטשאַפטליכע גרופּען. דער פּסיכישער מאַטעריאַל

וואקסט אויס און ווערט פארשיידענארטיגער. דאס וואס עס איז ניטא קיין אויסערליכע אונטערדריקונג פון איין זייט, און די פארהעלטניס־מעסיג קליינע מאכט פון דער נאטור איבער'ן מענשען פון דער צווייטער, שאפען א באדען פאר א באשטימטער שטופע פון מענשליכען דענקען און פאר אן אינטענסיווער דערקענטעניש־טעטיגקייט.*)

די קלאסישע וועלט האט פאר דער צייט פון איר עקזיסטענץ דערגרייכט צו א גאנץ הויכער שטופע אין דער אנטוויקלונג פון איר דערקענטעניש טעטיגקייט. אבער — איז אט דער פראגרעס געגאנגען אין דער ריכטונג וואס איז גינסטיג פאר דער אנטוויקלונג פון דער טעכניק און עקאנאמיק? איז אט די טעטיגקייט געווען נוצליך אין דעם אוממיטעלבארען קאמף מיט דער נאטור; אין דעם קאמף צו קריגען די מאכט איבער דער נאטור?

דא מוזען מיר אונטערשיידען צוויי באזונדערע מדרגות אין דעם לעבען פון דער קלאסישער וועלט. כל זמן דער גרויסער שקלאפען־באזיצער איז פאקטיש פארבליבען דער ארגאניזאטאר פון דער פראדוקציע פון דער גאנצער גרופע, און צוזאמען מיט אים זיינען נאך אויך געווען פרייע פויערים און בעלי מלאכות, איז דער געזעלשאפטליכער דענקען געווען געווענדעט אויף צו באקומען וואס מער פראקטישען וויסען. אמת, דאס איז געווען אין די אורזאלטע צייטען פון דער שקלא־

*) דער נאטוראלער פעטישיזם הויבט אליין מער אן אפטרעטען אן א זייט, בלויז אין מאנכע „ווינקלען" פארבליבט ער. אליין וואס פון אים בלייבט איבער זיינען די געצענדינערישע רעליגיע, די מעטאפיזישע אויפ־פאסונג פון די לעבענס־ערשיינונגען און בכלל פון די מער קאמפליצירטע ערשיינונגען. אין דער רעליגיע פון דעם אלטערטום ווערען פעטישיסטיש פארגעטערט די אומבאזיגטע, און פאלגליך די אומדערקלערטע, נאטירליכע ערשיינונגען, און שפעטער אויך די אומבאוואוסטזיניגע מאסען־ערשיינונגען פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען. די מעטאפיזיק, וועלכע דערקלערט ערשיינונגען דורך די פארשיידענע „כחות, וואס זיינען הינטער זיי באהאלטען", איז בלויז א מער אבסטראקטע פארמע פון אנימיזם. עס פארשטעהט זיך, אז אין דער פסיכיק פון די געזעלשאפטליכע עלעמענטען, וואס זיינען עקאנאמיש שוואכער (דעמאס, פלעבעער, און שפעטער די פראלעטאריער) פארנעמט דער אנימיזם און די מעטאפיזיק אימער א גרעסערען ארט, ווי אין דער פסיכיק פון די העכערע קלאסען.

## א. באָגדאַנאָוו

פעז־ווירטשאַפטליכער קולטור, ווען די כחות פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער דערקענטעניש זיינען געווען גאַנץ אומבאַדייטענד, און דער כח פון דעם פּאַטריאַרכאַלען מנהג האָט נאָך באַדייטענד געדריקט די מחות; דער פּראָגרעס פון דעם פּראַקטישען וויסען האָט דאַן, פאַלגליך, געקענט אַנגעהן בלויז זעהר לאַנגזאַם. אין פאַרגלייך אָבער מיט די פריהערדיגע צייטען, איז אָט דער לאַנגזאַמער גאַנג געווען אַ גוואַלטיג שנעלער. אין פאַרלויף פון בלויז אייניגע יאָר־הונדערטער זיינען געמאַכט געוואָרען אַ סך טעכנישע אויסבעסערונגען און ערפינדונגען. ביז דער לעצטער עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער אַלטער וועלט, האָט זיך ביי זיי אָנגעזאַמעלט אַ גאַנץ גרויסער זאַפּאַס פון פּראַקטישען וויסען, און אין מאַנכע פאַלען איז די פּראָדוקציע געווען גאַנץ צוועקמעסיג אָוועקגע־שטעלט און באַגרינדעט אויף אַ פאַרהעלטניסמעסיג טיפער באַקאַנט־שאַפט מיט דער געזעצמעסיגקייט פון די ערשיינונגען (ווי צ. ב. ש. די אינזשענירען אַרבייט, אַרכיטעקטור און די באַאַרבייטונג פון מעטאַ־לען).

אין דער נאָכפאָלגענדער מדרגה, ווערט די ראָליע פון דעם גרוי־סען שקלאַפען־באַזיצער, אין דער פּראָדוקציע, שנעל פאַרקלענערט. די גאַנצע אָרגאַניזאַטאָרישע טעטיגקייט ווערט אַרויפגעוואָרפען אויף די פּלייצעס פון אַ קליינער טייל שקלאַפען. (און באַדינער זיינען אַזוי גוט ווי שקלאַפען). גלייכצייטיג פאַרניכטעט די אַנטוויקלונג דעם קלאַס פון פּויערים און בעלי מלאכות, פאַרוואַנדלענדיג זיי אין לומפּען־פּראָ־לעטאַריער. (ווי אַזוי האָט דאָס פּאַסירט, וועלען מיר קלאָר מאַכען שפּעטער). עס איז געווען נאַטירליך, אַז די ריכטונג אין וועלכער עס איז געגאַנגען דער געדאַנק ביי די הערשענדע קלאַסען זאָל זיך ענדע־רען. ער ווערט אָפּגעריסען פון דעם אוממיטעלבאַרען קאַמף מיט דער נאַטור און פון דער פּראָדוקציע, ער געהט איבער אין די „העכערע ספערען“. פּונקט ווי די געזעלשאַפטליכע ראָליע פון די הערשער ווערט צוריקגעפירט בלויז צום פאַרברויך, אַזוי ווערט אויך זייער גייסטיגע טעטיגקייט צוריקגעפירט בלויז צו ראַפינירטע זעלבסט־צופרידענ־שטעלונג.

דער אינטערעס צו טעכנישע וויסענשאַפטען, וואָס קענען די־

# פאליטישע עקאנאמיע

רעקט דינגען דער פראדוקציע, ד. ה. פארלייכטערען די ארבייט פאר די שקלאפען, ניט פאר די הערשער, פארשווינדט אינגאנצען. דער פראגרעס פון די נאטור וויסענשאפטען שטעלט זיך אפ אויף דעם שוואכען אנהויב, וואס זיי האבען געמאכט, ווייל די הערשער האבען דאס געהאלטען פאר נידריגער פון זייער ווירדע צו פארנעמען זיך מיט באאבאכטונגען פון אלטעגליכען לעבען. וועגען די סאציאלע וויסענשאפטען איז שוין אפגערעדט; פאר זייער ערשטען אנפאנג קען מען רעבענען די אויבערפלעכליכע געשיכטעס וועגען העלדען און מלחמות. מיט דער אויספארשונג פון ־ער מאטעריעלער און עקאנאמישער קולטור האט מען זיך בכלל ניט פארנומען, ווייל דער געגענשטאנד פון אזא אויספארשונג איז דאך אזא אומוויכטיגע און נידריגע זאך ווי פראדוקציע. אט דער אריסטאקראטיזם פון געדאנק איז געווען די אפשפיגלונג פון דער אומבאגרענעצטער מאכט פון די הארען איבער די שקלאפען.

מיט א באזונדערען חשק האבען זיך די מענשען פון אלטערטום פארנומען מיט די אבסטראקטסטע פון די נאטור־וויסענשאפטען, מיט מאטעמאטיק און לאגיק. פון די מער קאנקרעטע וויסענשאפטען איז געאכטעט געווען די אסטראנאמיע, וועלכע האט דאך צו טאן מיט עפעס א העכערען געגענשטאנד,*) א וועלכע עס איז נאהענטע אנווענדונג פון אט די וויסענשאפטען אויפ'ן פראקטישען לעבען האט מען געהאלטען פאר נידעריג. די אנווענדונג פון דער געאמעטריע אויף דער לייזונג פון מעכאנישע פראבלעמען, איז אין פלאטאנ'ס מיינונג, געווען א באליידיגונג פאר דער געאמעטריע.

אין דער אלטער וועלט, בפרט אין גריכענלאנד, האט מען זיך זעהר פיל אפגעגעבען מיט פילאסאפיע, פיל מער ווי אין א וועלכער עס איז שפעטערדיגער צייט. די גריכישע פילאסאפיע איז געווען דער

*) דער דאזיגער שלום בנוגע צו אסטראנאמיע איז צו געוואגט. דעם אנפאנג פון אסטראנאמיע האבען געמאכט די פריסטער (גלחים) פון מצרים, וועלכע האבען זיך פארנומען מיט איהר צוליב גאנץ פראקטישע צוועקען, אום צו באשטימען די צייט ווען דער נילוס פלעגט זיך פונאנדערגיסען, וואס איז וויכטיג געווען פאר דער לאנדארבייט. אזוי באהויפטען די פארשער פון דער געשיכטע פון דעם אלטען מצרים. (רעדאקטאר).

## א. באָגדאַנאָוו

גלענצענדסטער פּראָדוקט פון דער אַלטער ציוויליזאַציע. אָבער אויך דאָ איז דער הויפּט כאַראַקטער־שטריך פון דער פילאָסאָפיע איהר אָפּ־גערויסענהייט פון דעם אַלטעגליכען לעבען — קיינער וויל איר ניט אָוועקלייגען אַלס פונדאַמענט פאַר דער אויספאָרשונג פון דער ווירק־ליכקייט — און איר אַבסטראַקטער כאַראַקטער בכלל.

אין אַלגעמיין איז די גאַנצע רייכקייט פון וויסען אין דער שפּע־טערער צייט פון דער אַלטער וועלט, געווען כמעט אומנוצליך פאַר'ן טעכנישען פּראָגרעס, און פאָלגליך אויך פאַר'ן עקאָנאָמישען.

די אַנטוויקלונג פון דער קונסט איז געווען אַ צווייטער כאַראַקטע־ריסטישער פּראָדוקט פון דעם פּסיכישען לעבען פון דער אַלטער וועלט. אַ פּראָדוקט, וואָס איז פונקט אַזוי אומנוצליך געווען פאַר דעם עקאָ־נאָמישען פּראָגרעס, הגם זעהר נוצליך פאַר די הערשענדע קלאַסען אַלס פאַרגעניגענס־מיטעל.

אין די עקענאָמישע אַנשויאונגען פון יענער צייט, טרעט איבער־הויפּט בולט אַרויס די ריכטונג פון געדאַנק, וואָס איז זעהר ניט גינס־טיג פאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. אַזעלכע אַנשויאונגען זיינען צוזאַרפען איבער די פאַרשיידענע ליטעראַרישע שאַפונגען פון דער אַלטער ליטעראַטור. זיי זיינען ניט געווען קיין רעזולטאַט פון קריטי־שער פאָרשונג, נאָר זיינען געווען דער אוממיטעלבאַרער פּראָדוקט פון די געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען. זיי זיינען ניט געווען וויסענשאַפט־ליך און האָבען ניט געקענט דינען פאַר דער צוזאַמענשטעלונג פון אַ וויסענשאַפטליכער סיסטעם. די עקאָנאָמישע וויסענשאַפט, די לעה־רע וועגען די שייכות'ן צווישען מענשען און זייער פּראָדוקטיווער אַר־בייט, איז בכלל ניט מעגליך געווען, בשעת מען האָט געקוקט אויף פּראָדוקטיווע אַרבייט מיט פאַראַכטונג.

„די גאַנצע וויסענשאַפט פאַר'ן הערשער", זאָגט אַריסטאָטעל, „קען צוריקגעפירט ווערען צו זיין קענטניש ווי אַזוי אויסצונוצען די שקלאַפען־אַרבייט". דערביי איז דער אידעאַל פון די דאַמאָלסטדיגע מענשען געווען אַרויסצוקריגען אַלץ וואָס זיי דאַרפען דירעקט פון דער שקלאַפען אַרבייט און ניט דורך אויסטויש. אַן דער אַנשויאונג האָבען **זיך געהאַלטען** אפילו די אַטהענער, וועלכע זיינען געווען אַ פאַרהעלט־

ניסמעסיג סוחר'שע נאַציע. די אַנשויאונגען שטיצען זיך ערשטענס, אויף דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דער דאַמאָלסטיגער ווירטשאַפט, וועלכע איז נאָך אַלעמען פאַרט געווען מער אַ נאַטוראַלע איידער אַן אויסטוישליכע, ווייל דער אויסטויש איז דעמאָלס געווען גאַנץ אומבאַדייטענד, און צווייטענס, אויף דעם שאַרפען אַנטאַגאָניזם צווישען דעם סוחרים קלאַס און אַלע אַנדערע געזעלשאַפטליכע גרופּען.

ווען אויסטויש איז קליין, ווען דער סכום פון די סחורות וואָס געהען דורך די הענט פון די סוחרים איז בכלל ניט גרויס, קען זיך דער קלאַס סוחרים ניט באַנוגענען מיט אַזאַ קליינעם פּראָצענט רוח, ווי צ. ב. ש. אין אונזער צייט. די סוחרים האָבען ענערגיש עקספּלואַטירט די פּראָדוצענטען אַזוי גוט ווי די פאַרברויכער, אַ דאַנק דער שוואַכער קאָנקורענץ, איז דאָס פאַר זיי געווען זעהר לייכט. דער געגענזאַץ צווישען די אינטערעסען פון די סוחרים און די אַנדערע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט איז אויף דעם אופן געוואָרען זעהר שאַרף. די פיינדליכע באַציהונגען צו זיי ווערט פון די מערסטע שרייבער פון אַלטערטום גאַנץ אָפען אַרויסגעזאָגט. „די סוחרים, וועלכע זיינען געוואוינט געוואָרען צו זאָגען ליגען און אָפּצונאַרען, קענען אין שטאַט געדולדעט ווערען, בלויז אַלס אַן אומפאַרמיידליכער איבעל... פאַר אַ בירגער צו פאַרנעמען זיך מיט מסחר — איז אַ פאַרברעכען... דער שטאַט מוז אַכטונג געבען אויף דעם פאַרקויף פון סחורות און דאַרף דערלאָזען בלויז דעם מעגליכסט קלענסטען פּראָצענט רוח פאַר די סוחרים" (פּלאַטאָן). „דער האַנדעל מיט קלייניגקייטען איז מיאוס, דער גרויס מסחר איז בלויז עפּעס, וואָס מוז געדולדעט ווערען... עס קען קיין ריוח ניט זיין, אויב מען נאַרט עמיצען ניט אָפּ" (ציצעראָן). דער טוישווערט פון סחורות, ווערט פון אַריסטאָטעלען, האַלב מיט פאַראַכטונג, אָנגערופען „דער קינסטליכער נוצען פון זאַכען", איז געגענזאַץ צו דעם „נאַטירליכען נוצען פון זאַכען", ד. ה. דעם דירעקטען פאַרברויך.

די צוטיילונג פון דער אַרבייט איז אין דעם אַלטערטום אָפּגעשאַצט געוואָרען ניט פון שטאַנדפּונקט פון דער פּראָדוקציע, נאָר פון דעם פאַרברויך. אויף דעם פאַקט וואָס די צוטיילונג פון דער אַרבייט פאַרגרעסערט די קוואַנטיטעט פון די פּראָדוקטען און פאַרקלענערט

# א. באָגדאַנאָוו

זייער קאַסט, האָבען זיי זיך ניט אומגעקוקט. פאַר זיי איז געווען וויכ־
טיג בלויז דאָס, וואָס די צוטיילונג פון דער ארבייט פאַרבעסערט די
פּראָדוקטען און אויף דעם אופן, דעם פאַרגעניגען פון געברויכען זיי.
אַזאַ שטאַנדפּונקט איז אינגאַנצען אין אנקלאַנג מיט דער ראָליע פון
בלויז פאַרברויכער, וועלכע די שקלאַפען־באַזיצער האָבען געשפּילט אין
דער אַלטער וועלט.

די געזעלשאַפטליכע צוטיילונג פון דער ארבייט און דער אויס־
טויש אין וועלכען דאָס איז אויסגעדריקט געוואָרען, זיינען געווען די
הויפּט כחות פאַר'ן פּראָגרעס אין דער אַלטער וועלט. זיי זיינען געווען
דער הויפּט באַנד וואָס האָט פאַרבונדען די דאַמאָלסטדיגע פּראָדוקציע.
און פונדעסטוועגען האָט זיך די געזעלשאַפטליכע פּסיכאָלאָגיע גראָדע
צו אָט די ערשיינונגען באַצויגען נעגאַטיוו, אָפט אפילו פּשוט איגנאָ־
רירט זייער עקזיסטענץ און זייער ראָליע אין דעם קאַמף צו באַהער־
שען די נאַטור.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז וואָכער איז דאַן געווען אַ פיל אָנ־
שטענדיגערע פּרנסה ווי מסחר. אמת, אין דער ליטעראַטור באַגעגענען
זיך אויך אָנפאַלען אויף'ן פּראָצענטניק. אריסטאָטעל פאַראורטיילט
זיי, צ. ב. ש. דערפאַר, וואָס עס איז „אין דער העכסטער מאָס געגען
דער נאַטור צו שאַפען געלט פון געלט". אָבער אַזוינע אָנפאַלען זיינען
פאַרהעלטניסמעסיג זעלטען. דער גרעגענזאַץ אָבער צווישען דעם פּראָ־
צענטניק און זיין בעל חוב איז ניט ווייניגער שאַרף און פילט זיך גאָר
ניט שוואַכער, ווי דער געגענזאַץ צווישען סוחר, פאַרברויכער און פּראָ־
דוצענט. דער וואָכער איז פיל מער געאַכטעט געוואָרען דערפאַר, ווייל
דער קלאַס, וואָס האָט זיך דערמיט פאַרנומען, איז געווען פיל שטאַר־
קער ווי דער קלאַס סוחרים.

פאַר'ן מסחר האָט זיך אין יענער צייט געפאָדערט פיל אונטער־
נעמונגס גייסט און ארבייט, און עס איז געווען פאַרבונדען מיט אַ סך
געפאַרען. די שקלאַפען־באַזיצער, וועלכע זיינען אויפגעהאָדעוועט גע־
וואָרען אין פוילקייט, האָבען ניט געהאַט די נויטיגע ענערגיע פאַר אַזאַ
טעטיגקייט. וואָכער איז געווען אַ פיל לייכטערע טעטיגקייט און אַ ניט־
ווייניגער פּראָפיטאַבעלע. די אַריסטאָקראַטען האָבען געגען אָט דער

טעטיגקייט גאָר ניט געהאַט און האָבען זיך גערן פאַרנומען דערמיט. אין אַטהען איז אין דער צייט פון איר שענסטער בליהונג, 18 פּראָצענט אַ יאָר ניט געווען קיין סך. אַזוינע מענשען ווי פּאַמפּעי, סילא אַנטאַניס און אַנדערע פון אַלטען רוים, אפילו אַזוינע פּאַטריאָטען און אידעאַליסטען ווי ברוטוס און קאַסיוס, האָבען זיך ניט געשעמט צו לייהען געלד אויף אַזוינע הויכע פּראָצענטען ווי 48% און 70% אַ יאָר. עס איז דערפאַר גאַנץ נאַטירליך, וואָס דער שטאַט האָט ענערגיש געהאָלפען די פּראָצענטניקעס און באַשיצט זיי. דער שטאַט אין יענער צייט האָט זיך ניט גערעכענט מיט דעם אונטערשייד צווישען ניט וועלען און ניט קענען צאָלען קיין חובות. ווען אַ בעל חוב האָט ניט געקענט באַצאָלען, האָט זיין קרעדיטאָר אים געקענט פאַרקויפען פאַר אַ שקלאַף. לויט נאָך די רוימישע געזעצען פון די 12 טאָבעלען (צוזאַמענגעשטעלט פון דער אַריסטאָקראַטיע אין דעם יאָר 451 פאַר קריסטוס'ן), איז דעם קרעדיטאָר אפילו דערלויבט געווען צושניידען אויף שטיקער דעם קערפּער פון דעם בעל חוב, וואָס קען זיינע חובות ניט צאָלען.

דאָס זיינען געווען די באַציהונגען פון שטאַט צום וואָכער. די שטאַרקע אַנטוויקלונג פון וואָכער האָט אין דעם אונטערגאַנג פון דער אַלטער וועלט געשפּילט אַ זעהר באַדייטענדע און זעהר טרויעריגע ראָליע, ווי מיר וועלען דאָס באַלד זעהן.

וואָס עס וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגען אין דער אַלטער גריכיש־רוימישער וועלט, איז דאָס, וואָס די פּאָליטיק ווערט אוועקגעשטעלט איבער אַלעס. די פאַראַכטונג צו פיזישע אַרבייט ווערט מערסטענס מאָטיווירט דערמיט, וואָס זי לאָזט ניט איבער קיין פרייע צייט צו פאַרנעמען זיך מיט קהל'שע עסקים (קסענאָפאָנט). אויב אָבער מיר זאָלען אונטערזוכען די אינטערעסען, וועלכע זיינען געווען דער פונדאַמענט פאַר אָט דעם בריימען בירגערליכען לעבען, און וואָס פלעגען שאַפען דעם פּאַרטיי קאַמף, וועט זיך אַרויסווייזען, אַז זיי קענען צוריקגעפירט ווערען סוף כל סוף צו אינטערעסען פון עקספּלואַטאַציע, קריג, רויב און די פונאַנדערטיילונג פון רויב. וואָס ווייטער, אַלץ מער איז די פּאָליטישע אַרבייט, וואָס די פרייע בירגער האָבען געהאַלטען פאַר

דאָס נוצליכסטע, געווען אומפּראָדוקטיוו און געזעלשאַפטליך אומנוצ־ליך.

### 4) די אורזאַכען פון דעם אונטערגאַנג פון דער שקלאַפען געזעלשאַפט.

דער טעכנישער פּראָגרעס, וועלכער איז דער פונדאַמענט פאַר יעדער געזעלשאַפטליכער אַנטוויקלונג, האָט אָנגעהויבען געהן אַלץ לאַנגזאַמער פון זינט דער הערשענדער קלאַס האָט פאַקטיש פון זיך אָרונטערגעוואָרפען דעם יאָך פון אָרגאַניזאַטאָרישער טעטיגקייט אין דער פּראָדוקציע. דאָס איז געווען אין יענער צייט דער איינציגער קלאַס אין דער געזעלשאַפט, וועלכער האָט, אַ דאַנק זיינע לעבענס־באַדינגונגען, זיך געקענט אַנטוויקלען. ווען ער ווערט אָבער פאַרוואַנ־דעלט אין אַ פּאַראַזיטישע גרופּע, ווערט אויך פאַרענדערט דער כאַ־ראַקטער פון זיין אַנטוויקלונג; דאָס געהט אין דער ריכטונג פון פּאַ־ראַזיטיזם, פון פאַרברויך, אָבער ניט אין דער ריכטונג פון דער פּראָ־דוקציע. די שקלאַפען ווייטער האָבען, דורך זייערע לעבענס־באַדינ־גונגען, ניט געקענט זיך אַליין אַנטוויקלען, און ניט געקענט אַנט־וויקלען די כחות פון דער געזעלשאַפט אין איר קאַמף מיט דער נאַטור.

אָבער, דאָס איז נאָך ווייניג. די שקלאַפען פלעגען פאַקטיש דער־נידעריגט ווערען, דעגראַדירט ווערען גייסטיג און פיזיש. דער מענש וואָס איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ ווערקצייג, האָט גאַנץ שנעל פאַרלאָרען זיין לעבענס ענערגיע. די אום׳ברחמנות׳דיגע עקספּלואַטאַ־ציע האָט פאַרקירצט זיין לעבען און האָט אויך די קומענדע דורות פאַר׳משפּט צו אַ שנעלען אונטערגאַנג. אַזוי ווי עס איז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיגער סיסטעמאַטישער מסחר מיט שקלאַפען, האָט זיך פאַר דעם שקלאַפען־באַזיצער געלוינט צו פאָדערען פון זיינע שקלאַפען וואָס מער אַנשטרענגונג אין זייער אַרבייט, גאָר ניט זאָרגענדיג דערפאַר, אַז זייערע כחות זאָלען צוריק אויפגעבויט ווערען דורך רוה, שפּייז און בכלל דורך דער צופרידענשטעלונג פון זייערע באַדערפנישען. אמת, אַט די לעבעדיגע געצייג האָט זיך שנעל אויסגעאַרבייט, אָבער די

אַרבייט וואָס זיי האָבען פאַר דער קורצער צייט אויפגעטאָן, איז ווערט געוועזן פיל מער, ווי עס האָט געדאַרפט קאָסטען אַ נייער שקלאַף.

אַלס רעזולטאַט פלעגען די שקלאַפען שנעל אויסשטאַרבען, זייער צאָל איז אַלץ קלענער געוואָרען, זייער שטערבליכקייט האָט פיל אריבערגעשטויגען זייער געבורט, אָבער אין פאַרלויף פון פיל יאָר־הונדערטער איז אָט די שטערבליכקייט פון די שקלאַפען, געדעקט געוואָרען דורך דעם, וואָס אין די מלחמות מיט די באַרבאַרען, פלעגען פאַרכאַפּט ווערען גרויסע צאָלען שקלאַפען. כל זמן דער קוואַל פון שקלאַפען איז ניט אויסגעטריקענט געוואָרען, האָט די שקלאַפען געזעלשאַפט נאָך געקענט, אויב ניט זיך אַנטוויקלען, איז כאָטש זיך האַלטען אויף דער זעלבער שטופע; די פּראָדוקציע איז אַמוועניגסטענס ניט פאַרקלענערט געוואָרען, ווייל אַרבייטס כחות זיינען געווען גענוג.

אַזאַ צושטאַנד האָט זיך אָבער ניט געקענט ציהען אייביג. עס איז אָנגעקומען אַ צייט, ווען דער ערפאָלג פון די מלחמות מיט די באַרבאַרען האָט שנעל אָנגעהויבען פאַרקלענערט ווערען און קריגען גענוג שקלאַפען איז געוואָרען זעהר שווער, און שפּעטער אינגאַנצען אוממעגליך. אַנשטאַט די פריהערדיגע זיגען איבער די באַרבאַרען, איז איצט געקומען אַ גאַנצע רייהע נידערלאַגען. די מלחמות האָבען זיך פאַרוואַנדעלט פון אַנגריפס קריג אין פאַרטיידיגונגס קריג. דער קוואַל פון אַרבייטס־קראַפט איז אויסגעטריקענט געוואָרען. וואָס זיינען געווען די אורזאַכען, וואָס האָבען אַרויסגערופען אָט די ענדערונגען?

די אורזאַכען קענען צוריקגעפירט ווערען צו דעם שנעלען פאַלען פון די קריגס כחות פון דער שקלאַפען געזעלשאַפט.

די מלחמה — די פּראָדוקציע פון שקלאַפען — איז פאַרבליבען די איינציגע באַשעפטיגונג, וועלכע מען האָט בשום אופן ניט געקענט איבערגעבען אין די הענט פון די שקלאַפען, און וועלכע האָט געמוזט פאַרבלייבען די באַשעפטיגונג פון די פרייע מענשען. די אַרמיי האָט געקענט באַשטעהן בלויז פון די מיטגלידער פון די פרייע קלאַסען (קאַסטען), דאָס פאַלען פון אָט די פרייע קלאַסען האָט דערפאַר במילא אויך געמיינט דאָס פאַלען פון דער אַרמעע, פונקט ווי דאָס פאַ־

## א. באָגדאַנאָוו

לען פון דער שקלאַפּען אַרבייט האָט געמיינט דאָס פאַלען פון דער שקלאַפען ווירטשאַפט. די אינערליכע עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון דער אַלטער וועלט האָבען אונטערגעגראָבען די עקזיסטענץ פון די פרייע קלאַסען.

די פרייע בירגער זיינען באַשטאַנען ערשטענס, פון טיפּישע גרויסע שקלאַפען־באַזיצער, וועלכע זיינען געווען אַ מינדערהייט, און צווייטענס פון קליינע אייגענטימער, וועמעס ווירטשאַפט עס האָט אָפט געטראָגען דעם כאַראַקטער אויסשליסליך פון אַ משפחה־ווירטשאַפט אָהן שקלאַפען, און פלעגען אויסגעהאַלטען ווערען איבערהויפּט דורך דער אַרבייט פון די אייגענטימער און זייערע משפחות; דער גרעסטער טייל פון אַזוינע ווירטשאַפטען זיינען געווען אַגריקולטורעלע, אַ קלענערער טייל זיינען געווען אינדוסטריעלע.

אויף דעם אופן האָבען קליינע אייגענטימער, ערד־אַרבייטער, אָדער פּויערים, צוזאַמענגעשטעלט דעם וויכטיגסטען טייל פון די מלחמה כחות פון דער אַלטער וועלט. רוים, וועלכע האָט אונטער איר מאַכט פאַראייניגט אַלע אַלטע געזעלשאַפטען, איז אין דער צייט פון איר בעסטער בליהונג בעצם געווען אין איר קריגס פּאָליטיק, אַ שטאַט פון פּויערים. כל זמן עס איז געווען אַ שטאַרקער צאָלרייכער פּויערטום, האָט די אַלטע וועלט געקענט, זיך באַנוצענדיג מיט איר הויכער קריגס טעכניק, אָהן שוועריגקייטען באַזיגען די באַרבאַרישע שבטים, וואָס זיינען געווען מוטיג, פאַראייניגט, אָבער אומבאַקאַנט מיט דער קריגס קונסט.

דאָס פּויערטום האָט אויף זיך געטראָגען די גאַנצע לאַסט פון די מלחמות ניט בלויז דערמיט, וואָס די פּויערים האָבען מקריב געווען זייער בלוט, נאָר אויך דערמיט, וואָס זיי האָבען געמוזט צאָלען די הויכע שטייערען, וואָס האָבען זיך געפאָדערט כדי צו דעקען די הוצאות פון קריג. די העכערע קלאַסען — די שקלאַפען־באַזיצער — האָבען געוואוסט די קונסט ווי אַזוי דעם יאָך פון זיך אָרונטערצוואַרפען, ווייל צוזאַמען מיט'ן רייכטום האָבען זיי אויך באַזעסען די פּאָליטישע מאַכט. דורך די געווינסען פון די מלחמות האָבען די פּויערים געהאַט זעהר אַ קנאַפּען תכלית. דער גרעסטער חלק איז אַנגעקומען ווייטער טאַקע צו

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

די רייכע שקלאַפען־באַזיצער, און טאַקע דערפאַר האָבען זיי פאַרנומען די אַלע וויכטיגע און איינפלוסרייכע עמטער אין דער אַרמעע. זיי האָבען פאַרוואַלטעט די צוטיילונג פון דעם רויב (איבערהויפט ערד און שקלאַפען). זיי זיינען געוואָרען די הערשער פון די באַזיגטע פּראָווינצען א. אז. וו.

אפּגעבענדיג א סך צייט און אַרבייט פאַר די מלחמות, האָבען די קליינע פרייע ערד־אַרבייטער ביסלעכווייז אנגעהויבען פאַרנאַכלעסיגען זייער ווירטשאַפט.

די וואַכער, צו וועלכע די פּויערים האָבען אונטער אַזוינע אומשטאַנדען געמוזט אַנקומען, האָט נאָך דערלייכטערט און פאַרשנעלערט זייער צוזאַמענברוך. דורך די גרויסע פּראָצענטען פלעגט דער מלוה, געוויינליך א רייכער שקלאַפען־באַזיצער און אַריסטאָקראַט, גאַנץ שנעל ברענגען זיין בעל־חוב צום פאַלשטענדיגען באַנקראָט.

די צושטערונג פון דעם פרייען פּויערטום האָט זיך אויך פאַרשנעלערט מיט דער אַנטוויקלונג פון גרויסע לאַנד ווירטשאַפט. אַזוי ווי ער האָט באַשעפטיגט אויף זיינע פעלדער הונדערטער שקלאַפען, איז פאַר דעם גרויסען לאַנד באַזיצער פון סיציליע אָדער פון מזרח איטאַליע, מעגליך געווען צו ברענגען אַיף'ן מאַרק זעהר פיל ביליג ברויט. אויסער דעם פלעגען ניט זעלטען די באַזיגטע פּראָווינצען ברענגען אין רוים פיל ברויט אינגאַנצען אומזיסט, אַלס קאָנטריבוציע צום זיגער. פּראָדוצירען ברויט פאַר'ן פאַרקויף האָט זיך פאַר דעם קליינעם ערד־באַזיצער פשוט ניט געלוינט.

אַלץ האָט זיך פאַראייניגט אויף דעם אופן געגען דעם קליינעם ערד־באַזיצער: דער שווערער יאָך פון אומגעהויערע שטייערען און שטענדיגע מלחמות, די מאַכט פון דעם מלוה און די מאַכט פון דער קאָנקורענץ פון גרויסען ערד־באַזיצער מיט זיינע מאַסען שקלאַפען. דער צוזאַמענברוך פון פּויערטום איז געגאַנגען גאַנץ שנעל. דער קליינער ערד־באַזיצער פלעגט פאַרלירען זיין ערד פאַר זיינע חובות, און אָפט פלעגט ער זיין ערד פשוט אַוועקוואַרפען, ווייל עס האָט זיך אים מער ניט געלוינט אַנגעהן מיט זיין ווירשאַפט. זיין טייל ערד פלעגט איבערגעהן צום גרויסען ערד־באַזיצער. דאָס גאַנצע ערד איי־

## א. באָגדאַנאָוו

גענטום האָט זיך אויף דעם אופן אַנגעקליבען אין די הענט פון די רייכע. שוין אין דער צייט פון דער געבורט פון קריסטוס האָט גאַנץ איטאַליע מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קליינע צאָל פון גרויסע אימע־ניעס (לאַטיפונדיעס).

די קליינע אייגענטימער האָבען זיך אַלץ מער פאַרוואַנדעלט אין פּראָלעטאַריער, ד. ה. אין פרייע מענשען, וועלכע באַזיצען ניט קיין פּראָדוקציאָנס־מיטלען. און דאָרט, וואו עס האָבען געהערשט די רייכע און די ווירטשאַפט איז אַנגעפירט געוואָרען דורך שקלאַפען־אַר־בייט, איז פאַר׳ן פּראָלעטאַריער גאָר ניט געווען וואָס צו טאָן. ער איז געלאָפען אין שטאָט צו זוכען פאַר זיך מיטלען צו לעבען. אין די גרוי־סע שטעט האָבען זיך אָנגעזאַמעלט הונדערטער טויזענטער אַזוינע היימלאָזע מענשען, פאַר וועמען עס איז אויך דאָרט ניט געווען קיין פּראָדוקטיווע באַשעפטיגונג. דער שטאַט איז געווען געצוואונגען זיי אויסצוהאַלטען, די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבען זיך מיט זיי באַ־נוצט אַלס מיטעל צו באַקעמפען זייערע געגנער. דער הויפּט לעבענס־מיטעל פון אַט די דאָזיגע פּראָלעטאַריער איז געווען די נדבות וואָס די רייכע פלעגען זיי געבען, די שטאַטליכע הילף און דער פאַרקויף פון זייערע שטימען צו ערגעץ אַ פּאָליטישער פּאַרטיי. איבערהויפּט איז דאָס אמת בנוגע די פּראָלעטאַריער, וואָס האָבען געוואוינט אין רוים גופא. זיי האָבען אימער גערינגט דעם, וואָס האָט בעסער באַצאָלט. דאָס איז באמת געווען „אַ פּראָלעטאַריאַט פון פּאַראַזיטען“, וועלכער איז אַרויסגעטראָטען אין דער ראָליע פון באַדינער און חנופה׳ניקעס פאַר דער הערשענדער פּאָליטישער קראַפט, אַזוי גוט ווי פאַר איינצעל־נע עקאָנאָמיש־שטאַרקע פּערזאָנען. זייער צאָל פלעגט נאָך פאַרגרע־סערט ווערען דורך די שקלאַפען, וואָס פלעגען באַפרייט ווערען, אָדער פלעגען זיך אויסקויפען. אַט די נידעריגערע שיכטען פון דעם פּראָלע־טאַריאַט האָבען נאָך מער פאַרשנעלערט זיין מאָראַלישען זינקען, צו־געבענדיג צו די אַלע איבלען פון די דאָמאָלסטדיגע פרייע מענשען, אויך די גאַנצע נידעריגקייט פון דער שקלאַפּישער פּסיכאָלאָגיע.

דאָס פויערטום אַלזאָ איז חרוב געוואָרען, האָט פאַרלאָרען זיין פריהערדיגע געזעלשאַפטליכע באַדייטונג, איז דעמאָראַליזירט געוואָ־

רען, און איז איבערגעגאנגען אין די רייהען פון פאראזיטען־פּראָ־לעטאריאט. צוזאמען מיט דעם זיינען אויך אלץ שוואכער געווארען די מלחמה כחות פון דער שקלאפען־געזעלשאפט. דער פאראזיטען־פּראָלעטאריאט איז אומפעהיג צו פארנעמען אין דער ארמעע דעם פלאץ פון דעם ענערגישען מוטיגען פויער. דער פאראזיט קען ניט פאר־טראגען קיין שווערע ארבייט און קיין שטרענגע דיסציפלין. ער וויל ניט אוועקגעהן פון שטאט, ווייל דא קען ער באקומען זיינע נויטיגע לעבענס־מיטלען ניט ארבייטענדיג. אין דער הינזיכט איז דער פּראָלע־טאריאט פון דער אלטער וועלט זעהר ענליך צו דעם רייכען צובאלע־וואטען ערד־באזיצער.

די בארבארען, שטארק דורך זייער ענגער צוזאמענגעבונדענקייט דורך בלוט־פארוואנדטשאפט, האבען אומאויפהערליך פארטגעזעצט זיי־ער קאמף קעגען דער שקלאפען געזעלשאפט, און קעגען איר מיליטע־רישער ארגאניזאציע — דער רוימישער ארמעע. און די אייזערנע ווענט פון דער אלטער קולטור, וואס האבען אויסגעזעהן אומבאזיג־באר, האבען אנגעהויבען ביסלעכווייז נאכלאזען אונטער דעם דרוק פון די רק נייע און נייע כוואליעס פון די בארבארען. די מלחמות הויבען אין דער רוימישער וועלט אן פארוואנדעלט ווערען פון אנגריפס־קריג אין פארטיידיגונגס־קריג; די זיגען ווערען פארביטען אויף נידער־לאגעס. די קריג'ס פּראָדוקציע פון שקלאפען־ארבייט ווערט שטארק פארקלענערט, און צוזאמען מיט דעם ווערט אונטערגעגראבען דער וואָרצעל גופא פון דער אלטער קולטור.

עס הויבט זיך אן אן אלגעמיינע צופאלונג פון דער פּראָדוקציע; דאס איז דער רעזולטאט פון דעם, וואס עס זיינען ניטא גענוג שקלאפען. די ערשטע ליידט דערפון די ערד־ארבייט. צום ערשטען באמערקט זיך, אז אויף די לאטיפונדיעס פארנעמט דעם פלאץ פון אגריקולטור די פיה־צוכט, וועלכע פאדערט ווייניגער ארבייטס־כחות. אבער דערמיט ענדיגט זיך דאס ניט. די דערפער ווערען פארוואנדעלט אין ווילדער־נישען און די לאנקעס וואס פארנעמען דעם פלאץ פון די פריהערדיגע פעלדער, ווערען אליין אויך פארלאזען. די שוואכקייט פון דער דאר־פישער ווירטשאפט ווירקט ממילא זעהר שלעכט אויך אויף אלע אנ־

## א. באַגראַנאָוו

דערע אָפּטיילונגען פון דער פּראָדוקציע, פאַר וועמען דער דאָרף האָט פריהער געדינט אי אלס קוואל פון רויהע מאטעריאלען און לעבענס־מיטלען, אי אלס מאַרק. אבער אויסער דעם, ווערט די שאַפונג פון אַלע אנדערע פּראָדוקטען אויך געשטערט דורך דעם, וואָס עס זיינען ניטאָ געגוג שקלאַפען. טריט נאָך טריט איז די אלטע וועלט געגאַנגען צו איר אונטערגאַנג. זי האָט אבער נאָך אַלץ געקעמפט פאַר איר לעבען און קולטור, האָט זיך געפּרואווט צוצופּאַסען צו די פאַרענדערטע באַדינגונגען. אויב עס האָבען אויסגעפעלט ארבייטס־כוחות אין די וויכטיגסטע פּראָדוקציאָנס־ארבייטען פאַר דער ארמעע און פאַר דער קולטור, האָט די רוימישע אימפעריע געפּרואווט באַשעפטיגען פאַר אָט די צוועקען געדונגענע פרייע באַרבאַרען.

די צוזאַמענשטעלונג פון די רוימישע לעגיאָנערען ענדערט זיך; עס קלייבען זיך דאָרט אָן אַלץ מער גאַלען און גערמאַנען*); מיט דער צייט הויבט מען אפילו אָן דינגען באַרבארישען חיל אויף אָפּצוהיטען די גרענעצען. דורך דעם האָט זי זיך געקענט געגענשטעלען נאָך פאַר א קורצער צייט געגען די באַרבאַרען, אָבער די רוימישע ארמעע איז שוין מער ניט געווען קיין רוימישע, אפילו די פירערס פון דעם חיל האָבען ביסלעכווייז אָנגעהויבען פאַרביטען ווערען פון רוימער אויף גערמאַנען, און ווען אין 476טען יאָר האָט דער בארבאַר אָדאָאקער ארונטערגעזעצט דעם אימפּעראטאָר ראמולוס־אווגוסטולוס, איז דאָס געווען דער אויסערליכער אויסדרוק פון א פאַקט וואָס איז שוין פריהער פאַרענדיגט געוואָרען; די פאַרוואַנדלונג פון דער רוימישער ארמעע אין א גערמאַנישער.

ענליכעס איז אויך פאָרגעקומען אין דער דאָרף־ווירטשאַפט. די רעגירונג האָט געזוכט צוצוציהען און באַזעצען אויף די פאַרלאָזענע פעלדער פרעמדע איינוואוינער, אָפּגעגעבען זיי חלקים ערד אויף זעהר גוטע באַדינגונגען, פאַר געוויסע שטייערען וואָס זיי האָבען געדאַרפט צאָלען. פּריוואַטע לאַנד אייגענטימער האָבען אויך דאָסזעלבע געטאָן. זיי פלעגען איבערגעבען זייער לאַנד אין ארענדע פאַר באַשטימטע צאָלונגען. אויף דעם אופן איז אַנטשטאַנען דער פרייער קאָלאָנאַט־קלאַס

*) די אורעלטערען פון די היינטיגע פראַנצויזען און דייטשען.

פון קליינע ערד־ארבייטער, וואס האבען געפירט זייער ווירטשאפט זעלבסטשטענדיג אויף רעגירונגס לאנד אדער אויף לאנד פון פריוואטע לאנד באזיצער, פאר א באשטימטער צאלונג. דער גרעסטער טייל פון אט די פרייע ערד ארבייטער זיינען געווען איינגעוואנדערטע בארבא־רען פון וועלכע עס איז שפעטער ארויסגעוואקסען דער פונדאמענט פאר דעם נייעם פויערטום.

אין דער צייט ווען עס איז געשאפען געווארען דער נייער פרייער פויערטום, האט דער אונטערגאנג פון גרויסען לאנד־באטריב אויך גע־שאפען אן אומפרייען פויערטום. די ארענדאטארם ערד ארבייטער זיינען אין פילע פאלען פארוואנדעלט געווארען אין שקלאפען. ווען די באדינגונגען אין דעם ברויט־מארק האבען זיך באדייטענד פארער־גערט, האט די פריהערדיגע מאסען פראדוקציע אויף די לאטיפונדיעס ניט געקענט ווייטער אנגעפירט ווערען, א דאנק דעם שלעכטען פאר־קויף אפילו אין די פלעצער אוואו עס האבען קיין שקלאפען ניט אוים־געפעלט. אנפירען אבער די פראדוקציע אויף א קליינעם מאסשטאב איז פיל לייכטער און בעסער געווען דורך ארענדאטארם, וועלכע הא־בען אויף זיך גענומען אלע זארגען און נאך געצאלט שטייערען. פאר די הערשענדע קלאסען האט זיך געלוינט בעסער איבערצוגעבען זייער ווירטשאפט צו די שקלאפען אויף דער שטייער סיסטעם, איידער זיי עקספלואטירען דירעקט אין זייער ווירטשאפט. אויסער דעם האט די פארהעלטניסמעסיגע פרייהייט פון דער ארבייט אויפגעהויבען איר אינטענסיוויטעט און פראדוקטיוויטעט אין פארגלייך מיט דער גע־וויינליכער שקלאפען ארבייט, און דאס האט דערמעגליכט אן אויפהוי־בונג פון דער עקספלואטאציע.

בעצם, האט דער קאלאנאט מיט זיך פארגעשטעלט מער א גער־מאנישע אינסטיטוציע איידער א רוימישע, דאס איז געווען די אריינ־דרינגונג פון די גערמאניש־פעאדאלע פארמען אין דער רוימישער שקלאפען געזעלשאפט. באזעצענדיג די איינגעוואנדערטע בארבארען אויף אירע לענדער, האט די רוימישע אימפעריע אויך געמוזט אנער־קענען זייערע פירונגען, ווייל אונטער אנדערע פירונגען וואלטען זיי זיך ניט וועלען אונטערווארפען.

# א. באַגדאַנאָוו

די אַלטע וועלט איז אַזוי ווי אויפגעלייזט געוואָרען אין דער באַרבאַרישער סביבה. איר אַרמעע, איר פּויערטום, אירע אינערליכע שיכות'ן, אַלץ האָט זיך ביסלעכווייז גערמאַניזירט. ווען די גערמאַנען האָבען באַזיגט די רוימישע אימפּעריע, האָבען זיי בלויז פאַרענדיגט דעם פּראָצעס דורך וועלכען די אַלטע קלאַסישע געזעלשאַפט איז איי־בערגעגאַנגען צום מיטעלאַלטערליכען פעאָדאַליזם.

די אורזאַכען פון דעם אונטערגאַנג פון דער אַלטער קולטור קענען אַלזאָ צוריקגעפירט ווערען צו דעם, וואָס דער פונדאַמענט פון יענער קולטור איז געווען די עקספּלואַטאַציע פון די באַרבאַרישע שבטים דורך מלחמות, וואָס די באַרבאַרישע שבטים האָבען פאַר זיי געדינט אַלס אַ סאָרט רויהער מאַטעריאַל פאַר דער פּראָדוקציע פון לעבעדיגע גע־צייג־שקלאַפען. דעם ווייטערדיגען גאַנג פון יענעם פּראָצעס קען מען זיך פאָרשטעלען אַזוי: די דעגראַדאַציע פון די שקלאַפען, — דורך אַ צו גרויסער עקספּלואַטאַציע, די דעגראַדאַציע פון די פרייע מענשען — דורך דעם וואָס זיי זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פּאַראַזיטי־שען עלעמענט אין דער געזעלשאַפט, דער צוזאַמענברוך פון די קריגס־כחות און קריגס־פּראָדוקציע, דער צוזאַמענברוך פון דער פּראָדוקציע בכלל, אַ דאַנק דעם דוחק אין אַרבייטס כחות, דאָס אריינדרינגען פון באַרבאַרישע עלעמענטען אין דער אַלטער אָפּשטאַרבענדער געזעלשאַפט, און דער ענדליכער זיג פון אַט די עלעמענטען איבער דער אַלטער געזעלשאַפט.

## אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון דעם פּעריאָד פון שקלאַפען־ווירטשאַפט.

1) דער פּעריאָד ווערט פון דער טעכנישער זייט כאַראַקטערי־זירט ערשטענס, מיט אַ פאַרהעלטענסמעסיג הויכער אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט, וועלכע מאַכט די שאַפונג פון איבער־פּראָדוקטען פאַר אַ שטענדיגער ערשיינונג און מיט אַ פאַר־העלטענסמעסיג גרויסער פאַרשיידענאַרטיגקייט פון דער געזעלשאַפט־ליכער צוטיילונג פון דער אַרבייט. צווייטענס, ווערט ער כאַראַקטער־

ריזירט מיט דער באדייטענדער ראָליע און אנטוויקלונג פון יענעם מין פראָדוקציע וועלכער רופט זיך מלחמה, און וועמעס אינהאלט עס איז דער קאמף פון דער געזעלשאפט געגען אנדערע פיינדליכע געזעלשאפטען וואָס רינגלען איר ארום.

2) די גרופע שקלאפען־באזיצער האָט זיך אנטוויקעלט פון דער פאטריארכאלער פאמיליע אויף דעם פאָלגענדען אופן: די פראָדוקציאָנס ראָליע פון דעם אָרגאַניזאטאָר האָט זיך אלץ מער אפגעזונדערט פון די ראָליען פון די איבעריגע מיטגלידער, וואָס קאָמפליצירטער און ברייטער עס איז געוואָרען די פראָדוקציע. היות ווי די ראָליע פון דעם אָרגאַניזאטאָר פלעגט איבערגעהן בירושה צו זיינע קינדער, האָט דאָס געפירט דערצו אז די גאנצע משפחה פון דעם אָרגאַניזאטאָר זאָל זיך שארף אויסטיילען פון דער גרופע. אָט די משפחה הויבט אלץ מער אָן לעבען אויפ׳ן רעכענונג פון דעם איבערפלוס פון פראָדוקטען וואָס ווערט געשאפען אין דער גרופע; און דאָס ווערט מעגליך נאר דאָן, ווען די פראָדוקציע וואקסט גאנץ באדייטענד אויס. די קרוב׳ישע שיכות׳ן צווישען דעם אָרגאַניזאטאָרס משפחה און די איבעריגע מיטגלידער פון דער גרופע פארשווינדען א דאנק צוויי אורזאכען. ערשטענס, דערפאר וואָס די צוזאמענשטעלונג פון דער גרופע ווערט פאקטיש פארענדערט, עס טרעטען אין איר אריין א גאנץ באדייטענדע צאָל פרעמדע געפאנגענע שקלאפען. און צווייטענס, דערפאר וואָס עס אנטוויקעלט זיך שטארק די זשעדנעקייט פון דעם אָרגאַניזאטאָר, דאָס פארשטעהט זיך איז ווייטער אפהענגיג אָן דער אנטוויקלונג פון אויסטויש וועלכער דערמעגליכט א כמעט אומבאגרענעצטען וואוקס פון באדערפענישען פאר׳ן אָרגאַניזאטאָר און זיין משפחה. מיט דער פארשווינדונג פון דעם קרובה׳שאפט געפיל, הויבט דער אָרגאַניזאטאָר אָן באטראכטען אלע אנדערע מיטגלידער פון דער גרופע בלויז אלס לעבעדיגע געצייג פאר עקספּלואטאציע, און אָט די געצייג ווערט אלץ ביליגער אין זיינע אויגען וואָס מער עס אנטוויקעלט זיך דער סיסטעמאטישער מסחר מיט שקלאפען. דער פראָדוצענט ווערט פארוואנדעלט ניט נאר אין א געצייג נאָר אויך אין א סחורה.

ביסלעכווייז ווערט די אָרגאַניזאטאָרישע טעטיגקייט איבערגע־

## א. באַגדאַנאָוו

געבען אין די הענט פון די מער פעהיגע און פאַרטרויענסווערטע שקלאַ־פען. דאָס פּאַסירט דערפאַר וואָס עס איז ניט מעגליך פאַר איין מענ־שען צו רעגולירען די גאַנצע פּראָדוקציע פון דער גרופּע, וועלכע איז שוין גאַנץ באַדייטענד אויסגעוואַקסען, און שפּעטער ווערט דאָס שוין געטאָן דערפאַר וואָס הערשער ווילען פּשוט זיך באַפרייען פון יעדער ארבייט בכלל.

די פּראָדוקציאָנס פאַרבינדונגען צווישען באַזונדערע גרופּען מאַ־כען אין דער עפּאָכע פון דער שקלאַפען־ווירטשאַפט א באַדייטענדען שריט פאָרווערטס. פון איין זייט נעמען יענע פאַרבינדונגען אָן די ניט אָרגאַניזירטע פאָרמע פון ארבייטס־צוטיילונג, און פון דער צוויי־טער זייט — די אָרגאַניזירטע פאָרמע פון שטאַטליכע פאַרבינדונגען.

די שטאַטליכע פאַרבינדונגען וואָס זיינען אַנטשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון דעם באַדייטענד־אַנטוויקעלטען אויסטויש האָבען אָנגענומען די פאָרמע פון אריסטאָקראַטישע רעפּובליקען; דאָרט וואו דער אויסטויש האָט געשפּילט א קלענערע ראָליע אין לעבען, און די באַדינגונגען פון דער אויסערליכער נאַטור האָבען דאָך געפאָדערט א ברייטע געזעלשאַפטליכע פאַראייניגונג, זיינען די שטאַטען אַנטשטאַ־נען איבערהויפּט דורך מלחמות, דורך באַזיגען א צווייטען שבט, און פלעגען אָננעמען די פאָרמען פון אָריענטאַלישע דעספּאָטיעס.

3) די סיסטעם פון געזעלשאַפטליכע שיכות'ן וואָס האָט גע־הערשט אין יענער צייט האָט אוועקגענומען יעדע מעגליכקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם שקלאַפען־קלאַס. פאַר די הערשענדע קלאַ־סען זיינען די באַדינגונגען געווען פאַרשיידען, אין די דעספּאָטיעס פון מזרח און אין די געזעלשאַפטען פון מערב, וואו עס האָט זיך שוין אַנטוויקעלט דער אויסטויש. אין די ערשטע האָט דער יאָך פון דעם ביור־ראָקראַטישען מעכאַניזם פּאַראַליזירט יעדע אַנטוויקלונג און האָט ביי די שקלאַפען־באַזיצער גופא געשאַפען אן אַפּאַטישע און פאַטאַליסטישע פּסיכאָלאָגיע. אין דער צווייטער גרופּע פון געזעלשאַפטען זיינען פאַר־קערט פאַר די הערשענדע קלאַסען געווען אַלע מעגליכקייטען זיך צו אַנטוויקלען.

אבער די אַנטוויקלונג פון דער פּסיכיק פון די הערשענדע קלאַסען

איז געווען געווענדעט אויף דעם טעכנישען און עקאָנאָמישען פּראָגרעס בלויז אזוי לאַנג ווי זיי האָבען זיך אליין פאַרנומען מיט פּראָדוקטיווע ארבייט. ווען אָבער די הערשענדע קלאַסען האָבען זיך באַפרייט פון יעדער ארבייט בכלל, האָט זיך זייער פּסיכאָלאָגיע אָנגעהויבען אַנטוויקלען אין א פּסיכאָלאָגיע ניט פון פּראָדוצענטען, נאָר פון פאַרברויכער, אין א פּאַראַזיטישער ריכטונג. פון אָט דער צייט הערט דער טעכנישער פּראָגרעס באמת אויף, עס אנטוויקלען זיך נאָר די קונסט, די אבסטראַקטע וויסענשאַפטען, און די פילאָסאָפיע.

4) דער פונדאַמענט פאַר דעם פּראָדוקציאָנס־לעבען פון אלטערטום איז געווען די מלחמה — די פּראָדוקציע פון שקלאַפען. די מלחמה־כחות אָבער פון דער שקלאַפען געזעלשאַפט זיינען געווען ניט די רייכע שקלאַפען באַזיצער, נאָר די קליינע ערד־ארבייטער, ווען די מלחמות, וואָכער און קאָנקורענץ האָבען רואינירט יענע קליינע ערד־ארבייטער, און האָבען די מערהייט פון זיי פאַרוואַנדעלט אין א פּאַראַזיטען־פּראָלעטאַריאַט, דאַן זיינען די מלחמה־כחות פון דער שקלאַפען געזעלשאַפט געפאַלען, און דערמיט איז אויך געפאַלען זייער גאַנצע פּראָדוקציע. די אלטע־קלאַסישע וועלט, א קראַפטלאָזע און צופוילטע, האָט זיך אויפגעלייזט אין דער באַרבארישער וועלט, וואָס האָט איר ארומגערינגעלט; און די באַרבאַרישע וועלט, וועלכע איז געשטאַנען קולטורעל נידעריגער פון איר, איז אָבער געווען געזונט און פול מיט כחות פאַר א ווייטערער אַנטוויקלונג.

5) די אלטע־קלאַסישע וועלט האָט אלס ירושה פאַר דער גערמאַניש־רוימישער וועלט פון מיטעל־אלטער איבערגעלאָזען פיל פּאָלקאָם אויסגעארבייטע ריין אידעאַלאָגישע מאַטעריאַלען: דאָס רוימישע רעכט, די גריכישע קונסט, די שענע ליטעראַטור, די וויסענשאַפט און די פילאָסאָפיע. מיט אָט דעם גרייטען מאַטעריאַל האָט זיך די גערמאַניש רוימישע וועלט ערשט באַנוצט דעמאָלט, ווען זי איז געקומען צו דער שטופע פון אַנטוויקלונג ווען זי האָט זיי געקענט באַגרייפען. ווען די אלטע אידעאַלאָגישע פאָרמען האָבען געקענט צוגעפּאַסט ווערען צו די נייע שיכות'ן וועלכע האָבען זיך געשאַפען.

# פינפטער קאפיטעל

# די פעאָדאַלע געזעלשאַפט.

## 1) די שיכות'ן צווישען געזעלשאַפט און נאַטור.

אויב די פאַטריארכאַלע געזעלשאַפט האָט זיך אַנטוויקעלט דורך דער אנטשטעהונג פון נייע פראָדוקציאָנס־מיטלען, וועלכע האָבען זיכער געמאַכט דעם מענשליכען לעבען, איז די פעאָדאַלע געזעלשאַפט אַנ־שטאַנען דורך דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון די דאָזיגע מיטלען.

די טעכנישע באַדינגונגען פון דעם פעאָדאַלען פעריאָד זיינען. דער איבערוואַג פון דער ערד־אַרבייט איבער דער פיה־צוכט און א באַשטענדיגער לעבען אויף א באַשטימטען באַגרענעצטען פּלאַץ.

ווען די וואַנדערענדע פיה־צוכט שבטים הויבען זיך אָן באַשעפ־טיגען מיט ערד אַרבייט, שפּילט דאָס ביי זיי אין אָנהויב בלויז די ראָליע פון א הילפס־מיטעל פאר אן אנדער פּראָדוקציע. די ערד אַרבייט ווערט צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון פּיה־צוכט, און דער אָרט פאר פעלד־אַרבייט ווערט זעהר אָפט געביטען. ווען אָבער די באַ־פעלקערונג וואַקסט אויס, און דער שטח ערד ווערט באַגרענעצט, ווערט דאָס פעלד פאר דעם וואַנדערער אויך באַגרענעצטער, און די ערד־אַרבייט הויבט אַליין מער אָן שפּילען די ערשטע ראָליע, און ווערט כסדר, אַליין א וויכטיגערער מיטעל אין דעם מענשענס קאַמף פאר זיין לעבען. ווען די שבטים הערען אויף וואַנדערען, און הויבען אָן פירען א באַ־שטענדיגען לעבען אויף איין באַשטימטען פּלאַץ, ווערט די ערד אַרבייט דער הויפּט עלעמענט אין דעם קאַמף פאר'ן לעבען, און די פיה־צוכט ווערט שוין דאַן א ביי־זאַך, און פּאַסט זיך צו צו די באַדינגונגען פון

דער ערד ארבייט. וואס אנבאלאנגט די שבטים וועלכע זיינען פון אנהויב אן געזעסען אויף איין פלאץ, ווערט ביי זיי שטופענווייז אנט־וויקעלט די ערד ארבייט און שליסט איין זיך ביסלעכווייז איין דעם אופן פון פיה־צוכט וואס איז צוגעפאסט צו א באשטענדיג באזעצט לעבען.

די איבעריגע פראדוקציאנס צווייגען (יאגד, ארבייט און מעטאל גרובען) זיינען אין דער פעאדאלער צייט זעהר שוואך אנטוויקעלט. דער קריג שפילט אין דער צייט א גאנץ באדייטענדע ראליע, סיי אלס מיטעל אפצוהיטען די פראדוקציע אלס א גאנצע און סיי אלס איינ־ציגער מיטעל פאר דער אויסברייטונג פון דער טעריטאריע פון דער געזעלשאפט.

בכלל, איז די פארשיידענארטיגקייט פון די פראדוקטען נאך זעהר אומבאדייטענד (א צושטאנד וואס העלפט גאנץ ווינציג דער אנטוויק־לונג פון אויסטויש) אבער די צאל איבער־פראדוקטען שטעלט שוין מיט זיך פאר א גאנץ באדייטענדען טייל פון דער פראדוקציע (א צושטאנד וואס העלפט באדייטענד דער אנטוויקלונג פון אויסטויש).

### 2) די פראדוקציאנס און אויסטויש באצי־הונגען אין דער פעאדאלער גרופע.

דער גרויסער וואוקס פון דער פראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט האט געבראכט דערצו, אז די געזעלשאפטליכע ארגאניזאציע איז אזוי אויסגעוואקסען, אז אירע מיטגלידער האט מען שוין געדארפט ציילען ניט אין די הונדערטער, נאר אין די טויזענטער. גלייכצייטיג האבען די באדינגונגען פון דער טעכניק אין דער ערד ארבייט ארויסגערופען א געוויסע צוטיילונג אין דער פראדוקציע, אין די גרענעצען פון דער גרופע.

שוין אין דער פריהערדיגער, גרויסער פאטריארכאלער גרופע, האט זיך געמערקט די פונאנדערפאלונג אויף באזונדערע פאמיליעס ; דאס איז געווען דער רעזולטאט דערפון, ווי מיר האבען אויבען אנגעצייגט,

## א. באָגדאַנאָוו

וואס דער פּאטריארך האט ניט געקענט אליין טאָן די גאנצע אָרגאַניזאטארישע ארבייט, און האט געמוזט טיילען דערפון איבערגעבען צו אנדערע, קלענערע אָרגאַניזאטארען. אט די קלענערע אָרגאַניזאַטארען זיינען אָבער געווען גאנץ ווייניג זעלבסטשטענדיג, און די פּראָדוקציע פון דער גאנצער גרופּע האט זיך אויסגעצייכענט מיט איר איינהייטליכקייט. אונטער דער הערשאפט אבער פון דער באזעצטער ערד־ארבייט באקומען די קליינע עקאנאמישע איינהייטען, די משפחות, א באדייטענדע מאס אומאפהענגיגקייט אין דעם עקאָנאָמישען לעבען. פאר דער ערד ארבייט זיינען געוויינליך די ארבייטס־כחות פון איין משפחה גאנץ גענוג — קיין נויטיגקייט פאר דער קאָאָפּעראציע פון דער גאנצער גרופּע איז ניטאָ. נאָך מער, די קליינע פּראָדוקציע פון דער משפחה איז אין דעם פאל נאָך שפּאָרעוודיגער ווייל מיט די גראָבע פּרימיטיווע ווערקצייג, וואס זיינען פאר דער ארבייט דעמאלט באנוצט געווארען, האט א קליינע צאָל מענשען, אוועקגעבענדיג זייערע גאנצע כחות אויף דער באארבייטונג פון א באשטימטען קליינעם חלק ערד, געקענט פיל מער דערגרייכען, איידער דורך דער בשותפות'דיגע ארבייט פון דער גאנצער געזעלשאפט אויף א גרויסען טייל ערד.

אויף דעם אופן איז די ערד־ארבייטער געזעלשאפט, אויפ'ן שוועל פון דעם פעאָדאַלען פּעריאָד, באשטאנען פון אסך באזונדערע משפחות, וואס זיינען צווישען זיך געווען פאַרוואנדעט דורך געמיינזאמע אפּשטאמונג, וועלכע פלעגען פירען, יעדע באזונדער, זייערע באזונדערע באלעבאטישקייטען. לויט זייער גרויס האבען די דאָזיגע גרופּען מיט זיך פאָרגעשטעלט עטוואס צווישען דער פּאטריארכאלער משפחה פון אלטערטום און דער מאָדערנער פאמיליע. מען קען זיי פארגלייכען מיט די סלאַווישע „גרויסע משפחות", וועלכע באשטעהען אָפט פון עטליכע צענדליג מענשען, און וועלכע מען קען נאָך וואו ניט וואו געפינען אויך היינט.

פונדעסטוועגען זיינען נאָך פארבליבען גענוג פּראָדוקציאָנס פאר־בינדונגען צווישען די באזונדערע משפחות־גרופּען. גאנץ אָפט, ווען די כחות פון איין משפחה האבען זיך פאר א געוויסער ארבייט ארויס־

געוויזען פאר ניט געגוג, האָבען אנדערע משפּחות, און אָפּט אויך די גאַנצע קהלה, איר ארויסגעהאָלפען. דאָס פלעגט אָפּט טרעפען, ווען די משפחה האט געדאַרפט פאר זיך בויען א וואוינונג, אָפּרייניגען פון וואלד א נייע שטיק ערד א. אז. וו. די נוצען פון שותפות זיינען פאר דער פיה־צוכט געווען אזוי באַדייטענד, אז די פיה פון דער גאנצער געזעלשאַפט איז פון פרילינג ביז הערבסט געווען פאראייניגט אין איין סטאַדע און פלעגט זיך פּאשען אויף דיזעלבע לאַנקעס, וואָס זיינען געווען דער קהל'שער אייגענטום פון אלעמען, און אפילו אונטער דער אויפזיכט פון דיזעלבע פאסטוכער. די פעלדער פון וועלכע די תבואה איז שוין געווען אראָפּגענומען, פלעגען פאררעכענט ווערען אלס קהל'שער אייגענטום, אזוי אז דאָס פעלד האָט געהערט צו איין משפּחה בלויז דאַן, ווען עס איז פון דער משפחה באארבייט געוואָרען. די היי פון די לאַנקעס פלעגט אָפּגעשניטען ווערען אין די מערסטע פאַלען קאָלעקטיוו און נאכער פלעגט עס צוטיילט ווערען צו די משפחות לויט דער פּראָפּאָרציע פון די חלקים פעלד וואָס זיי האָבען געהאט.

אויסער דעם זיינען ביז א געוויסען גראד פון דער גרופּע קאָנט־ראָלירט געוואָרען אויך די פעלדער וואָס זיינען באנוצט געוואָרען פון פארשיידענע משפחות. די פּראָדוקציע פון דער משפחה איז ניט פארבליבען פארבונדען גראד מיט איין באַשטימטען חלק פון ערד, פון צייט צו צייט פלעגען פאָרקומען נייע צוטיילונגען פון דער ערד צווי־שען די משפחות, דערביי האט יעדע משפּחה באקומען, אדער פּונקט אזא גרויסע שטיק ערד ווי זי האָט פריהער געהאט נאָר אין אן אנדער פּלאַץ, אדער עס פלעגט אויך געענדערט ווערען די גרויס פון איר ערד חלק, אין איינקלאַנג מיט דער גרויס פון דער משפחה און אירע אר־בייטס־כחות א. אז. וו. אזוינע פונאנדערטיילונגען פלעגען אין אָנהויב פּאָרקומען אפשר יעדען יאָר, שפּעטער ווערען זיי זעלטענער. דער תכלית פון דעם איז געווען, וואָס עס פלעגען אויסגעגליכען ווערען די נוצען און שאדען וואָס זיינען געקומען אלס רעזולטאַט פון די פאר־שיידענהייטען אין דעם כאַראַקטער פון דער ערד. אָבער שוין נאָר פריה געהען די שטיקער ערד, וואָס זיינען אָפּגערייניגט געוואָרען

# א. באָגדאַנאָוו

אויסשליסליך פון איין משפּחה, ארויס פון אונטער דער גרופּעם קאָנט־ראָל. די אָפּטע טיילונגען פון דער ערד צייגען אז די ערשטע ערד וואס די גרופּע האָט פאר זיך ערוואָרבען, איז געווען דער רעזולטאַט פון א געמיינזאמער אנשטרענגונג. עס מאכט ניט אויס צי די אנ־שטרענגונג איז באַשטאַנען אין אָפּרייניגען די ערד פון וועלדער, אדער אוועקנעמען עס דורך קריג פון א צווייטער גרופּע.

אין פארשיידענע פאַלען זיינען די ארבייטס־פארבינדונגען צווי־שען די באַזונדערע משפּחות געווען פארשיידען; דאס איז געווען אָפּ־הענגיג אָן די לאָקאלע, נאַטירליכע און היסטאָרישע באַדינגונגען.

ביז דער לעצטער צייט זיינען נאָך פארבליבען סמנים פון דעם אמאָליגען קהל׳שען באַזיץ פון דער ערד, די סמנים געפינען זיך אין די אינסטיטוציעס פון „קהל׳שען ערד־באַזיץ" אין שווייצאַריע, דרום־דייטשלאנד, אויף די פּירענייאישע האלב־אינזלען, ביי די סלאווען פון דרום אייראפּע א. אז. וו.

דער קאָמוניזם פון די ערד־ארבייטער האָט זיך אממערסטענס אויפגעהאַלטען אין די ערטער וואו עס האָבען עקזיסטירט אזוינע באַ־דינגונגען וואָס האָבען נויטיג געמאַכט קאָלעקטיווע ארבייט, אזוי צ. ב. ש. איז די גאַנצע ערד־ארבייט אין געוויסע טיילען פון אָסט־אינדיע, אָפּהענגיג אָן קינסטליכע באַמיסטיגונג פון דער ערד, אָן דער דורכ־פירונג פון וואַסער קאַנאַלען, וועלכע מוזען פארשטעהט זיך זיין די ארבייט פון א גאַנץ ברייטער גרופּע א. אז. וו. אין יענע פעלצער האָט מען נאָך ביז גאָר ניט לאנג צוריק געקענט זעהן דעם ערד־ארבייטער־קאָמוניזם אין זיינע ריינסטע פאָרמען. אין אָט די קהלות, ווערט די ערד באַארבייט בשותּפות און די פּראָדוקטען ווערען שפּעטער צוטיילט צווישען די באַזונדערע משפּחות. די אזוי גערופענע היים ארבייטען, ווי שפּינען, וועבען און אנדערע, ווערען געטאָן פון יעדער משפּחה באַזונדער. די קהלה האָט אירע בעלי מלאכות (א שמיד, א סטאָליאר, א טעפּער, א שערער, א וואַשער א. אז. וו.) און אויך אירע באַאַמטע (א ראש הקהל, א שרייבער, א וואסער־אויפזעהער, גלחים א. אז. וו.) די ערשטע אזוי גוט ווי די צווייטע ווערען באַשטימט פון דער קהלה און ווערען פון איר אויסגעהאַלטען. די אָרגאַניזאַטאָרישע ארבייט

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

ווערט נים נאָר אָפּגעטיילט פון דער אויספירליכער ארבייט, נאָר זי ווערט אויך צוטיילט צווישען פארשיידענע מענשען, פונדעסטוועגען איז זי נאָך אַלץ אפּהענגיג פון דער גאַנצער קהלה, דאָס איז דערפאר ווייל די מיטגלידער זיינען צווישען זיך ענג פארבונדען דורך די באַ־דינגונגען פון דער טעכניק פון זייער ערד־ארבייט. א דאנק אַט דער ענגער פארבינדונג באהאלט נאָך אַלץ די גרופּע איר כאראקטער פון א פּרימיטיווען שטאַם; די איינהייט פון אָפּשטאַמונג באַשטימט נאָך אַלץ די ראַמען פון די עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען.

אין דער קהלה פון ערד־ארבייטער אין אָנפאנג פון מיטעל־אַלטער זיינען אויך דאָ בעלי מלאכות, זיי אבער ספּעציאַליזירען זיך קיין מאָל נים, און פארבינדען אלע מאָל זייער ארבייט מיט ערד־ארבייט, גע־וויסע מלאכות ווערען געטאַן פון דער משפחה פאר זיך אליין, אזוינע צ.ב.ש. ווי שפּינען, וועבען, נייהען. דאָרט וואו די איינצעלנע משפחה איז נים בכח אליין צו טאַן איר גאַנצע ארבייט, גיט זי דאַן מאַנכע זאַכען אוועק צו פּראָפעסיאָנעלע בעלי מלאכות, דערביי גיט זי זיי גע־וויינליך דעם רויהען מאַטעריאַל פאר זייער ארבייט. נים זעלטען טוט דער בעל־מלאכה זיין ארבייט אין דער הויז פון זיין קונד. די גע־זעלשאפטליכע צוטיילונג פון דער ארבייט איז בכלל זעהר שוואַך אנט־וויקעלט און ווערט אויסגעדריקט כמעט, אויסשליסליך אין שכנ׳ישע אויסטוישונגען און אין דער ארבייט פון דעם בעל־מלאכה. אין איינ־קלאַנג מיט דעם צושטאַנד זיינען די אומאַנטוויקעלטע פאָרמען פון קרעדיט, דער געלט קרעדיט איז כמעט ווי אַן אויסנאַם.

מיט דער צייט הויבט אַן די געזעלשאפטליכע צוטיילונג פון דער ארבייט, אַננעמען א שארפערע, מער אויסגעשפּראָכענע פאָרמע, די אר־בייט פון דעם בעל־מלאכה הויבט אַן אָפּגעזונדערט צו ווערען פון דער ערד־ארבייט. אין אָנפאנג טיילען זיך באזונדער אויס די שמידען, און אין אנדערע ערטער—די מילנער. שוין אפילו גאָר פריה אין יענער עפּאָכע, זיינען דער שמיד און דער מילנער דיזעלבע פאָר עטליכע שכנ׳ישע קהלות. דאָס שאַפט, הגם דערווייל אין א שוואַכער פאָרמע, א פּראָדוקציאָנס־פאַרבינדונג צווישען די באַזונדערע קהלות.

דער וואוקס פון דער קהלה, און די אָפּזונדערונג פון די משפחה־

# א. באָגדאַנאָוו

גרופּען האָבען געבראַכט דערצו, אז ביסלעכווייז זאָל פאַרשווינדען און פאַרגעסען ווערען די אמאָליגע קרובה'שאַפט צווישען די איינ־צעלנע משפחות, דער צעמענט וואָס האָלט צונויף די געזעלשאַפט אלס א גאַנצע ווערט שוין איצט די ריינע פּראָדוקציאָנס־פאַרבינדונג אין די פּאָליטישע שיכות'ן וואָס זיינען דער רעזולטאַט פון זיי.

דאָרט וואו די אנטוויקלונג פון דער פעאָדאַלער גרופּע אין דער קהלה פון ערד־ארבייטער, איז צוגעגאַנגען מער שטופּענווייז און טיפּיש, קען מען די אנטוויקלונגס־אָרדנונג אויסדריקען אין אזא פאָרמע:

אין אָנפאַנג צייכענט זיך אויס דער געבוי פון דער קהלה מיט א פאַרהעלטעניסמעסיג גרויסער איינ־אָרטיגקייט, דער אונטערשייד אין דער גרויס פון די איינצעלנע ווירטשאַפטען איז געווען ניט אזוי באַ־דייטענד, אז זי זאָל קענען פאַרזיכערען א באַשטימטען עקאָנאָמישען איבערוואָג פון איין ווירטשאַפט איבער דער צווייטער. אַלץ וואָס האָט געהאַט א שיכות צו דער גאַנצער געזעלשאַפט איז באַשלאָסען גע־וואָרען אויף דעם ראַט פון די עלטסטע באַלעבאַטים. פאַר די קאָ־לעקטיווע אונטערנעמונגען צו וועלכע עס פאָדערט זיך איין אָרגאַניזאַ־טאָר (איבערהויפּט אין פאַל פון א קריג) האָט דער ראַט פון די עלטסטע אויסגעקליבען איינעם פון זיי פאַר א פירער, וועלכער האָט געדאַרפט שפּילען יענע ראָליע בלויז צייטווייליג, אזוי לאַנג ווי עס איז געווען נויטיג. ווען דער קריג איז געפירט געוואָרען ניט פון איין שבט נאָר פון עטליכע צוזאַמען (ווי דאָס פלעגט זעהר אָפט טרעפען) פלעגען די פירער פון די באַזונדערע שבטים פון זיך אויסקלייבען איין אַלגע־מיינעם פירער, אבער אויך א צייטווייליגען.

פונדעסטוועגען זיינען שוין דאָ פאַראַן די ערשטע סמנים פון דער עקאָנאָמישער אומגלייכהייט. איינער פון אָט די סמנים איז וואָס דער אָרגאַניזאַטאָר ווערט אויסגעטיילט פון דער גאַנצער פּראָדוקציע, אפילו כאָטש עס איז בלויז אויף א צייט. דער צווייטער סמן איז וואָס אוי־סער קהל'שען באַזיין פון דער ערד עקזיסטירט שוין אויך דער פּריוואַ־טער באַזיץ. די שטיק ערד וואָס איז אפּעגרייניגט געוואָרען דורך דער ארבייט פון איין פאַמיליע, איז דאָס באַזונדער אייגענטום פון

יענער פאַמיליע. דאָס זעלבע איז אויך מיט דער ערד, וואָס איז פאַר־
כאַפּט געוואָרען, אין צייט פון קריג; ווען זי ווערט איין מאָל צוטיילט
אין באַזונדערע חלקים צווישען די אַנטייל גענומער אין קריג, ווערען
זיי שוין שפּעטער מער ניט איבערגעטיילט.

עס איז גאַנץ קלאָר, אַז די ווירטשאַפט וועלכע אונטערשיידט זיך
פון אַלע אַנדערע מיט איר גרעסערער אַרבייטס־קראַפט, דאַרף אונטער
אַזוינע אומשטאַנדען אירע אַרבייטס־כחות נאָך מער און שנעלער אַנט־
וויקלען ווי די איבעריגע. ערשטענס, איז פאַר אַזוינע ווירטשאַפטען
פיל לייכטער געוועזען אויסברייטערען זייערע חלקים ערד, דורך אַפּריי־
ניגען נייע נאָך ניט פאַרנומענע לענדערייען. צווייטענס, האָבען די
מיטגלידער פון יענע שטאַרקערע ווירטשאַפטען פאַרנומען אַ בכבוד'־
יגען פּלאַץ אין דער גרופּע בכלל און איבערהויפּט אין די מלחמות וואָס
די גרופּע האָט אַנגעפירט, פאָלגליך פלעגען זיי פון דעם מלחמה־רויב,
קריגען אַ גרעסערען חלק ווי די אַנדערע. מען דאַרף ניט פאַרגעסען.
אַז צו דעם רויב פלעגען צוגערעכענט ווערען אויך די שקלאַפען אַלס
באַוועגליכער אייגענטום, ווייל די געזעלשאַפט פון ערד־אַרבייטער האָט
בירושה, פון דער שקלאַפען־געזעלשאַפט איבערגענומען די סיסטעם פון
שקלאַפען־אַרבייט, הגם אין אַ פיל ווייכערער פאָרמע.

אויף אַזאַ אופן איז די אומגלייכהייט צווישען די איינצעלנע
משפחה־ווירטשאַפטען אַלץ מער געוואַקסען, און האָט פאַרניכטעט די
פריהערדיגע אייגאַרטיגקייט פון דער קהלה. דער איינפלוס פון די
רייכערע משפחות אויף דעם גאַנג פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען
האָט זיך אַלץ מער פאַרשטאַרקט דורך דעם, וואָס זייער עקאָנאָמישע
שטאַרקייט האָט פאַר זיי מעגליך געמאַכט אָוועקצושטעלען די איבע־
ריגע אָרעמערע משפחות אין אָפּהענגיגקייט פון זיי. די גרויסע
משפחות האָבען אונטערנומען אַזוינע אַרבייטען, וועלכע די קלענערע
האָבען בשום אופן ניט געקענט טאָן, ווי צ. ב. ש. די אויסבויאונג פון
גרויסע מילען, בעקערייען א. אַז. וו., האָבענדיג אונטער זיך אַ פעסטע־
רען פונדאַמענט, האָבען זיי וועניגער געליטען פון די פאַרשיידענע עקאָ־
נאָמישע קריזיסען, הונגער און אַנדערע נאַטירליכע אימגליקען, וואָס
זיינען בכלל אָפטע געסט אין אַ געזעלשאַפט מיט אַן אומאַנטוויקעל־

## א. באַגדאַנאָוו

מער טעכניק. ניט זעלטען פלעגען די גרויסע משפחות דאַרפען אַרויס־העלפען די קלענערע, אויסבאַרגענדיג זיי פּראָדוקטען, וועלכע זיי האָבען געהאַט, די קלענערע ערד־אַרבייטער פלעגען דערפאַר באַצאָלען מיט אַרבייט, און דאָס האָט מעגליך געמאַכט פאַר די רייכע נאָך מער אויסצואַרבייטען זייער טעטיגקייט און זייער פּראָדוקציע.

מיט דער צייט איז די פּראַקטישע מאַכט פון די רייכערע משפחות דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די אָרגאַניזאַטאָרס פון מלחמה פלעגען בלויז פון זיי אויסגעקליבען ווערען. עס איז נאַטירליך, אַז יענע משפחות זאָלען זיך מיט זייער עקאָנאָמישען איינפלוס באַנוצען, כדי נאָך מער צו פאַרשטאַרקען דעם דאָזיגען צושטאַנד. זיי האָבען זעהר ענערגיש געקעמפט געגען יעדער פּראָבע צו פאַרענדערען די דאָזיגע סיסטעם, און זיי האָבען ביסלעכווייז אויסגעפירט, אַז דאָס וואָס איז פריהער געווען בלויז א געוויינליכער פאַקט, זאָל ווערען א רעכט. די מאַכט פון דעם פירער האָט אָנגעהויבען איבערצוגעהן בירושה אין זיין משפחה, דער צייטווייליגער מלחמה אָרגאַניזאַטאָר איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין א שטענדיגען.

דעם אמת'ן אָנהויב פון דער פעאָדאַלער צייט קען מען ערשט רעכענען פון אָט דער צייט. דער גרויסער ערד־באַזיצער, וועלכער האָט זיך אויסגעטיילט פון דער גאַנצער גרופּע, און וועלכער האָט דעם אמת פון אָרגאַניזאַטאָר געמאַכט פאַר זיין אייגענטום, און האָט אויך מיט אַנדערע מיטלען געמאַכט אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער גרופּע עקאָנאָמיש אונטערטעניג צו זיך, איז דער טיפּישער פעאָדאַל.

אין אַנדערע גרופּען איז די אויסטיילונג פון דעם פעאָדאַל פון דער גאַנצער גרופּע געגאַנגען פיל שנעלער, נאָך אין דער צייט ווען די גרופּע איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען פון א וואַנדערענדער אין א באַזעס־סענער. דאָס האָט פּאַסירט דאָרט, וואו די עראָבערונג פון לאַנד פאַר א באַזעסען לעבען איז געווען פאַרבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען און מיט א שווערען קאַמף, די מלחמות האָבען נאָך גאַנץ פריה אַרויפ־געלייגט זייער שטעמפּעל אויף דעם געבוי פון דער געזעלשאַפט.

בּי פעאָדאַלע שיכות'ן האָבען זיך שנעל אַנטוויקעלט. פון איין

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

זייט איז געוואקסען די פּאָזיטיווע געזעלשאַפטליך־נוצליכע ראָליע פון דעם פּעאָדאַל אין דעם לעבען פון דער פּויערשער קהלה, פון דער צווייטער זייט די געזעצליכע אונטערטעניגקייט פון די פּויערים צום פּעאָדאַל.

דער פּעאָדאַל בויט באַפעסטיגטע שלעסער, וואו די פּויערים קענען זיך באַשיצען בעת אַן אָנפאַל פון א שונא, דער פּעאָדאַל זאָרגט וועגען בויען וועגען, בריקען א. אַז. וו., וואָס זאָלען דינען דער גאַנצער קהלה. ווען נאָר די פּויערים קענען מיט זייערע אייגענע כחות זיך ניט ספּראַווען מיט זייער ווירטשאַפט, קומט זיי דער פּעאָדאַל צו הילף. ער אָרגאַניזירט פאַר זיי סיסטעמאַטישע הילף אין פאַל פון אַן אומגערעטעניש, אָדער ווען זיי ווערען רואינירט דורך א מלחמה, א. אַז. וו. אויף דאָס אַלעם זיינען נויטיג געווען מיטלען. דער פּעאָדאַל האָט גאַנץ ווייניג חשק געהאַט מקריב צו זיין זיין אייגענע האָב און גוטס פאַר דעם וואָלזיין פון די פּויערים. פאַר זיין אַרבייט און זאָרג פלעגען די פּויערים אים גאַנץ גוט באַצאָלען.

די פּעאָדאַלע עקספּלואַטאַציע האָט געהאַט צוויי הויפּט פאָרמען: ערשטענס, דאָס אַרבייטען פאַר'ן פּעאָדאַל, דאָס איז געווען די פריהסטע און מער אָנגענומענע פאָרמע, און צווייטענס, האָט מען אים געגעבען א געוויסען חלק פון די פאַרטיגע פּראָדוקטען. ווען דער פּעאָדאַל איז נאָך געווען בלויז א רייכער פּויער, פלעגט די געוויינליכע צאָלונג פאַר חובות זיין אַרבייט. ווען אָבער די מאַכט פון פּעאָדאַל ווערט גענוג באַפעסטיגט, ווערט די אַרבייט פאַר'ן פּעאָדאַל פאַרוואַנדעלט אין א פליכט, אין די אַזוי גערופענע „באַרשטשינע“. יעדער פּויער איז מחויב צו אַרבייטען פאַר דעם פּעאָדאַל צו וועלכען ער געהערט א באַשטימטע צאָל טעג אין יאָר. אין אַנדערע פאַלען האָט זיך פאַר דעם פּעאָדאַל בעסער געלוינט צו קריגען זיין חלק אין דער פאָרמע פון פאַרטיגע פּראָדוקטען, איבערהויפּט איז דאָס אָנגעוועגדעט געוואָרען אויף דער אינדוסטריעלער אַרבייט פון די פּויערים. די צאָל פון אַרבייטס־טעג אָדער פאַרטיגע פּראָדוקטען, וואָס די פּויערים האָבען געדאַרפט אוועקגעבען דעם פּעאָדאַל, אַזוי שנעל ווי עס איז נאָר פעסטגעשטעלט געוואָרען, פלעגט אָפּגעהיט ווערען דורך די געזעצען פון

# א. באָגדאַנאָוו

דער קהלה. עס פארשטעהט זיך, אז דער הערשער האָט גאַנץ לייכט זיי געקענט פאַרגרעסערען, אויב דאָס איז פאַר אים געווען נויטיג. די עקספּלואַטאַציע, אין די דערמאָנטע פאָרמען, איז דאָ די סאַמע איינפאַכסטע און אָפענע. די פאַנשטשינע — דאָס איז דער פּשוט'סטער און אָפענסטער וועג פאַר דעם הערשער אוועקצונעמען פאַר זיך די איבער־ארבייט, אָדער דעם איבער־פּראָדוקט פון דעם פויערס ארבייט.

די ווירטשאַפט פון דעם פעאָדאַל, זייענדיג באַגרינדעט אויף די ארבייט פון די פויערים און אויף די פאָרמיגע פּראָדוקטען, וואָס פלעגען געגעבען ווערען אלס אָפּצאָלונגען, איז פאָרט פאַרבליבען בעצם, א נאַטוראַלע ווירטשאַפט. געוויס האָט דער פעאָדאַל זיך געקענט פיל מער און ברייטער באַנוצען מיט'ן אויסטויש, כדי צופרידענצושטעלען זיינע ראַפינירטע באַדערפענישען. אבער אפילו פאַר'ן פעאָדאַל איז דער אויסטויש אין אָנפאַנג געווען בלויז אַן אויסנאַם; אַזוי שוואַך איז נאָך דעמאָלט געווען דער אויסטויש בכלל. דער גרעסטער טייל פון אלץ וואָס ער האָט באַדאַרפט פלעגט דער פעאָדאַל באַקומען פון זיינע פויערים.

אויף וויפיל די ווירטשאַפט פון דעם פעאָדאַל איז פאַרבליבען א נאַטירליכע און זיינע באַדערפענישען, פאַרברויכס־באַדערפענישען, זיינען די ארבייטס־טעג און די אָפּצאָלונגען, וואָס די פויערים פלעגען דאַרפען אוועקגעבען דעם פעאָדאַל, געווען באַשרענקט דורך דער באַגרענעצטקייט פון דעם פעאָדאלס באַדערפענישען. דעם יאָך וואָס די אונטערטאַנען האָבען געטראָגען איז דערפאַר אין אָנהויב ניט געווען זעהר גרויס, מיט'ן ווייטערען פּראָגרעס פון אויסטויש זיינען זיי נאַטירליך געוואַקסען, ווייל די באַדערפענישען פון פעאָדאַל זיינען געוואַקסען.

די באַציהונגען צווישען דעם פעאָדאַל און זיינע אונטערטאַנען זיינען ניט געווען קיין איינ־אַרטיגע. איין טייל פויערים איז געווען עקאָנאָמיש מער אָפּהענגיג פון פעאָדאַל, און האָט דערפאַר געטראָגען א שווערערען יאָך, און איז דורך דעם אויך געזעצליך געווען מער אונטערוואַרפען דעם פעאָדאַל; א צווייטער טייל איז געווען פאַר־

## פאָליטישע עקאָנאָמיע

העלטניסמעסיג מער אומאפהענגיג, און וועניג אונטערדריקט. דער מנהג האט אט די פונאנדערטיילונג אפגעהיט און זיי איבערגעטראגן פון דור צו דור.

אט די צוטיילונג איז אפט געווען אפהענגיג פון דעם ארט פון די אפגאבען וואס דער פויער האט געדארפט צאלען דעם פעאדאל. א שמיד, וואס האט דעם פעאדאל געדארפט צאלען א באשטימטען אפגאב, און האט מיט אים קיין אנדער מגע ומשא ניט געהאט, איז נאטירליך געווען וועניגער אפהענגיג אן דעם פעאדאל אין זיין עקאנאמישען און רעכטליכען לעבען, איידער דער פויער וואס האט געדארפט פאר'ן פעאדאל ארבייטען. און אויף דעם אופן א באשטימטע צייט זיין אין דער לאגע פון א שקלאף. אפט ווערט דער כאראקטער פון די פליכטען וואס די פויערים דארפען נאכקומען, באשטימט דורך די היסטאריש אויסגעוואקסענע באציהונגען. די שפעטערדיגע איינוואוינער, וועמען דער פעאדאל האט צו זיך איינגעלאדען, און זיי געגעבען געוויסע באשטימטע פריווילעגיעס, זיינען, פארשטעהט זיך, מערסטענס, פיל פרייער געווען איידער די פריהערדיגע.

מאנכע פון די אונטערטאנען פלעגען וואוינען אין דעם פריציש'ען הויף, אלס דינער; זיי פלעגען זיך שוין מיט קיין פראדוקטיווער ארבייט בכלל ניט פארנעמען. זיי זיינען געווען אממערסטענס פארשקלאפט, ווייל זיי פלעגען לעבען אויסשליסליך א דאנק זייער הערשערס רחמנות. דאס זיינען געווען הויז־שקלאפען.

בלויז די אממערסטענס פארשקלאפטע פון דעם פעאדאלס אונטערטאנען, האבען קיין רעכט ניט געהאט צו פארלאזען זייער געבורטס־פלאץ, און אוועקגעהן פון אונטער דעם פעאדאלס הערשאפט. די איבעריגע האבען דאס יא געמעגט טאן, אויב זיי האבען געוואלט. זיי פלעגען אבער דערביי מוזען פארלירען זייער חלק ערד און זייער גאנצען אומבאוועגליכען אייגענטום, כדי די לאגיק פון אזא פירונג זאל ווערען פארשטענדליך, מוז מען האבען אין זינען דאס פאלגענדע:

די קהלה איז געווען אפהענגיג אן דעם פעאדאל הויפטזעכליך דערפאר, ווייל ער האט זיך גערעכענט פאר'ן באלעבאס פון

## א. באָגדאַנאָוו

דער גאַנצער ערד, אויף וועלכער זיינע אונטערטאַנען האָבען געוואוינט. אין דער צייט ווען די ערד־ארבייט האָט געשפּילט אזא גוואלדיגע ראָליע אין דעם פּראָדוקציאָנס־לעבען פון דער געזעלשאפט, איז געווען גאַנץ נאַטירליך, אז דער פּעאָדאל זאָל זעהן פארכאַפּען די גאנצע ערד אלס זיין אייגענטום, ווייל דאָס האָט געמיינט קריגען די גאַנצע מאכט איבער די מענשען. מיט זיין עקאָנאָמישען כח איז דעם פּעאָדאל דאָס אויך געלונגען. אין יענע אומרוהיגע צייטען פלעגט זעהר אָפט טרעפען, אז א פרייער פויער זאָל מיט'ן גוטען ווילען פארקויפען זיין ערד צום פּעאָדאל, כדי באשיצט צו ווערען פון אים. ער פלעגט זיין ערד גלייך צוריק באקומען אויף צו באַארבייטען, פאר א געוויסע אָפּצאָלונג, וואָס ער פלעגט דארפען מאַכען דעם פּעאָדאל. בכלל, האָט דאָס אייגענטום רעכט אויף דער ערד נאָך ניט געמיינט די הפקר'דיגע פארוואלטונג פון איר. דער פּעאָדאל פלעגט זיך אליין פאקטיש אונטערוואַרפען אונטער די אָנגענומענע מנהגים.

די פּעאָדאלע גרופּע האָט אלזאָ געהאט דעם כאראקטער פון אן אימעניע (מאיאָנטעק) מיט א נאַטוראלער ווירטשאפט. דעם ערד־אייגענטימער האָט געהערט די ראָליע פון ארגאַניזאַטאָר אין אלע קאָלעקטיווע אונטערנעמונגען פון דער קהלה. אין די איינצעלנע משפחות האָט אָט די ראָליע געהערט צו דעם הויפּט פון דער משפחה, אין די זאַכען וואָס האָבען געהאט צו טאָן בלויז מיט דער ווירטשאפט פון פויערים, אין די אָרגאַניזאַטאָרישע ראָליע פארבליבען פאר דעם ראַט פון דער קהלה, פאר דער אלגעמיינער פארזאמלונג, אָדער פאר ספּעציעל דערוויילטע מענשען. אין איינקלאַנג דערמיט האָבען זיך אויסגעאַרבייט ענליכע רעכטליכע באַציהונגען. דער פּעאָדאל פלעגט לויט דעם אָנגענומענעם מנהג, קריגען זיין אָפּגאַב אין ארבייט פון די מיטגלידער פון דער גרופּע, ער איז אויך געווען זייער הויפּט ריכטער און געזעצגעבער. אין די פראגען אבער וואָס האָבען מיט'ן פּעאָדאל קיין שיכות ניט געהאט, ווי צ. ב. אין דער פראגע ווי אזוי עס זאָל פארטיילט ווערען די ערד צווישען די איינצעלנע פויערשע ווירטשאפטען, אָדער אין סכסוכים צווישען מיטגלידער פון דער גרופּע,

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

פלעגט די קהלה האנדלען זעלבסטשטענדיג, און אירע באשלוסען פלע־גען דורכגעפירט ווערען פון אירע דערוויילטע פאָרשטעהער*)

## די באַציהונגען צווישען די גרופּען אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט.

די עקאָנאָמישע זעלבסטשטענדיגקייט פון דער פעאָדאלער אימע־ניע (מאַיאָנטעק) איז געווען גאַנץ באַדייטענד, אבער ניט אבסאָלוט. וואָס אנבאַלאַנגט מלחמות, זיינען די כחות פון יעדער גרופּע באזונ־דער ניט געווען גענוג כדי זיך פאַרטיידיגען קעגען די שונאים, ווי צ. ב. ש. קעגען די וואַנדערענדע שבטים, וואָס פלעגען אָפּט אָנפאַלען אויף דער פעאָדאלער אייראָפּע, אָדער אפילו פּשוט, קעגען שכנ׳ישע פעאָדאלען, וואָס זיינען געווען שטאַרקער פון א וועלכער עס איז גרופּע.

אויף אַט דעם באָדען האָבען זיך אויסגעאַרבייט באַציהונגען צווי־שען די איינצעלנע פעאָדאלען, וואָס זיינען געווען ענליך צו די, וואָס האָבען געהערשט צווישען יעדען פעאָדאַל באַזונדער און זיינע פּוי־ערים. אויב די נויטווענדיגקייט צו פאַרטיידיגען זיך האָט געבראכט דערצו, אז דער איינצעלנער פּויער זאָל זיך אונטערווארפען אונטער דער מאכט פון דעם פעאָדאַל, האָט די זעלבע נויטווענדיגקייט גע־צוואונגען די שוואכערע פעאָדאלען זיך אונטערווארפען אונטער דער מאכט פון די שטאַרקערע. אָפּט פרייוויליג און אָפּט נאָך א פאַרלאָ־רענעם קריג, פלעגט דער פעאָדאַל אנערקענען די אויבערמאכט פון א צווייטען, א שטאַרקערען פון אים. צוזאמען מיט זיין חיל פלעגט ער קעמפען אונטער דער פירערשאפט פון זיין הערשער אין דער צייט

---

*) עס איז פאַראַן אַ מיינונג, אז די פעאָדאַלע אָרדנונג איז אנטשטאַנען דורך דעם וואָס איין שבט האָט באַזיגט דעם צווייטען, אין מאַנכע פאַלען איז דאָס טאַקע אַזוי געווען. דער פעאָדאל איז געווען דער זיגער, און עס איז גאַנץ פאַרשטענדליך, אז אונטער אַזעלכע אומשטאַנדען, האָט געמוזט פאָרקו־מען א צוטיילונג צווישען די זיגער און די באַזיגטע, אָבער כדי צו שאַפען אַ פעאָדאַלע אָרדנונג, אין דאָס באַזיגטע לאַנד, האָבען די פעאָדאלען שוין אַפריהער געמוזט אַזאַ אָרדנונג האָבען ביי זיך, און אַזוי איז דאָס טאקע אין די מערסטע פאלען געווען.

## א. באָגראַנאָוו

פון קריג (אויך א באַשטימטער אָפּגאָב) און אָפּט פלעגט ער אויך צאָלען א באַשטימטען אָפּגאָב. אין געוויסע פאַלען פלעגט ער זיך אונטערוואַרפען אונטער'ן משפט פון דעם אויבער־הערשער. אין די אינערליכע אנגעלעגענהייטען פון דער אימעניע פלעגט אבער דער אויבער־הערשער זיך ניט מישען.

דער אויבער־הערשער אליין פלעגט זיך ווייטער אונטערוואַרפען אונטער נאָך א שטאַרקערען, און אזוי ווייטער ביז'ן קעניג. דער לעצטער, ווי עס וועט שפּעטער באַוויזען ווערען, פלעגט אין מאַנכע הינזיכטען, זיך אליין אונטערוואַרפען צו נאָך א שטאַרקערען פון אים, דעם שטאַרקסטען פעאָדאַל פון יענער צייט — צו דער קאַטוילישער קירכע.

דער קעניג איז געווען דאָס פאַר־לעצטע רינגעלע אין דער קייט פון הערשער. אין די אינערליכע אנגעלעגענהייטען פון זיינע אונטער־טאַנען פלעגט ער זיך ניט אריינמישען, און אויך אפילו אין אויסער־ליכע — איז זיין איינפלוס ניט זעהר גרויס געווען. די פעאָדאַלען פלעגען פירען מלחמות גאַנץ אומאָפּהענגיג פון אים, און פלעגען זעלבסטשטענדיג אריינטרעטען אין געוויסע אָפּמאַכען צווישען זיך. ניט זעלטען פלעגט טרעפען, אז די קעניגליכע מאַכט האָט עקזיסטירט בלויז אין נאָמען.

ביי אזא צובראָקעלטקייט און ניט פעסטקייט פון פאַרבינדונגען צווישען די באַזונדערע טיילען פון דער געזעלשאַפטליכער אָרגאַני־זאַציע, און איבערהויפּט צוליב דער אומאַנטוויקעלטער טעכניק, וואָס האָט אימער געהאַלטען אין איין שאַפען אן אבסאָלוטע איבער־באַ־פעלקערונג, איז די פעאָדאַלע וועלט געווען פאַר'משפט צו שטענדיגע מלחמות. נאָך דער ערד־ארבייט האָט די מלחמה אָהן ספק פאַרנו־מען דעם וויכטיגסטען פלאַץ אין די מענשליכע טעטיגקייטען.

רעדענדיג וועגען דער „אבסאָלוטער איבער־באַפעלקערונג“ פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט, דאַרף מען האָבען אין זינען, אז דאָ האָט שוין דער אויסדרוק אן אנדער באַדייטונג. די איבער־באַפעלקערונג אין דער פעאָדאַלער צייט דריקט זיך אויס ניט בלויז אין דעם, וואָס א געוויסען טייל פון דער באַפעלקערונג פעלען אויס די נויטיגסטע

לעבענסמיטלען, און זי פאַרכאַפּט שוין ניט בלויז די נידעריגסטע שיכטען פון דער געזעלשאַפט; דאָ איז אויך פאַראַן אַן איבערבאַפעלקערונג פון פעאָדאַלען. אויב אַפילו די משפּחה פון דעם פעאָדאַל זאָל ניט פונאַנדערוואַקסען, איז צוליב דעם, וואָס די טעכניק איז געשטאַנען אויף אַן אָרט און די פּויערשע געזעלשאַפט איז געוואַקסען, וואָלט רק פאַר'ן פעאָדאַל אַליין שווערער געוואָרען צו באַקומען די אַלע נויטיגע זאַכען כדי צופרידענצושטעלען זיינע ברייטע באַדערפעניסען. בלויז פון די פּויערים וואָס האָבען געוואוינט אין זיין אימעניע, אָבער נאָך שווערער ווערט דאָס, ווען די צאָל פון די פעאָדאַלען גופא וואַקסט אויס. בעצם האַנדעלט זיך דאָ פּונקט ווי פריהער וועגען די אומגלייכהייט צווישען דעם סכום פון פאַרברויכס־מיטלען, וואָס מען קען פּראָדוצירען מיט אַ באַשטימטער טעכניק אויף אַ באַשטימטען שטח ערד, און דער סכום פון די באַדערפעניסען פון דער אַליין מער וואַקסענדער באַפעלקערונג. מען דאַרף אָבער דערביי האָבען אין זינען ניט בלויז די באַדערפעניסען פון דער באַפעלקערונג, וועלכע זיינען פאַרהעלטניסמעסיג ניט קיין גרויסע, נאָר אויך די הויך אַנטוויקעלטע באַדערפעניסען פון דעם קלאַס פון פעאָדאַלען. היות, ווי די הויך־אַנטוויקעלטע באַדערפעניסען פון די פעאָדאַלען ווערען באַשטימט דורך די סאָציאַלע באַציהונגען פון דער געגעבענער אָרדנונג, קען מען אָננעמען, אַז די איבער־באַפעלקערונג איז שוין דער רעזולטאַט ניט בלויז פון דעם מענשענס שיכות צו דער נאַטור, נאָר טיילווייז אויך פון די באַציהונגען צווישען די מענשען גופא (דער איבערגאַנג צו די רעלאַטיווע איבער־באַפעלקערונג פון די שפּעטערע צייטען איז אינגאַנצען אָפּהענגיג אַן דער צווייטער אורזאַך).

די מיליטאַריסטיש־פעאָדאַלע אָרגאַניזאַציע האָט אויף דעם אופן, ניט נאָר ניט געקענט פאַרלייכטערען פאַר דער אייראָפּעאישער באַפעלקערונג דעם שווערען יאָך פון די מלחמות, וועלכער האָט שרעקליך געדריקט די פּויערים, נאָר זי אַליין איז טיילווייז געווען די אורזאַכע פון זיי. זי איז פּונקט אַזוי אומפעהיג געווען פאַר דער צופרידענשטעלונג פון אַנדערע נויטען פון דער פעאָדאַלער וועלט. די אַבסאָלוטע איבער־באַפעלקערונג אין אייניגע פלעצער און די אומצאָליגע

מלחמות, האָבען געשאַפען א מאַסע אָרעמע מענשען, וואָס האָבען פשוט ניט געהאַט מיט וואָס צו לעבען, ווייל זיי האָבען ניט געהאַט ביי וואָס צו אַרבייטען, זאָרגען וועגען די דאָזיגע אומגליקליכע האָט זיך פאַר די פעאָדאַלען מערסטענס ניט געלוינט, ווייל זיי האָבען קיין שום נוצען דערפון ניט געקענט האָבען. אין דער פּראָגראַם פון די מיליטערישע פעאָדאַלען איז אויך ניט אריין דאָס זאָרגען וועגען קאַליקעס. קראַנקע א. אַז. וו. אויסערדעם, זיינען זיי ניט געוועזען בכח צו פאַרזיכערען אויף וויפיל עס איז דעם אויסטויש, אָדער אַנדערע באַציהונגען, צווישען פאַרשיידענע גרופּען און לענדער, אַט די באַציהונגען, הגם זיי זיינען נאָך געוועזען זעהר שוואַך אַנטוויקעלט, האָבען פונדעסטוועגען דאָך עקזיסטירט און זיינען געוועזען אַן עקאָנאָמישע נויטווענדיגקייט, ווייל די פעאָדאַלע גרופּע האָט ניט געקענט פּראָדוצירען פאַר זיך אַליין אַלץ וואָס זי האָט געדאַרפט, שוין אפילו צוליב דער קליינער צאָל מענשען פון וועלכע זי איז צוזאַמענגעשטעלט. זי האָט זיך ניט געקענט באַגעהן אָהן וועלכע עס איז פאַרבינדונגען מיט אַנדערע גרופּען. מעטאַלען, געצייג, זאַלץ, וויין און מאַנכע מאַטעריאַלען פאַר קליידער, קענען פּראָדוצירט ווערען בלויז אין באַשטימטע פלעצער. מיט איין וואָרט, די פעאָדאַלע געזעלשאַפט האָט א גאַנצע רייהע באַדערפענישען ניט געקענט צופרידענשטעלען. דאָס האָט געשאַפען א באַדערפעניש פאַר אַן אַנדער סאָרט אָרגאַניזאַציע, אַן ענגערע און א מער איינהייטליכע, וואָס זאָל אַרייננעמען די גאַנצע פעאָדאַלע וועלט.

אַלס אַזאַ אָרגאַניזאַציע איז אַרויסגעטראָטען די קאַטוילישע קירכע.

זי איז אַנטשטאַנען אין אַן איבערגאַנגס־צייט, ווען די אַלטע קלאַסישע וועלט איז פונאַנדערגעפאַלען, און איבערגעלאָזען איר פּלאַץ פאַר א צווייטער, מיט נייע (מיטעל־אַלטערליכע) לעבענס־פאָרמען. אין דער צייט, ווען די רוימישע אימפּעריע איז געפאַלען, האָט דער אונטערגאַנג פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציע, רואינירט א מאַסע מענשען; די קריסטליכע קירכע איז דאַן, גלייך אין אָנהויב אַרויסגעטראָטען אַלס אָרגאַניזאַציע צו העלפען די אומגליקליכע. אַט די

ראליע איז געווען פאר דעם קריסטענטום זעהר נאטירליך, ווייל דאס איז דאך געווען די אידעאלאגיע פון די „ארויסגעשטויסענע“ פון דער אלטער וועלט, די אידעאלאגיע פון די דאמאלסטדיגע פראלעטאריער און אויך טיילוויז פון די שקלאפען. (דערמיט דערקלערט זיך אויך דער פאקט, וואס דער קריסטענטום איז אין אנפאנג ארויסגעטראטען אין דער געשיכטע, אלס קאמוניסטישע סעקטע, וואס איז געגען פרייוואטען אייגענטום.) דער ענערגישער קאמף פון דער אפגעלעבטער געצענדינערשער וועלט געגען דעם קריסטענטום, האט אים נאך שטארקער געמאכט, צוגעבענדיג אים מער פעסטקייט. וואס טיפער עס איז געפאלען די אלטע שקלאפען־וועלט, אלץ ברייטער איז זיך פונאנדערגעוואקסען און אלץ פעסטער האט זיך ארגאניזירט די קאטוילישע קירכע. איר ארגאניזאציאנס־פארמע איז געווען א שטרענג צענטראליזירטע, אויף דעם אופן ווי ארמעען זיינען ארגאניזירט. דער פונדאמענט פון דער גאנצער ארגאניזאציע איז געווען די אונטערטעניגקייט פון די נידעריגערע מיטגלידער צו די העכערע, די הויפט מאכט איז געווען קאנצענטרירט אין איין מענשען — אין דעם פאפסט. אזא ארגאניזאציע איז אמבעסטענס צוגעפאסט צו א קאמף. ניט אומזיסט איז זי געשאפען געווארען אין אן אומאויפהערליכען קריג, פריהער אין אן אויסערליכען און שפעטער איבערהויפט אין אן אינערליכען (געגען אפיקורסים).

אין מיטעלאלטער האט די געזעלשאפטליכע ראליע פון דער קירכע געהאלטען אין איין וואקסען אין פארלויף פון פילע יאר־הונדערטער. די לאגע איז געווען אזא, אז די קאטוילישע קירכע איז געווען געצוואונגען צו נעמען אויף זיך די ארגאניזאטארישע טעטיגקייט פאר דער צופרידענשטעלונג פון די באדערפענישען, וועגען וועלכע עס איז אין יענער צייט ניט געווען ווער עס זאל זארגען. אין מיטעל־אלטער האט די קירכע טיילוויז דורכגעפירט די געזעלשאפטליך־עקאנאמישע אויפגאבען, וועלכע זי האט אויף זיך גענומען פריהער, אין דער צייט פון דער רוימישער אימפעריע, און טיילוויז אויך גאנץ נייע, וועלכע דאס לעבען האט געשאפען. דאס אלעס איז געווען מעגליך און נויטיג, טאקע דערפאר ווייל די קירכע איז געווען די גרעסטע און די

# א. באָגדאַנאָוו

ענג־צוזאַמענגעבונדענע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע פון יענער צייט.

ווי אַזוי איז אויסגעוואַקסען אַט דער גרויסער כח פון דער קירכע? די הויפּט אורזאַך איז געווען איר צדקה ארבייט פאַר די אָרעמע, עקאָנאָמיש אונטערדריקטע און אָפּשטאַרבענדע עלעמענטען פון דער באַפעלקערונג. אַט די צדקה האָט געגעבען דער קירכע א געוואַלדיגען איינפלוס אויף די פאָלקס־מאַסען, מיט וועלכען עס האָט זיך געמוזט רעכענען די הערשענדע מאַכט פון דעם רוימישען שטאַט — די ביוראָקראַטיע. — ווען די פראַגע צו דערטרינקען די מאַכט פון קריסטענטום אין טייכען בלוט האָט זיך ניט איינגעגעבען, האָט זיך די אימפּעריע אונטערגעגעבען און אָנגעהויבען זוכען א בונד מיט דער דאָזיגער מעכטיגער אָרגאַניזאַציע. ווען די קירכע איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען פון א פאַרפאָלגטער אין א הערשענדער, האָט זי זעהר שנעל אָנגעהויבען וואַקסען, און אירע אוצרות זיינען אָנגעפילט געוואָרען מיט גרויסע נדבות, וואָס פלעגען קומען פון פאַרשיידענע פאָלקס־שיכטען. די אימפּעראַטאָרס, און שפּעטער די גערמאַנישע קעניגען און הערצאָגען, וועלכע האָבען גוט פאַרשטאַנען דעם נוצען פון א פאַרבינדונג מיט דער קירכע, פלעגען איר געבען א סך ווערטפולע מתנות, צווישען זיי גאַנץ גרויסע שטיקער ערד. דאָס פלעגט געוויינליך זיין פאַר פאַרשיידענע טובות, וואָס די קירכע פלעגט זיי טאָן. די טובות זיינען באַשטאַנען ניט נאָר אין דעם, וואָס די קירכע פלעגט זאָרגען וועגען די אָרעמסטע שיכטען פון דער באַפעלקערונג, נאָר מער אין דעם, וואָס מיט דעם גאַנצען כאַראַקטער פון איר לערע, האָט די קירכע מיטגעהאָלפען אויפצוהאַלטען שלום און אָרדנונג אין דער געזעלשאַפט. שוין אין דער צייט ווען די אימפּעריע איז געפאַלען, האָט שוין די קירכע זיך באַטייליגט אין די פּאָליטישע סכסוכים פון דער צייט, און האָט מיטגעהאָלפען דעם זיג פון די, אויף וועמעס זייט זי האָט זיך געשטעלט. שוין דעמאָלט האָט זי מיט אירע כחות דורכגעפירט א באַדייטענדע צאָל געזעצגעבענדע ארבייטען און אַלגעמיינע מלוכה־ענינים. ווען אבער די באַרבאַרען האָבען פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דער אימפּעריע, איז עס פאַרבליבען פאַר די גלחים איינצופירען אָרדנונג אומעטום. די באַרבאַרען האָבען דאָס בשום אופן אליין ניט גע־

קענט טאָן. זייער פריהערדיגע געשיכטע, וואָס אירע הויפּט כאַראַקטער־שטריכען זיינען געווען צוברעקעלטקייט און שטענדיגע מלחמות, האָט זיי ניט דערצויגען, אַז זיי זאָלען קענען אליין איינפירען אָרדנונג. די גלחים זיינען פון דער אנדערער זייט געווען ערפאַרענע אָרגאַניזאַטאָרען. פאַר זיי איז די ראַליגיע פון א געזעלשאַפטליכען אָרגאַניזאַטאָר געווען א נעוויינליכע זאַך. עס איז דערפאַר פאַרשטענדליך, אַז די אַר־בייט פון געזעצגעבונג און אדמיניסטראַציע זאל איבערגענומען ווע־רען פון די גלחים.

די אָרגאַניזאַטאָרישע ארבייט, מיט וועלכער די קירכע האָט זיך פאַרנומען, האָט איר נאַטירליך פאַרשאַפט א גאַנץ באַדייטענדען חלק אין דער געזעלשאַפטליכער ארבייטס־טיילונג. שוין אין אָנהויב פון מיטעל־אַלטער האָט די קירכע פאַרמאָגט גרויסע רייכטימער, וועלכע זיינען באַשטאַנען איבערהויפּט אין לענדערייען. די קירכע איז גע־ווען דער גרעסטער און רייכסטער פעאָדאַל פון יענער צייט, א פעאָ־דאַל, וועמעס באַזיץ איז געווען פאַרשפּרייט אומעטום, איז אבער גע־ווען פאַראייניגט אונטער צענטראַליזירטער פאַרוואַלטונג. דאָס האָט געשאַפען די מעגליכקייטען פאַר דער וויטערדיגער אנטוויקלונג און אויסברייטונג פון דער אָרגאַניזאַטאָרישער טעטיגקייט פון די גלחים.

די לענדערייען, וואָס די קירכע האָט פאַרמאָגט, האָבען געטראָ־גען פיל מער פּראָדוקטען איידער די קירכע האָט געקענט פאַרברויכען. אונטער דער הערשאַפט פון דער נאַטוראַלער ווירטשאַפט האָט מען יענע איבעריגע פּראָדוקטען ניט געקענט פאַרוואַנדלען אין געלט און דאָס איינשפּאַרען אויף שפּעטער. פאַר דער קאַטוילישער קירכע האָט זיך בעסער געלוינט יענע איבעריגע פּראָדוקטען צו פאַרברויכען אלס צדקה, אלס הילף פאַר די אָרעמע, קראַנקע און אַלטע, ד. ה. אייגענט־ליך פאַרטזעצען נאָך אויף א גרעסערען מאַסשטאַב דאָס, וואָס זי האָט נאָך אָנגעהויבען אין דער צייט פון דער אימפּעריע.

אויסער דעם, האָט די קירכע געמוזט קעמפען מיט דער טיפער עקאָנאָמישער געזונקענקייט פון דער געזעלשאַפט, וואָס איז געקומען אלס רעזולטאַט פון די אומאָרדנונג און אומרוהיגקייט פון דער אי־בערגאַנגס־צייט. אויך אין דעם האָבען זיך די באַרבאַרען אין אָנהויב

# א. באַגדאַנאָוו

ארויסגעוויזען פונקט אזוי אומפעהיג עפעס צו טאָן, ווי פריהער, צו אָרגאַניזירען דעם שטאַט. לויט דער אנטוויקלונג פון זייערע פּראָדוק־טיווע כחות זיינען זיי געשטאַנען פיל נידעריגער ווי די רוימער. די קלויסטערס הויבען אָן צו לערנען די באַרבאַרען ערד־אַרבייט און פאַר־שיידענע מלאכות, זיי ווערען די פאַרשפּרייטער פון טעכנישען ווי־סען, פון דער מאַטעריעלער קולטור.

די אומענדליכע מלחמות אינווענינ, אין דער פעאָדאַלער וועלט, זיינען פאַר דער קירכע געוועזן גאַנץ אומבאַקוועם. שוין ניט רעדענ־דיג פון דעם וואָס די לענדער און אוצרות פון דער קירכע פלעגען אָפט ליידען דירעקט פון די מלחמות, פלעגען די מלחמות צווישען די פעאָדאַלען זיין פאַר דער קירכע שעדליך דערמיט, וואָס זיי פלעגען צו־שטערען דעם וואָלזיין פון דער באַפעלקערונג, און דערמיט אָפּשוואַ־כען דעם קוואַל פון די קירכליכע הכנסות. די קירכע, אלס א ל ג ע־מ י י נ ע אָרגאַניזאַציע פון דער פעאָדאַלער וועלט, האָט זיך בכלל געקענט אויפהויבען איבער דעם ענגען בליק פון דעם פעאָדאַל, און האָט געקענט פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון דער געזעלשאַפטלי־כער אָרדענונג אפילו דאָרט וואו זי איז אליין דעריין ניט געווען די־רעקט פאַראינטערעסירט. די קירכע האָט דעריבער מיט אַלע כחות געזוכט אַמוועניגסטענס אָוועקצושטעלען א געוויסען גרענעץ צו די מלחמות. ניט זעלטען פלעגט זי ארויסטרעטען אלס א פאַרמיטלערין צווישען די צדדים. אָט די ראָליע פלעגט איר אָפט ברענגען דירעקטע מאַטעריעלע נוצען, ווייל איר דינסט אלס שלום מאַכערין פלעגט ניט בלייבען אומבאַצאָלט. אויסער דעם האָט די קירכע באַשטימט גע־וויסע טעג פון „געטליכען פרידען.” הגם יענע טעג פלעגען בכלל גע־רעדט, שלעכט אָפּגעהיט ווערען, פונדעסטוועגען פלעגען זיי אביסעל יאָ אָפּגעהיט ווערען, דאָס פלעגט לאָזען דער באַפעלקערונג זיך כאָטש אבי־סעל אָפּרוהען. זי האָט אויסגעקעמפט א פאַרמאַלע און פּאַקטישע אומבאַרירבאַרקייט פון די קלויסטערס, און קירכליכען אייגענטום. דאָס אַלץ האָט ניט נאָר פאַרקלענערט די שרעקען פון די פעאָדאַלע מלחמות, נאָר דאָס האָט אויך באַשאַפען א געוויסע זיכערקייט פאַר די אויסטויש־באַציהונגען אין דער פעאָדאַלער וועלט. דער קלויסטער

איז געוואָרען דער טויש־צענטער, און „די טעג פון געטליכען פרידען" — האנדעלס־טעג.

די געזעלשאפטליך עקאָנאָמישע ראָליע וואָס די קירכע האָט געשפּילט, האָט איר פאַרשאַפט א געוואַלדיגע מאַכט איבער די מחות פון די פאָלקס־מאַסען. די דאָזיגע מאַכט האָט איר געדינט כדי נאָך מער צו פאַרגרעסערען איר כח און רייכטום. די גלחים האָבען פאַר זייער אייגענעם נוצען איינגעפירט א שטייער אויף ערד־ארבייט — דעם „קירכליכען מעשר", זיי האָבען אָרגאַניזירט א ברייטע סיסטעם פון זאַמלונגען אויף פאַרשיידענע פילאַנטראָפּישע צוועקען, זאַמלונגען וואָס האָבען געהאַלטען אין איין וואַקסען. די נדבות וואָס פלעגען אָפּט אַנטרעפען גאַנץ גרויסע סומען פלעגען אַלע אריינקומען אין די הענט פון די גלחים; די וויכטיגסטע צווישען די דאָזיגע נדבות זיינען געווען די געשענקטע לענדערייען. א דאַנק זיי איז אם ענדע פון מיטעל־אַלטער ניט ווייניגער ווי א דריטעל פון דער גאַנצער ערד, געווען אין די הענט פון די גלחים, און דערצו זיינען דאָס געווען די בעסטע טיילען פון דער ערד.

בלויז די קירכע, פאַרשטאַרקענדיג איר איינפלוס דורך הונדערטער יאָרען טעטיגקייט, איז געווען בכח צו פאַראייניגען די גאַנצע פעאָדאַלע וועלט, פאַר איר קאַמף קעגען אירע אַלגעמיינע שונאים — די מזרח פעלקער (די קרייץ צוגען) אין אַלע פאַלען, ווען עס איז אַנטשטאַנען א נויטווענדיגקייט צו אָרגאַניזירען א קהל'שע טעטיגקייט אין אזעלכע געגענדען, וואו די פעאָדאַלען פלעגען ניט קענען דערגרייכען. אדער וואָס זיינען פאַר די פעאָדאַלען געווען צו אויסערגעוויינליך גרויס, איז ארויסגעטראָטען די קאַטוילישע קירכע — די אַלגעמיינע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון מיטעל־אַלטערליכען אייראָפּע.

דעם עקאָנאָמישען בוי פון דער פעאָדאַלער אייראָפּע דאַרף מען זיך בכלל פאַרשטעלען אזוי: אויפ'ן באָדען פון קליינער טעכנישׁ־שוואַכער ערד־ארבייט, פון וועלכער עס האָבען זיך נאָך ניט אויסגעטיילט די פאַרשיידענע מלאכות, זיינען אַנטשטאַנען קליינע, אָבער גאַנץ ענג פאַרבונדענע, נאַטוראַל ווירטשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס — די קהלות פון די ערד־ארבייטער. אויף די פעלדער פון דער געזעל־

שאפטליכער ארבייט וואו עס איז נויטיג געווען אן איינהייטליכער ארגאניזאטארישער ווילען, איז ארויסגעטראטען די מאכט פון פעאדאל, וועלכער האט אין זיך פאראייניגט די ארגאניזאטארישע ראליע פון דער פראדוקציע אין דער פונאנדערטיילונג. די באדערפעניש פאר א ברייטערער מיליטערישער צוזאמענווירקונג האט באשאפען די קאמפ־ליצירטע אבער שוואכע ארגאניזאציע פון אויבערהערשאפט — דעם שטאט, וואס איז געווען געבויט אויף א באשרענקטער אונטערטע־ניגקייט פון איין פעאדאל צום צווייטען. א גאנצע רייהע אנדערע באדערפענישען, וועלכע האבען ניט געקענט באפרידיגט ווערען פון דער פעאדאלער ארגאניזאציע, א דאנק איר ספעציעלען מיליטערישען כאראקטער און שוואכער ארגאניזאציע, האבען ארויסגערופען די אר־גאניזאטארישע טעטיגקייט פון דער קירכע, ניט בלויז אין דער פרא־דוקציע נאר אויך אין דער פונאנדערטיילונג. גלייכצייטיג האבען געשפילט א נויטווענדיגע ראליע, הגם אומבאמערקט, די אויסטויש־שיכות'ן, מערסטענס נאך דערוויילע אין אנפאנגס־פארמע, אין דער פארמע פון ביטען עפעס מיט א שכן, און אויך טיילוויז אין דער פארמע פון פראדוקטען־אויסטויש צווישען פארשיידענע גרופען און אפילו פארשיידענע לענדער.

## 3) די גרונט־שטריכען פון דער געזעלשאפטליכער פסיכאלאגיע פון פעאדאליזם.

די לאגע פון דעם יחיד האט זיך אין דער פעאדאלער עפאכע וועניג וואס אונטערשיידט פון דער לאגע אין וועלכער ער איז געווען אין דער צייט פון דער פאטריארכאלער משפחה. אין דער פויערשער משפחה זיינען די פאטריארכאלע שיכות'ן פארבליבען אין זייער גאנ־צער ריינקייט. איבער דעם פויערס פערזענליכקייט — דעם הויפט פון דער משפחה, איז געשטאנען די אוטאריטעט פון קהל, ווייטער — די אויטאריטעט פון פעאדאל און אם ענדע — די אויטאריטעט פון דער קאטוילישער קירכע. די מאכט פון די דאזיגע אויטאריטעטען

איז געווען אַן אומגעהויערע, און זייער ווירקונג האָט געהאַט אַ טי־
פּען קאָנסערוואַטיווען כאַראַקטער.

די קהלה איז געווען די אָפּהיטערין פון די מנהגים וואָס זיינען פאַרבליבען פון אַלטע צייטען, פון אַלע אַלטע פאָרמען, טעכנישע, עקאָנאָמישע און אידעאָלאָגישע. יעדע נייע איינפירונג האָט ארויס־גערופען אין איר אַ העפטיגען ווידערשטאַנד, ווייל דאָס האָט געמיינט, דער צוזאַמענברוך פון די אַלטע לעבענס־פונדאַמענטען און פון דער איינהייטליכקייט פון דעם כלל, וועלכע מען האָט אינסטינקטיוו אָפּ־געהיט מיט אַלע כחות. דער גרעסטער קאָנסערוואַטיזם איז דער טעכניק פון דער ערד ארבייט איז פריהער פון אַלץ געווען דער רע־זולטאַט פון דער נידעריגער פּראָדוקטיוויטעט פון דער פויערשער אַר־בייט; זיין גאַנצע ארבייטס־ענערגיע איז ביי אים אוועקגעגאַנגען אויף דער באַפרידיגונג פון זיינע אייגענע נויטיגסטע באַדערפענישען, און צו שאַפען די צאָל פּראָדוקטען וואָס ער האָט געדאַרפט אוועקגעבען דעם פעאָדאַל, קיין איבעריגע ארבייטס־ענערגיע וואָס ער זאָל קענען אוועק־געבען פאַר דער אַנטוויקלונג פון זיינע פּראָדוקציאָנס מעטאָדען, האָט דער פויער ניט געהאַט. ווייטער, די גאַנצע סיסטעם פון דער קהל׳־שער אויסנוצונג פון דער ערד, האָט אפילו ניט דערלאָזען דעם געדאַנק פון טעכנישע פאַרבעסערונגען, די נאָהענטקייט פון די איינצעלנע פעלדער, און די מאָדע צו פאַרוואַנדלען די פעלדער, נאָך דעם ווי די תבואה איז פון זיי אראָפּגענומען געוואָרען אין אַלגעמיינע פּאַשע־פעל־דער, האָט געצוואונגען יעדען איינעם אינגאַנצען נאָכצוטאָן אַלץ וואָס אַלע אַנדערע פלעגען טאָן; די אָפטע איבערטיילונגען פון די פעלדער האָ־בען אוממעגליך געמאַכט פאַר דעם איינצעלנעם פויער צו זאָרגען וועג־גען דער פרוכטבאַרקייט פון אַ באַשטימטער שטיק ערד. די ערד האָט דאָך נאָר געהערט דעם פויער אויף אַ ווײלע. דער קאָנסער־וואַטיזם אין דער טעכניק האָט געמיינט אויך קאָנסערוואַטיזם אין אַלע ספערען פון לעבען, ווייל דער טעכנישער פּראָגרעס איז דער אָנהויב פון יעדען אַנדערען פּראָגרעס.

די אָפּגעניינטקייט, וואָס די ציווילע און רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע פון דער פעאָדאַלער צייט האָט ארויסגעוויזען צו יעדער ענדערונג אין

## א. באָגדאַנאָוו

די אַלטע לעבענס־פֿאָרמען, איז געווען איבערהויפּט דער רעזולטאַט פֿון זייער שרעק, אַז אַזעלכע ענדערונגען קענען שטאַרקער מאַכען די איבעריגע קלאַסען. די ביידע דערמאַנטע אָרגאַניזאַציעס האָבען גע־קענט שפּילען אַ וועלכע עס איז פּראָגרעסיווע ראָליע, בלויז אין דער צייט ווען זייער מאַכט איז נאָך ניט געווען שטאַרק גענוג באַפֿעס־טיגט; ביז יענער צייט האָט די פּסיכאָלאָגיע פֿון ביידע גרופּען גע־קענט זיין ניט גאַנץ קאָנסערוואַטיוו. פֿון דער צייט אָן אָבער, ווען די פֿעאָדאַלע אָרדנונג האָט זיך שטאַרק באַפֿעסטיגט, און האָט גע־געבען דעם לעבען אַלץ וואָס זי האָט געקענט, פֿון יענער צייט אָן, ווערען די הערשענדע גרופּען, אין איינקלאַנג מיט זייערע אייגענע אינטערעסען, די שטאַרקסטע געגנער פֿון יעדער ווייטערער אַנטוויק־לונג.

דער פּויער פֿון יענער צייט, טראָגענדיג אויף זיך די שווערע לאַסט פֿון די לעבענס־באַדינגונגען, ווערענדיג שיעור דערשטיקט אונ־טער די פֿאַרשיידענע מאַכטען, האָט זיך אויסגעצייכענט מיט דער אומבאַוועגליכקייט פֿון זיין גייסט און בלינדער אונטערטעניגקייט צו אַלץ וואָס איז געוואָרען אַ מנהג. די פּסיכאָלאָגיע פֿון די פּויערים איז געווען אַ שטאַרקע שטערונג פֿאַר דער ווייטערער אַנטוויקלונג.

אין אַן עטוואָס בעסערען צושטאַנד האָט זיך געפֿונען דער בעל מלאכה. אין זיין פּראָדוקטיווער טעטיגקייט איז ער געווען פֿריי פֿון די געזעלשאַפֿטליכע פֿאָרמען, און די מלאכות זיינען ניט געווען אַזוינע שטערונגען פֿאַר׳ן פּראָגרעס ווי אין דער ערד אַרבייט. פֿאַרנעמענדיג, אַ דאַנק זיין אַרבייט, אַ באַזונדערען אָרט אין דער געזעלשאַפֿט, האָט דער בעל־מלאכה געקענט מיט גאַנץ ווייניג אָנשטרענגונג ענדערען זיינע אַרבייטס מעטאָדען, און אפילו די פֿעאָדאַלע הערשער פֿלעגען זיך געגען דעם ניט שטעלען, ווייל דער בעל־מלאכה פֿלעגט בכלל ווייני־גער האָבען צו טאָן מיט׳ן פֿעאָדאַל ווי דער ערד אַרבייטער. אויסער דעם פֿלעגט די קונסט פֿון דעם בעל־מלאכה בכלל, דערמוטיגט ווערען פֿון די העכערע קלאַסען, ווייל וואָס מער קינסטלער דער בעל־מלאכה איז, אַלץ בעסערע און פֿאָלקאָמענערע פּראָדוקטען האָט ער געקענט שאַפֿען פֿאַר זיינע באַלעבאַטים. אַ דאַנק אָט די אומשטאַנדען, איז

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

די פּסיכיק פון די בעלי מלאכות געווען מער צוגעפּאסט פאר דער ווייטערער אנטוויקלונג ווי די פּסיכיק פון דעם פּויער.

דער אלגעמיינער טיפּ פון דער וועלט אנשויאונג פון יענער צייט האט אין זיך א סך, וואס איז גאנץ ענליך צו דער צייט פון דער פּאטרי־ארכאלער משפּחה, און קען צוריקגעפירט ווערען צו אן עטוואס פארענדערטער פאָרמע פון פעטישיזם. די דערקענטעניש פון אור־זאכען שטעלט זיך אויך דאָ אָפּ אויף עפּעס „א געהיימער קראפט“ וואס איז באהאלטען ערגעץ הינטער די רעאלע זאכען.

די דאזיגע פאָרמען פון דענקען האבען געהערשט, צוזאמען מיט נאך עלטערע, איבערגעבליבענע פאָרמען, ביי אלע געזעלשאפטליכע קלאסען. די קאטוילישע פיל־געטהייט וואס איז אויפגעבויט געווארען לויט'ן פעאדאלען טיפּ, האט מיט זיך פארפאלקאמט די וועלט אנשוי־אונג פון יענער צייט. „אפּיקורסות“ איז אנטשטאנען בלויז אויף וויפיל עס זיינען שוין אין לעבען אריינגעטראטען די עלעמענטען פון א נייער ארדנונג.

אויך דאָ איז דער בעל־מלאכה לויט זיין פּסיכיק העכער פון דעם פּויער. זיין באשעפטיגונג צווינגט אים אפּט ארויסצוגעהן אויסער די גרענעצען פון זיין דאָרף, בפרט, ווען ער ארבייט ניט פאר איינעם נאר פאר מער דערפער, אדער ווען ער נויטיגט זיך אין מאטעריאלען און געצייג וועלכע מען קען ניט באקומען אין דעם דאָרף וואו ער וואוינט. בכלל, איז ער ווייניגער צוגעבונדען צו דער ערד, און געהט לייכטער איבער פון פּלאץ צו פּלאץ; פון א קלענערער קהלה צו א גרעסערער. ווייל אין דער גרעסערער קהלה איז מערסטענס דאָ א גרעסערע נאכפראגע אויף זיין ארבייט. א דאנק די אויסגערעכענטע אורזאכען איז זיין פּסיכיק ניט אזוי באגרענעצט ווי די פּסיכיק פון דעם פּויער.

די פעאדאלען, די ציווילע אזוי גוט ווי קירכליכע האבען זיך געפונען אין א פיל גינסטיגערער לאגע. זייער לעבען איז געווען ברייטער און פארשיידענארטיגער, דער מאטעריאל פאר זייער דענ־קען איז קוואנטיטאטיוו געווען א פיל גרעסערער. די ציווילע פעא־דאלען פלעגען, מערסטענס צוליב דער באגרענעצטקייט פון זייערע

## א. באַגדאַנאָוו

לעבענס־אינטערעסען, און זייער אינטעליגענץ שטעהן פיל נידעריגער ווי די קירכליכע. מען קען זאָגען, אז אין פארלויף פון עטליכע יאָר־הונדערטער, ווען די אנטוויקלונג פון דער פעאָדאלער ארדנונג איז אנגעגאנגען, איז דער גאַנצער גייסטיגער לעבען געווען קאָנצענטרירט ביי די גלחים. בלויז פון זיי איז ארויסגעקומען יעדע בילדונגס־טעטיגקייט. די גלחים האבען זיך געגויטיגט אין וויסען און גייסטיגער אנטוויקלונג פאר דער קאָמפּליצירטער אָרגאניזאטארישער טעטיגקייט. וואָס זיי האָבען אויף זיך גענומען. דאָס דערקלערט אויך וואָרום זיי זיינען פארבליבען די היטער פון דער איבערבלייבעכץ, פון דער אַל־טער קולטור. פאר די גלחים פון יענער צייט איז וויכטיג געווען פריהער פון אלץ ניט די וויסענשאַפט, נאָר די תורה וועלכע האט פאר דער קירכע געוואונען די סימפּאַטיע פון די ברייטע מאַסען, וועלכע האָט געקענט אידעאל פאַראייניגען די קירכע. די וויסענשאפט איז געווען די נאַטירליכע דינסט פון דער רעליגיע, א פשוט׳ער מיטעל פאר דער קירכע צו דערגרייכען אירע צילען. אזוי האָבען אויף דעם געקוקט ניט נאָר די גלחים, נאָר אויך די גאַנצע געזעלשאַפט, פאר וועמען די גוטע און נוצליכע ארביים פון דער קירכע איז געווען דער בעסטער באַווייז אז איר תורה איז אמת.

אויב אָבער עס איז שוין פאראן אן אבסאָלוטער אמת, האָט דאָך קיין זין ניט צו שטרעבען צו נייע אמת׳ן; עס פאָדערט זיך בלויז אן אנשטרענגונג וואָס פאַלקאָמענער אריינצודרינגען אין יענעם אמת. די פעאָדאַלע וועלט שטרעבט טאַקי גאר ניט צו דערגרייכען נייע אמת׳ן, צו דער אויפקלערונג פון די נאַטירליכע ערשיינונגען, דאָס האַלט זי פאר גאָרניט וויכטיג. דערפאַר אָבער בליהט דאן אויף די פאָרמאַלע לאָגיק, ווייל זי איז די פּאָזיטיווע מעטאָדע, דורך וועלכער מען קען אמבעסטען ארייננדרינגען אין דעם אמת, וועלכער איז אין זיין אל־געמיינער פאָרמע שוין געגעבען געוואָרען, און וועלכען מען דאַרף בלויז אנטוויקלען. דערמיט דערקלערען זיך די אומענדליכע סכאָלאַס־טישע וכוחים פון די געלערנטע מאַנאַכען, און בכלל פון אלע פאר־שטעהער פון דער וויסענשאַפט פון יענער צייט; דאָס דערקלערט אונז אויך די אייגענאַרטיגע ערציהונגס־פּראָגראַם פון דער קירכע, א פּראָג־

דאָס וועלכע קען צוריקגעפירט ווערען בלויז צו גאָט־פּאַרכטיגקייט, פאַרמאַלע לאָגיק און קירכליכען לאַטיין; דאָס דערקלערט אונז אויך, די אויסערגעוויינליכע באַדייטונג וואָס עס האָט אין יענער צייט גע־האַט דער באַשאַפער פון דער פאָרמאַלער לאָגיק — אריסטאָטעל, וועל־כען מען האָט געשטעלט אין איין רייהע מיט די אבות פון דער קירכע.

דער געדאַנק האָט זיך פרייוויליג און אין אלץ אונטערוואָרפען אונטער דער אויטאָריטעט. אויב עס איז ערגעץ געשאַפען געוואָרען א באַדען פאַר'ן קריטישען געדאַנק, און עס איז אנטשטאַנען א באַווע־גונג ארויסצורייסען זיך פון די ענגע ראַמקעס פון דער קאַטוילישער דאָגמע, האָט זיך די גאַנצע געזעלשאַפט אויפגעשטעלט געגען דער „אפּיקורסות" און איר אונטערדריקט.

מאַכענדיג דעם סך הכל, מוז מען זאָגען אז די פּסיכאָלאָגיע פון דער פעאָדאַלער צייט האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט ערשטענס, א זעהר אָרעמען מאַטעריאַל פאַר דער ווייטערער אנטוויקלונג, צווייטענס, א ריין סטיכישע שטערונג אין דער פאָרמע פון דער הערשאַפט פון מ נ ה ג, און דריטענס, די געגנערשאַפט פון די קאָנסער־וואַטיווע אינטערעסען פון די הערשענדע קלאַסען. אונטער אזוינע אומשטאַנדען, האָט די אנטוויקלונג געקענט אָנגעהן בלויז מיט דער נאַטור, פון זיך אליין, על כן זעהר לאַנגזאַם.

### 4) די אנטוויקלונגס־כחות און זייער ריכטונג אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט.

דער קאָנסערוואַטיזם פון דער פּסיכאָלאָגיע אין דער פעאָדאַלער צייט, איז ענליך צו דעם קאָנסערוואַטיזם פון דער פרימיטיווער משפחה, ער איז אָבער שוואַכער און וועניגער באַשטענדיג. ער האָט געקענט אָפּטרעטען זיין פּלאַץ פאַר דער אנטוויקלונג בלויז אונטער'ן דרוק פון נאַטירליכע כחות. אזא כח איז געווען די אבסאָלוטע איבער־באַפעלקערונג ד.ה. דאָס אויספעלען פון לעבענס־מיטלען פאַר דער

# א. באַגדאַנאָוו

אויסגעוואַקסענער באַפעלקערונג, דורך דעם וואָס די פּראָדוקציאָנס־מעטאָדען האָבען זיך ניט געענדערט.

פריהער פון אַלץ האָט זיך די אַבסאָלוטע איבערבאַפעלקערונג אויסגעדריקט אין די אומצאָליגע מלחמות פון דער פעאָדאַלער צייט. ווי עס איז שוין דערקלערט געוואָרען זיינען דורך יענע מלחמות די פרייע קהלות פון ערד־אַרבייטער פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין פעאָדאַלע גרו־פּען, און האָבען געשאַפען די פעאָדאַלע געזעלשאַפט.

יעדענפאַלס, זיינען די אינערליכע מלחמות בשום אופן ניט גע־ווען דער בעסטער מיטעל פאַר דער פעאָדאַלער וועלט פּטור צו ווערען פון דער איבערבאַפעלקערונג, ווייל צושטערענדיג די פּראָדוקטיווע כחות פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט האָבען זיי דערמיט גופא גע־שאַפען אַן איבערבאַפעלקערונג, אויב ניט צווישען די זיגער, איז צווי־שען די באַזיגטע. דעריבער, אַזוי גיך ווי די פעאָדאַלע וועלט האָט זיך נאָר פאַראייניגט אין דער קאַטוילישער קירכע, האָבען זיך אָנגע־הויבען אַ רייהע אויסערליכע מלחמות, מלחמות פון קאַטאָליקען געגען ניט קאַטאָליקען. די „מסעי הצלב" זיינען געווען אַ שטרעבונג אויס־צוברייטערען די טעריטאָריע פון דער פעאָדאַלער וועלט, און דערמיט אָפּשאַפען דעם ערד־דוחק, און די דאַרפישע איבערבאַפעלקערונג. אויף דער ערד־אַבערטער ערד זיינען אַנטשטאַנען פעאָדאַלע קעניגרייכען.

גלייכצייטיג איז פאָרגעקומען, הגם זעהר לאַנגזאַם, אַ טעכנישער פּראָגרעס. אין דער ערד־אַרבייט איז אָט דער פּראָגרעס, ביז דער ענדע פון מיטעל־אַלטער געווען כמעט אומבאַמערקבאַר, די געזעלשאַפט־ליכע פּסיכאָלאָגיע איז דאָ געווען אַ צו שטאַרקע שטערונג פאַר דער אַנטוויקלונג. גאַנץ אַנדערש איז עס אָבער געווען מיט די אינדוסט־ריעלע אַרבייטען וואו די באַדינגונגען פאַר אַנטוויקלונג זיינען געווען פיל גינסטיגער. דאָרט איז דער פּראָגרעס געגאַנגען פיל שנעלער, עס האָבען זיך אויסגעאַרבייט בעסערע, טעכנישע אַרבייטס־מעטאָ־דען, וועלכע זיינען נאָר מעגליך געווען אונטער די אומשטאַנדען. די האַנט־ווערק האָט זיך ביסלעכווייז אָפּגעטיילט פון דער ערד־אַרבייט און האָט זיך ספּעציאַליזירט, און אויך אָט דעם אופן איז די געזעל־שאַפטליכע צוטיילונג פון דער אַרבייט פאַרשטאַרקט געוואָרען, און אַלס

רעזולטאט דערפון איז אויך פארשטארקט געווארען דער אויסטויש. דער בעל־מלאכה האט אלעמאל געשטרעבט צו געפינען זיך וואס נע־הענטער צום פלאץ וואו עס איז דא אן אנפראגע אויף זיין ארבייט, ביסלעכווייז ציהען זיך דערפאר די בעלי מלאכות איבער פון די דער־פער אין די שטעט, וועלכע אנטוויקלען זיך אין צענטרען פון אויסטויש. דאס האט געבראכט זעהר וויכטיגע עקאנאמישע ענדערונגען וועגען וועלכע מיר וועלען רעדען שפעטער.

מאכענדיג א קורצען סך הכל פון דער אלגעמיינער ריכטונג אין וועלכער די ענדערונגען פון דעם פעאדאלען לעבען זיינען געגאנגען דארף מען זאגען, אז די אבסאלוטע איבערבאפעלקערונג, ווירקענדיג אויף צוויי באזונדערע אופנים, האט געפירט די מיטעל־אלטערליכע וועלט צו איין ציל — צו דער אנטוויקלונג פון דער אומארגאניזירטער צוטיילונג פון דער ארבייט, וועלכע איז אויסגעדריקט געווארען אין דעם אויסטויש.

אפילו די אינערליכע מלחמות פון דער פעאדאלער געזעלשאפט האבען געפירט צו דעם וואוקס פון געגענזייטיגע באציהונגען, און פאלגליך צו פראדוקציאנס און אויסטויש פארבינדונגען צווישען בא־זונדערע גרופען. דאס זעלבע קען אויך געזאגט ווערען וועגען די אוי־סערליכע מלחמות. די באקאנטשאפט מיט די אראבער, נאכער מיט די סאראצינער און טערקען, מיט די קולטור פעלקער פון מזרח און מיט דער ביזאנטישער אימפעריע, וואס איז געקומען אלס רעזולטאט פון די קרייץ־צוגען — האט געגעבען א מעכטיגען אנשטויס פאר דער געזעלשאפטליכער צוטיילונג פון דער ארבייט, ערשטענס, דורך דעם וואס דער קרייז פון אויסטויש פארבינדונגען איז באדייטענד אויס־געברייטערט געווארען, און צווייטענס, אומדירעקט, דורך דעם וואס די אייראפעער האבען איבערגענומען מאנכע נייע טעכנישע מיטלען און אויסבעסערונגען פון זייערע נייע באקאנטע. דאס האט אין יענער צייט געפירט צו א גרעסערען פראגרעס פון אויסטויש, ווייל א בעסערע טעכניק מאכט אומבאדינגט נויטיג א גרעסערע ארבייטס־צוטיילונג און ספעציאליזאציע.

אזוי צ.ב.ש. האבען זיי פון די אראבער איבערגענומען פיל אויס־

# א. באָגדאַנאָוו

בעסערונגען אין די מעטאָדען פון ערד־ארבייט, פיה־צוכט און פלאַנ־צונגען. אויסער דעם האָבען זיי דאָרט פיל געלערענט אין דער אינ־זשיניערען־קונסט, האָבען געקראָגען וויכטיגע ידיעות אין טעכנישער כעמיע, אין דער טעכניק פון ים־רייזען א. אז. וו.

די אנטוויקלונג פון דער ארבייטס־טעכניק, זייענדיג פארבונדען מיט דער צושיידונג צווישען אינדוסטריעלער ארבייט און ערד־ארבייט און מיט אינדוסטריעלער ספּעציאליזאציע, ברענגט די אנטוויקלונג פון אויסטויש. שוין דערפאר אליין וואָס קיין בעל־מלאכה קען ניט לעבען בלויז מיט די פּראָדוקטען וועלכע ער אליין שאפט, ווייל ער פּראָדוצירט פיל מער פּראָדוקטען ווי ער אליין קען פארברויכען, מוז ער זיי אויסבייטען אויף אנדערע, אדער פארקויפען פאר געלט, כדי פאר זיך צו קויפען די זאכען אין וועלכע ער נויטיגט זיך.

די נאַטירליכע ווירטשאפט פון דער פעאָדאלער וועלט איז אזוי ביסלעכווייז אריבער אין א טויש־ווירטשאפט.

---

די פעאָדאלע באציהונגען האָבען זיך אנטוויקעלט אין מערב אייראָפּע פארהעלטענסמעסיג פון פינפטען ביז׳ן ניינטען יאָרהונדערט. פון דער ענדע פון דער רוימישער אימפּעריע ביז דער צופאַלונג פון דער אימפּעריע פון קארל דעם גרויסען. די הויפּט בליהונגס־צייט פון דער פעאָדאלער סיסטעם זיינען דער צענטער און עלפטער יאָרהונדערט, נאָכדעם הויבט זיך אָן איר אונטערגאנג, און עס קומט אָן די טויש־ווירטשאפט.

## אן אלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון די נאַטוראלע־ווירטשאַפט־ליכע געזעלשאַפטען פון דער פארגאנגענהייט.

1) די נאַטור־ווירטשאפטליכע געזעלשאפטען פון דער פארגאַנ־גענהייט צייכענען זיך אויס, אויף דעם פעלד פון זייער פּראָדוקציאָנס־טעכניק מיט דער גרעסערער מאַכט פון דער אויסערליכער נאַטור אי־

בער די מענשען, און מיט דער אומבאַדייטענדער מאַכט פון מענשען איבער דער אויסערליכער נאַטור. דאָס איז בפרט אמת בנוגע די פרימיטיווע קאָמוניסטישע געזעלשאַפטען, און עטוואָס וועניגער — בנוגע דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט.

2) אין זייערע פּראָדוקציאָנס־באַציהונגען צייכענען זיך אָט די געזעלשאַפטען אויס ערשטענס, מיט זייער ענגקייט און צווייטענס דורך דעם אָרגאַניזירטען כאַראַקטער פון זייערע פּראָדוקציאָנס־פאַר־בינדונגען. שוין פון די גאָר אַלטע צייטען האָבען אין זיי פונדעסט־וועגען עקזיסטירט אויך ניט אָרגאַניזירטע פּראָדוקציאָנס־באַציהונגען, וועלכע האָבען געשאַפען געוויסע פאַרבינדונגען צווישען די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס. די פרימיטיווע געזעלשאַפט איז געווען אַן ענגע אָר־גאַניזאַציע פון עטליכע צענדליג מענשען, וואָס איז געווען כמעט אָפּ־געשלאָסען אין זיך; קיין ניט־אָרגאַניזירטע אויסטויש פאַרבינדונגען זיינען אין איהר כמעט ניט געווען. די פעאָדאַלע געזעלשאַפט איז שוין ניט אַזוי ענג און נעמט אין זיך אריין פיל הונדערטער און טויזענטער מענשען, און אָפט אפילו מיליאָנען, וועלכע זיינען פאַראייניגט ניט בלויז דורך אָרגאַניזירטע, נאָר אויך אָפט דורך די ניט־אָרגאַניזירטע פאַרבינדונגען אין זייער קאַמף פאַר'ן לעבען.

3) דאָס כאַראַקטעריסטישסטע אין זייער פאַרטיילונגס־סיסטעם איז די הערשאַפט פון דער אָרגאַניזירטער פונאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטען, און דאָס וואָס עס זיינען ניטאָ קיין שאַרפע היפוכים צווי־שען אָרעם און רייך. בפרט איז דאָס טיפּיש פאַר דער פרימיטיווער געזעלשאַפט, די פעאָדאַלע שטעהט שוין אויפ'ן גרעניץ פון די נייע לעבענס־פאָרמען.

4) די געזעלשאַפטליכע פּסיכאָלאָגיע פון די נאַטוראַלע געזעל־שאַפטען צייכענט זיך אויס מיט זייער נאַטירליכען קאָנסערוואַטיזם, מיט דער הערשאַפט פון מנהג און מיט דער אָרעמקייט פון זייערע אידעען־מאַטעריאַל. עס וואָלט כמעט זיין ריכטיג צו זאָגען, אַז די פרימיטיווע געזעלשאַפט האָט קיין וועלט אַנשויאונג לחלוטין ניט גע־האַט. די צוויי שפּעטערע געזעלשאַפטליכע פאָרמען קענען באַצייכענט

ווערען אלס נאַטוראַל־פּעטישיסטישע. דאָס איז די אפּשפּיגלונג פון דער מאַכט פון דער נאַטור איבער דער געזעלשאַפט. דאָס איז שוין אָבער אַ מאַכט וואָס וואַקעלט זיך, און איז שוין ניט אַזוי שטרענג.

5) אין איינקלאַנג מיט דעם כאַראַקטער פון זייער געזעלשאַפט־ליכער פּסיכאָלאָגיע, זיינען די אַנטוויקלונגס־כחות אין יענע געזעל־שאַפטען ניט באַוואוסטזיניגע. די אַבסאָלוטע איבערבאַפּעלקערונג טרעט דאַ אַרויס אלס הויפּט־באַוועגענדע קראַפט פון דער געזעלשאַפט־ליכער אַנטוויקלונג.

## זעקסטער קאפיטעל

# די קליין בירגערליכע געזעלשאפט.

### 1) די באציהונגען פון דער געזעלשאפט צו דער נאטור.

די פעאדאלע געזעלשאפט האט אירע פראדוקטיווע כחות אנט־וויקעלט פיל שנעלער איידער די פרימיטיווע. דערפאר טאקע האט זי געדויערט פיל ווייניגער. די פארוואנדלונג פון דער פעאדאלער גע־זעלשאפט אין א קליין בירגערליכער האט זיך אנגעהויבען כמעט פון איר אנטשטעהונג. די הויפט אורזאכען פון דער דאזיגער פארוואנד־לונג זיינען געווען די פאלגענדע ענדערונגען אין דעם קאמף פון דער געזעלשאפט מיט דער אויסערליכער נאטור.

דער אלגעמיינער סכום פון דער פראדוקציע איז פילפאך אויס־געוואקסען. ערשטענס איז די ארבייט גופא געווארען א סך פראדוק־טיווער, צווייטענס, האט זיך באדייטענד פארגרעסערט דער סכום פון די ארבייטס־כחות, ווייל די געזעלשאפט, איז אויסגעוואקסען. א דאנק דער פארשיידענארטיגקייט פון די פראדוקטען האט זיך שטארק אנט־וויקעלט דער סארט ארבייט, וואס פארנעמט זיך מיט אריבערפירען פראדוקטען פון איין פלאץ אויף א צווייטען, די טראנספארטאציע. אן אלע גרעסערע צאל פראדוקטען פלעגען פארברויכט ווערען ניט אויף די פלעצער וואו זיי פלעגען געשאפען ווערען. עס האט זיך אויסגע־טיילט א גאנצער באזונדערער קלאס מענשען וואס האט זיך פארנומען מיט אריבערפירען די פראדוקטען פון איין פלאץ אויף א צווייטען: דער קלאס פון סוחרים. די טעכניק גופא פון דער אריבערפירונג און צוזאמען דערמיט אויך פון די פארבינדונגען צווישען די מענשען, האט זיך פיל פארבעסערט; עס זיינען געשאפען געווארען וועגען, עס זיי־נען געבויט געווארען בריקען, עס זיינען געשאפען געווארען שטאר־קערע און גרעסערע שיפען, וואס זיינען געווען צוגעפאסט פאר ווייטע

## א. באָגדאַנאָוו

ים רייזעס. די מיליטערישע קראַפט איז אנגעוועגדעט געווארען צו באשיצען די רייזענדע און די קאָמערציעלע זאמעל־פונקטען.

מיט׳ן וואוקס פון דער גרוים און פארשיידענארטיגקייט פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציע, מיט דער אנטוויקלונג פון דעם טראַנס־פּאָרט, און פון די פאַרבינדונגען צווישען מענשען פון פארשיידענע פעלצער, איז שוואכער געוואָרען די מאכט פון דער נאטור איבער דעם געזעלשאפטליכען מענשען. די מאטעריעלע סביבה פון דעם געזעל־שאפטליכען מענשען האָט אויפגעהערט צו זיין אינגאנצען אָפּהענגיג פון די נאטור באדינגונגען פון איין באשטימטען אָרט. אויב די נאַ־טור באדינגונגען האָבען אין א געוויסען אָרט ניט געגעבען דעם מענש נענוג מיטלען איר צו באזיגען, האָט ער דאָס געקענט, מיט דער הילף פון אנדערע מענשען געפינען אין א צווייטען אָרט. יעדע נייע ערא־בערונג אין דעם קאמף מיט דער נאטור האָט זיך פאַרשפּרייט אין דער געזעלשאפט פיל ברייטער ווי פריהער און האָט אלץ מער אונטערגע־גראָבען די הערשאַפט פון די נאַטירליכע כחות פון דער אויסערער וועלט, אומעטום וואו עס האָבען זיך נאָר פאַרשפּרייט די געזעלשאַפט־ליך־עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען צווישען מענשען. די הארטע מאַכט פון דער נאַטור האָט געמוזט אָפּטרעטען פאַר דער וואַקסענדער גע־זעלשאַפטליכער איינהייט, וועלכע איז פונדעסטוועגען נאָך קיין זעהר ענגע דאַן ניט געווען.

### 2) די פּראָדוקציאָנס און פונאַנדערטיילונגס באַציהונגען אין דער קליין־בירגערליכער געזעלשאַפט.

#### א) די ניט־אָרגאַניזירטע פאַרבינדונגען צווישען די ווירטשאַפטען.

היות ווי די קליין־בירגערליכע אויסטויש־געזעלשאַפט כאַראַקטע־ריזירט זיך דורך אומאָרגאַניזירטע פאַרבינדונגען צווישען די באזונ־דערע ווירטשאַפטען איז, ווען מיר שטודירען איר געבוי, אמבעסטען אָנצוהויבען פון די דאָזיגע פאַרבינדונגען.

# פאָליטישע עקאָנאָמיע

ווי עס איז שוין פריהער געזאָגט געוואָרען, האָט פון גאַנץ אַלטע צייטען עקזיסטירט אויסטויש צווישען באַזונדערע ווירטשאַפטען. די הערשענדע ראָליע אָבער האָט אין יענער צייט געהערט ניט צו דעם אויסטויש, ער האָט ארומגעכאַפּט בלויז אַן אומבאַדייטענדען טייל פון דער פּראָדוקציע, איבערהויפּט די איבעריגע פּראָדוקטען, די וויכטיגסטע טיילען אָבער פון דער פּראָדוקציע, די פּראָדוקטען, וואָס זיינען דורכאויס נויטיג פאַר'ן לעבען, זיינען געווען אָרגאַניזירט כמעט אויסשליסליך אין די גרענעצען פון יעדער גרופּע באַזונדער. די גרופּע האָט געקענט פאָרטזעצען איר עקזיסטענץ אפילו אין דעם פאַל, ווען אַלע אירע אויסטויש־באַציהונגען מיט אַנדערע גרופּען זאָלען אינגאַנצען איבערגעריסען ווערען. זי האָט פאַרמאָגט ווירקליכע אומאָפּהענגיגקייט. יעדע גרופּע איז דערפאַר פאַר זיך אַליין באמת געווען אַ „געזעלשאַפט“.

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטליכער צוטיילונג פון דער אַרבייט, הויבט די גרופּע אָן פאַרלירען איר אומאָפּהענגיגקייט. אין דעם פעלד פון אויסטויש ווערען אַלץ מער אַריינגעצויגען, אויסער די איבעריגע פּראָדוקטען, אויך די סאַמע נויטיגסטע, די גרופּע הערט אויף ביסלעכווייז צו פּראָדוצירען אַלץ פאַר איר אייגענעם געברויך און הויבט אָן צו באַפרידיגען אפילו אירע נויטיגסטע באַדערפעניסען דורכ'ן אויסטויש. די באַזונדערע ווירטשאַפטען הערען אויף ביסלעכווייז צו פּראָדוצירען בלויז פאַר זיך אַליין. דער בעל מלאכה, אָפּריי־סענדיג זיינע פאַרבינדונגען מיט דער ערד־אַרבייט, קען בלויז דעם אומבאַדייטענדסטען טייל פון זיינע פּראָדוקטען פאַרברויכען אַליין, אָדער מיט זיין משפּחה; דער שוסטער צ. ב. ש. קען פאַרברויכען בלויז איין הונדערט־חלק פון זיינע פּראָדוקטען, און דער זייד־וועבער — בכלל גאָר ניט. פּונקט אַזוי הויבט אָן די פעאָדאַלע געזעלשאַפט צו פאַרברויכען אַלץ ווייניגער פון דעם ברויט, פלייש א. אז. וו., וועלכע ווערען ביי איר פּראָדוצירט.

אויף דעם אופן וואַקסט אויס די מאַטעריעלע אָפּהענגיגקייט פון יעדער באַזונדערער ווירטשאַפט אָן אַלע אַנדערע. פאַרמאַל איז זי אָבער אומאָפּהענגיג, אירע אינערליכע אַנגעלעגענהייטען ווערען

## א. באַגדאַנאָוו

אָרגאַניזירט דורך איר באַזונדערע ווילען, און אירע אויסערליכע אַנגעלעגענהייטען זיינען ניט אָרגאַניזירט. דאָס איז דער געבוי פון יעדער געזעלשאַפט, וואָס איז באַגרינדעט אויפ'ן אויסטויש, און פריהער פון אַלץ איז דאָס ריכטיג בנוגע דער קליין־בירגערליכער געזעלשאַפט.

פון קיין ריינעם, פאַרענדיגטען טיפּ פון דער קליין־בירגערליכער געזעלשאַפט ווייס די געשיכטע ניט, ווי זי ווייס בכלל ניט פון קיין פאַלקאָם איינגענאַרטיגער סיסטעם פון באַציהונגען. יעדע געזעלשאַפט שליסט אין זיך איין אויסער אירע גרונט־עלעמענטען אויך איבערבליי־בעכצען פון אַמאָל, און קערנער פון דער צוקונפט. זיי אַלע זיינען צווישען זיך ענג פאַרבונדען. בפרט איז דאָס ריכטיג בנוגע דער קליין־בירגערליכער געזעלשאַפט. זי האָט געדויערט זעהר ווייניג און איז די איבערגאַנגס־שטופע פון דער פעאָדאַלער צו דער קאַפּיטאַליסטי־שער געזעלשאַפט. דערפאַר זיינען מאַנכע שטריכען וועלכע זי האָט געזוכט צו אַנטוויקלען, ערשט גענוג קלאָר ארויסגעקומען אין דער קומענדער אַנטוויקלונגס שטופע, ווייל דאַן ווערען אָט די שטריכען קאָמפּליצירט, פאַרפלאָנטערט און פאַרענדערט אונטער'ן דרוק פון נייע איינפלוסען, דאַרפען זיי צוליב דער איינפאַכקייט פון אַנאַליז אויסגע־פאָרשט ווערען אין פאַרבינדונג מיט דער עקאָנאָמיק פון דער קליין־בירגערליכער געזעלשאַפט. אונז וועט דערפאַר, אין מאַנכע פאַלען אויסקומען זיך אריינצולאָזען אין זעהר אַבסטראַקטע אידעאַליזירטע שילדערונגען פון די געזעלשאַפטליכע שיכות'ן פון דער קליין־בירגער־ליכער געזעלשאַפט, כדי פון זיי קענען שטופּענווייז איבערגעהן צו דער היסטאָרישער ווירקליכקייט ווי זי איז באמת געווען.

אין א געזעלשאַפט וואָס איז געבויט אויפ'ן אויסטויש, איז די פּראָדוקציע צוטיילט צווישען אסך ווירטשאַפטען, און עס איז אין איר ניטאָ קיין איינהייטליכער ווילען, וואָס זאָל צוועקמעסיג איינטיילען די אַרבייט פון די פאַרשיידענע פּראָדוקציאָנס־צווייגען. די פאַרבינדונג צווישען די באַזונדערע ווירטשאַפטען ווערט אויסגעדריקט אין דעם, וואָס די פּראָדוקטען און פּראָדוקציאָנס־מיטלען געהען איבער פון איין ווירטשאַפט צו א צווייטער, דער דאָזיגער איבערגאַנג קומט פאָר דורך

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

דעם אויסטויש, ד. ה. דורך דער **אומאָרגאַניזירטער צוטיילונג פון די** געזעלשאַפטליך־נוצליכע פּראָדוקטען.

בלויז ביי אַן אָרגאַניזירטער פּראָדוקציע איז מעגליך אַ פּאָלקאָם צילבאַוואוסטע ארבייטס־טיילונג. בלויז ווען די פּראָדוקציע איז גוט אָרגאַניזירט, קען די ארבייט באמת באפרידיגען די באַדערפעניסען פון דער געזעלשאַפט. נאָר דעמאָלט ווען עס זיינען גוט באַקאַנט די באַדערפענישען פון דער געזעלשאַפט און אירע ארבייטס־כחות, וועלכע זי קען אויסברענגען אויף זייער צופרידענשטעלונג, קען דער אָרגאַני־זאַטאָרישער ווילען איינטיילען די ארבייט אין איינקלאַנג מיט די באַ־דערפענישען. אין אַ טויש־געזעלשאַפט ווערען די באַדערפענישען פון יעדער ווירטשאַפט באַפרידיגט פון דער ארבייט, וואָס איז דורך איר אָרגאַניזירט געוואָרען, און איר אָרגאַניזירטע ארבייט געהט אויף צו־פרידענצושטעלען די באַדערפענישען פון עפּעס אַן אַנדער ווירט־שאַפט, וועלכע האָט אויך ניט קיין דירעקטען איינפלוס אויף דער אָרגאַניזירונג פון דער ארבייט.

בלויז אויף די ערשטע שטופען פון דער טויש־געזעלשאַפט, ווען די ארבייט ווערט געמאַכט נאָר אויף באַשטעלונג, האָט דער פּראָדו־צענט אַ וועלכען עס איז באַגריף וועגען די באַדערפענישען וואָס זיין ארבייט דאַרף באַפרידיגען. וואָס מער אָבער עס וואַקסט די געזעל־שאַפטליכע צוטיילונג פון דער ארבייט און עס ווערען אויסגעברייי־טערט די ראַמען פון די אויסטויש־באַציהונגען, ווערט די ארבייט אויף באַשטעלונג פאַרביטען אויף ארבייט פאַר׳ן מאַרק, מיט אַנדערע ווער־טער, דעם פּלאַץ פון דעם ענגען באַשטימטען, אין פאַראויס באַקאַנ־טען קרייז פון קונדען פאַרנעמט דער ברייטער, אומבאַשטימטער, זיך שטענדיג ענדערענדער מאַרק, וואו דער פאַרקויפער באַגעגענט זיך מיט דעם קויפער. דער פּראָדוצענט קען שוין מער ניט אויסרעכענען ווי גרויס אַן ערך קען זיין די נאָכפראַגע אויף זיינע פּראָדוקטען. דער־פון קומען אַרויס זעהר וויכטיגע רעזולטאַטען. כדי זיך דאָס פאַרצו־שטעלען קלאָרער לאָמיר זיך באַנוצען מיט׳ן פאָלגענדען איינפאַכען ביישפּיל:

1,000 שוסטער פון אַ געוויסער געזעלשאַפט האָבען געשאַפען

## א. באָגדאַנאָוו

200,000 פּאַר שטיוועל, די נאָכפראַגע אָבער אויפ'ן מאַרק, וואָס איז דער אויסדרוק פון די געזעלשאַפטליכע באַדערפעניש|ען, איז בלויז פאַר 150,000 פּאַר; די ארבייט אַלזאָ פון 250 שוסטער באַפרידיגט דאַן ניט קיין שום געזעלשאַפטליכע באַדערפעניש, אָדער אין אַנדערע ווערטער, זייער ארבייט איז געזעלשאַפטליך נוצלאָז. פאַרקערט קען זיין צ. ב. ש. אַזוי: 50,000 ערד־ארבייטער האָבען געשאַפען 10,000,000 פּוד ברויט, די געזעלשאַפט נויטיגט זיך אָבער אין 10,500,000 מיליאָן פּוד ברויט, כדי צו באַפרידיגען אירע באַדערפע־נישען, איז אַלזאָ נויטיג די ארבייט פון נאָך 2,500 ערד־ארבייטער. א טייל פון דער געזעלשאַפטליכער ארבייט איז געגאַנגען לאיבוד, ווי מיר האָבען פריהער געזעהן, ווייל זייערע פּראָדוקטען זיינען ניט נויטיג געווען, א צווייטער טייל געהט פאַרלאָרען ווייל די געזעלשאַפטלי־כע באַדערפענישען ווערען ניט פאָלקאָם צופרידענגעשטעלט. די אור־זאַכע דערפון איז וואָס זיי אַלע האָבען געארבייט אומאָפּהענגיג איי־נער פון צווייטען, ווייל עס איז ניט געווען קיין איינהייטליכער אָרגאַ־ניזאַטאָרישער ווילען, מעג עס זיין א פּערזענליכער אָדער פון א גרופּע, דאָס איז קיין נפקא־מינה ניט. אַזא אָרגאַניזאַטאָרישער ווילען וואָלט איינגעטיילט די ארבייטען אין בעלי־מלאכות און ערד־ארבייטער צוועקמעסיג, וואָלט א טייל פון די שוסטער געמאַכט פאַר ערד־ארביי־טער, מיט איין וואָרט ער וואָלט אָרגאַניזירט די געגענזייטיגע באַצי־הונגען פון דער ווירטשאַפט.

אַ טייל ארבייט פון די בעלי־מלאכות האָט זיך ארויסגעוויזען פאַר אומנוצליך, די געזעלשאַפט, ד. ה. דער מאַרק, וועט זיי דערפאַר גאַר ניט באַצאָלען. א דאַנק דעם וועלען זייערע באַדערפענישען ניט קענען אינגאַנצען צופרידענגעשטעלט ווערען, דאָס וועט ביי זיי אַרויסרופען א גאַנצע רייהע ליידען. אין דעם אַקערבוי איז ניט גענוג ארבייט אריינגעלעגט געוואָרען, וועט ניט זיין גענוג ברויט פאַר אַלעמען — וועלען ווייטער זיין צרות, די מענשען ווייזען זיך ארויס פאַר ניט צו־געפּאַסט צו זייערע אייגענע געגענזייטיגע באַציהונגען, פּונקט ווי דער פּאַרצייטיגער מענש איז געווען ניט צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון דער אויסערער נאַטור.

אין דער ווירקליכקייט האָט מען אַזאַ שאַרפען ביישפּיל פון ניט־צונעפּאַסטקייט קיין מאָל ניט געזעהען אין דער קליין־בירגערליכער געזעלשאַפט. בכלל האָט זי אירע גרענעצען, וועלכע זיינען אָפּהענגיג אָן די געזעלשאַפטליכע באַציהונגען. כדי קלאָר צו מאַכען וואו די דאָזיגע גרענעצען ליגען, דאַרפען מיר איבערגעהן צו דער פראַגע וועגען מאַרק און קאָנקורענץ.

דער פּראָדוצענט בייט אויס זיין פּראָדוקט — זיין ס ח ו ר ה — אויף עמיצען אַנדערש׳ס סחורה. פריהער בייט ער דאָס אויס אויף געלט, נאָכהער קויפט ער פאַר׳ן געלט די פּראָדוקטען אין וועלכע ער נויטיגט זיך. אָבער געלט גופא איז אויך אַ סחורה. ווי גרויס אָבער איז דער סכום סחורות וועלכע דער פּראָדוצענט קריגט פאַר זיינע פּראָדוקטען? אָדער אין אַנדערע ווערטער, ווי גרויס איז דער טויש־ווערט פון זיין סחורה?

לאָמיר אָננעמען, אַז די געזעלשאַפט איז פאָלשטענדיג איינאַרטיג, אַז די פאַרשיידענע ווירטשאַפטען זיינען אַלע גלייך צווישען זיך, סיי אין זייערע באַדערפעניסען, סיי אין דעם סכום פון זייערע אַרבייטס־כחות, סיי אין דעם סכום אַרבייטס ענערגיע וואָס זיי ברענגען אויס אויף זייער פּראָדוקציע. אויב צ. ב. ש. עס זיינען פאַראַן אַ מיליאָן אַזוינע ווירטשאַפטען, וועלען די באַדערפעניסען פון יעדערער פון זיי זיין איין מיליאָנט־חלק פון די געזעלשאַפטליכע באַדערפעניסען און די אַרבייט פון יעדערער פון זיי, איין מיליאָנט־חלק פון דער גאַנצער אַרבייטס־ענערגיע וואָס די געזעלשאַפט ברענגט אויס. אויב די גאַנצע געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציע באַפרידיגט פאָלקאָם דעם גאַנצען סכום פון די געזעלשאַפטליכע באַדערפעניסען דאַרף יעדע ווירטשאַפט, פאַר דער באַפרידיגונג פון אירע באַדערפעניסען באַקומען איין מיליאָנט־חלק פון דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציע. אויב אַ געוויסע ווירטשאַפט וועט באַקומען ווייניגער, וועט זי אָפּגעשוואַכט און רואינירט ווערען; זי וועט דאַן ניט זיין אימשטאַנד אויסצופירען איר געזעלשאַפטליכע ראָליע, ד. ה. ביטראָגען איר גלייכען חלק צו דעם קאַמף פון דער געזעלשאַפט מיט דער נאַטור. אויב וועלכע עס איז ווירטשאַפט וועט, פאַרקערט, קריגען אַ גרעסערען חלק פון די געזעל־

## א. באַגדאַנאָוו

שאַפטליכע פּראָדוקטען, וועלען דערפון ליידען און אָפּגעשוואַכט ווע־רען אנדערע ווירטשאַפטען, וועמען עס וועט מוזען אָנקומען ווענינער.

דער סכום פון ארבייטס־ענערגיע וואָס איז נויטיג פאר דער גע־זעלשאַפט צו שאַפען א געוויסען פּראָדוקט, ווערט אָנגערופען דער גע־זעלשאַפטליכער ווערט פון דעם פּראָדוקט, אָדער פּשוט דער ווערט פון דעם פּראָדוקט. באנוצענדיג זיך מיט די דאָזיגע אויסדרוקען קענען די פריהערדיגע ביישפּילען פאַרגעשטעלט ווערען אויפ'ן פאָלגענדען אופן:

אויף אויפצוהאַלטען דעם גאַנג פון דער פּראָדוקציע אין אַן איינאַרטיגער געזעלשאַפט, אין וועלכער עס הערשט א צוטיילונג פון ארבייט, איז נויטיג, אז יעדע ווירטשאַפט, זאָל אויסטוישענדיג אירע פּראָדוקטען באַקומען פאַר איר פאַרברויך א סכום פון אַנדערע פּראָ־דוקטען וואָס האָבען דעם זעלבען ווערט. אין דעם געבראַכטען ביי־שפּיל איז דער ווערט פון די פּראָדוקטען פון יעדער ווירטשאַפט איין מיליאָנט־חלק פון דעם ווערט פון דעם גאַנצען סכום פון די געזעל־שאַפטליכע פּראָדוקטען; דער ווערט פון די פּראָדוקטען וואָס די ווירט־שאַפט דאַרף פאַר איר פאַרברויך, מוז דעריבער פאַרקערפּערען אין זיך איין מיליאָנט־חלק פון דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער ארבייטס־ענערגיע.

ווי עס איז שוין באַוויזען געוואָרען אין דער איינלייטונג, דאַרף פאַר דער מאָס פון ווערט גענומען ווערען א שעה פּשוט'ע ארבייט פון דורכשניטליכער אָנשטרענגונג. אויב א סחורה קאָסט לאָמיר זאָ־גען 12 אַזוינע שטונדען, דאַרף זי אויסגעטוישט ווערען אויף אַזאַ סחורה, וואָס קאָסט אויך 12 שטונדען. אויב אָבער דער אויסטויש קומט פאַר אַנדערש, מוזען דערביי מאַנכע ווירטשאַפטען ליידען און אונטערגעהן. אויפ'ן מארק מוזען געשאַפען ווערען פּרייזען, וואָס זיי־נען בדרך כלל אין איינקלאַנג מיט דעם ווערט פון די סחורות, אנדערש וואָלט די גאַנצע געזעלשאַפטליכע עקזיסטענץ געווען זעהר שאַקעלדיג.

די ווירקליכע געזעלשאַפט וואָס איז באַגרינדעט אויפ'ן אויס־טויש, האָט פונדעסטוועגען יאָ אונטער זיך א געוויסען פונדאַמענט. די פּרייזען פון די סחורות טרעטען אָפט אָפּ אין א קלענערער אָדער

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

גרעסערער מאָס פון דעם ווירקליכען ווערט פון די סחורות, ווייל אין דעם אויסטויש איז ניטאָ קיין אָרגאַניזאַטאָרישער ווילען. עס איז אָבער אין דעם געבוי פון דער געזעלשאַפט גופא, פאַראַן אַזאַ מעכאַניזם, וועלכער רעגולירט די פּרייז־באַוועגונגען. דער דאָזיגער מעכאַניזם באַזיצט אַ גוואַלדיגע קראַפט, אַ גראָבע און סטיכישע; דער דאָזיגער מעכאַניזם ווערט אָנגערופען די קאָנקורענץ פון מאַרק.

אויב דער פּראָדוצענט איז מסכים צו פאַרקויפען זיין סחורה פאַר וועניגער ווי זי איז ווערט, ווערט זיין ווירטשאַפט רואינירט, אויב אַנדערע קויפען זיין סחורה און באַצאָלען דערפאַר מער ווי עס איז ווערט, ווערט זייער מאַטעריעלע לאַגע ערגער. עס אַנטשטעהט אַן אינטערעסען־קאַמף צווישען דעם קויפער און פאַרקויפער. אין דעם דאָזיגען קאַמף געוואוינען זיך אַלע איין, צו פאָדערען פאַר זייערע סחורות ניט וועניגער פון דער סומע, וואָס זיי זיינען ווערט, און ניט צאָלען מער, ווי זיי זיינען ווערט. אויף דעם אופן אַנטשטעהט אין דער געזעלשאַפט אַ פאַרשטעלונג וועגען דעם ווערט פון סחורות, וועלכער איז פאַרהעלטענסמעסיג אין איינקלאַנג מיט דעם אמת'ן ווערט פון די סחורות.

אָבער ניט אַלע מאָל געלינגט דעם פּראָדוצענט צו פאַרקויפען זיין סחורה פאַר איר ווערט. אָפטמאָל מוז ער זי אוועקגעבען פאַר ביליגער. אין דעם פריהער געבראַכטען ביישפּיל ווען 1,000 שוסטער ברענגען אויפ'ן מאַרק 200,000 פּאָר שיך, און די געזעלשאַפט נויטיגט זיך בלויז אין 150,000, געפינען זיך די שוסטער אין אַ זעהר ניט אָנגענעמער לאַגע. דער אָנבאָט פון זייער סחורה איז אין דעם פאַל גרעסער ווי די נאָכפראַגע. אַ טייל פון דער סחורה קען ניט פאַרקויפט ווערען, יעדער איינער פון די פאַרקויפער ריזיקירט צו פאַרבלייבען אינגאַנצען אָהן אַ קויפער. דעמאָלט פאַנגט זיך אָן אַ ביטערער קאַמף צווישען די פאַרקויפער. יעדער איינער פון זיי איז גרייט מקריב צו זיין, אַ טייל פון דעם ווערט פון זיין סחורה אַבי זי צו פאַרקויפען, און ניט אומקערען זיך צוריק אַהיים מיט זיין סחורה. דער פּרייז פון די סחורות פאַלט דאַן. אַ פּאָר שטיוועל וואָס האָבען גע־

## א. באנדאנונג

קאסט „50 שעה פשוט'ע ארבייט", ווערען פארקויפט פאר אזא סו־
מע געלט וואס שליסט איין זיך איין בלויז 35 אדער 40 אזוינע שטונ־
דען. די ווירטשאפטען פון די שוסטער ווערען אפגעשוואכט, מאנכע
ווערען איינגאנצען רואינירט, א טייל שוסטער זיינען געצוואונגען צו
פערקלענערען זייער פראדוקציע. א צווייטער טייל גיבען איינגאנצען
אויף זייער ארבייט און נעמען זיך צו עטוואס אנדערעס. דער מארק
איז נאכער מער ניט איבערפילט מיט שטיוועל, פארקערט עס פעלען
נאך אוים שטיוועל. די נאכפראגע צ.ב.ש. אויף 160,000 פאר שטי־
וועל און דער אנבאט בלויז אויף 120,000. דאן ווערט שוין א קאמף
צווישען די קויפער, כדי איינגאנצען ניט פארבלייבען אהן שטיוועל,
צאלען זיי א גרעסערען פרייז ווי די שטיוועל זיינען ווערט. די גוטע
פרייזען מאכען מעגליך פאר די ווירטשאפטען זיך אויפצוהויבען, און
אויסברייטערען זיך. עס קאן אפילו פון דאס ניי פארמערט ווערען די
צאל פון די שוך פאבריקען, און דאן וועט זיך די לאגע ווייטער ענ־
דערען, דער אנבאט וועט ווערען גרעסער פאר דער נאכפראגע, די פריי־
זען וועלען פאלען, און עס וועט זיך איבערחזר'ן דער פריהערדיגער
פראצעס.

די קאנקורענץ אין מארק, ד.ה. דער קאמף פון איין זייט, צווישען
דעם פארקויפער און קויפער און פון דער צווייטער זייט צווישען די
פארקויפער פון דעם זעלבען מין סחורה, פירט אויף דעם אופן דערצו,
אז די פרייזען האלטען זיך פארהעלטניסמעסיג ארום דעם ווערט פון
די סחורות; די קאנקורענץ דריקט אראפ די פרייזען וואס זיינען גע־
שטויגען צו הויך און העכערט יענע וואס זיינען געפאלען צו נידעריג.
אויב די פראדוקציע פון געוויסע ארטיקלען שטייגט איבער דעם גרע־
נעץ פון די געזעלשאפטליכע באדערפענישען, ווערען די פראדוקטען
פארקויפט אונטער זייער ווערט, און די פראדוקציע ווערט דעריבער
פארקלענערט, אויב פארקערט, די פראדוקציע באפרידיגט ניט די גע־
זעלשאפטליכע באדערפענישען, ווערען די פראדוקטען פארקויפט פאר
מער ווי זיי זיינען ווערט, און די פראדוקציע ווערט דעריבער גרעסער.
אויף דעם אופן א דאנק דער קאנקורענץ אין מארק הערשט דער ווערט־
געזעץ אין דער געזעלשאפטליכער פראדוקציע.

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

אַט דאָס צופּאַסען זיך קומט פאַר דורך אומאויפהערליכע ענדע־רונגען, אין יעדען געגעבענעם מאָמענט איז עס ווייט ניט פאָל־שטענדיג. גאַנץ אָפט שאַפט עס פיל ליידען פאַר די פּראָדוצענטען. און פאַראורזאַכט אַן אומזיסטע פאַרשווענדונג פון געזעלשאַפטליכער ענערגיע. אין יעדען געגעבענעם מאָמענט ריזיקירט דער פּראָדוצענט אויסצוגעפינען אַז ער האָט זיך ניט צוגעפּאַסט צו זיין געזעלשאַפט־ליכער סביבה. פאַר דעם בעל מלאכה, וואָס איז רואינירט געוואָרען ווייל זיין סחורה האָט ניט געקענט פאַרקויפט ווערען, איז דאָס אַ גאַנץ קנאַפּער טרייסט, וואָס מיט דער צייט וועט דער גלייך־געוויכט צווי־שען דעם אָנבאָט און דער נאָכפראַגע זיך אויסגלייכען. אויף דעם אופן הערשען די געזעלשאַפטליכע באַציהונגען איבער דעם מענשען אין אַ טויש־געזעלשאַפט. הגם, ניט אַזוי שטרענג און אומברחמנות'דיג, ווי די נאַטור האָט געהערשט איבער דער נאַטוראַלער געזעלשאַפט.

אַט די אנשויאונגען וועגען פּרייז און ווערט אין אַ טויש־גע־זעלשאַפט זיינען באַקאַנט אונטער'ן אַלגעמיינעם נאָמען „די טעאָריע פון ארבייטס־ווערט.“ אַלס איבערבלייבעכץ פון דעם אומאַנטוויקעל־טען באַוואוסטזיין, און אונטערשטיצט פון די קלאַסען אינטערעסען פון געוויסע גרופּען אין דער געזעלשאַפט, הערשען נאָך ביז איצט אין וויסענשאַפטליכע טראַקטאַטען געוויסע אַנדערע אנשויאונגען, מער אָדער ווייניגער פאַרפּלאָנטערטע טעאָריעס וואָס זוכען אויף אַן אַנדער אופן צו דערקלערען די פּירונגען פון דער טויש־געזעלשאַפט. לאָמיר זעהן, צי אַ וועלכע עס איז פון אַט די טעאָריעס קען בכלל זיין אמת.

אין אויסטויש טרעטען אריין די סאַמע פאַרשיידענסטע סחורות. — אַ האַק, ברויט, ביכער, צירונג א. אַז. וו. ווען מען וויל פאַר־גלייכען צווישען זיך פ אַ ר ש י י ד ע נ ע זאַכען, מוזען זיי האָבען עפּעס אַלגעמיינעס אין זיך, עפּעס וואָס מען זאָל קענען אָפּמעסטען. דער מענש באַזיצט וואָג, דאָסזעלבע אויך אַ שטיין, מען קען דערפאַר פאַרגלייכען דעם מענשען און דעם שטיין נאָך זייער וואָג. וואָס־זשע איז דאָס געמיינשאַפטליכע וואָס מען קען געפינען

## א. באָגדאַנאָוו

אין אלע סחורות, וואָס צוליב דעם קענען זיי אויסגעטוישט ווערען? אפילו פאַר דעם אויבערפלעכליכסטען באַאָבאַכטער איז קלאָר, אַז דאָס קען ניט זיין זייער וואָג, ניט זייער גרויס, ניט זייער הארטקייט, און בכלל, קיינע פון זייערע נאַטירליכע אייגענשאַפטען. הייסט דאָס אַז דאָס דאַרפען זיין זייערע געזעלשאַפטליכע אייגענשאַפטען. אבער וועלכע? ווי מיר האבען שוין פריהער אנגעוויזען זיינען אזוינע אייגענשאַפטען פאַראַן בלויז צוויי: זייער געזעלשאַפטליכע נוצליכקייט און זייער געזעלשאַפטליכער ווערט. קען די געזעלשאַפטליכע נוצליכקייט דינען פאַר אַט דעם צוועק? ניין! די האַק איז נוצליך אלס פּראָדוקציאָנס מיטעל, דאָס ברויט — אלס מיטעל צו דערהאַלטען די כחות פון דעם פּראָדוצענט א.אז.וו. קיין פאַרגלייך פון צאָל (כמות'דיגער, קוואַנטיטאַטיווער) איז דאַ ניט מעגליך, און ביים אויסטויש שפּילט דאָך אבער טאַקי די הויפּט ראָליע דער פאַרגלייך אין כחות. עס איז דערפאַר קלאָר אַז דאַ האַנדעלט זיך וועגען זייער געזעלשאַפטליכען ווערט; ד.ה. וועגען דער סומע פון געזעלשאַפטליכער ארבייטס־ענערגיע וואָס די האַק קאָסט. פון אַט דעם שטאַנדפּונקט ווערט גלייך קלאָר די מעגליכקייט קוואַנטיטאַטיוו צו פאַרגלייכען די פאַרשיידענסטע זאַכען, אפילו מאַטעריעלע מיט ניט מאַטעריעלע פּראָדוקטען.

לאָמיר אָננעמען אַז דאָס אויבען געזאָגטע איז פאַלש, אַז דער פונדאַמענט פון אויסטויש איז ניט דער ווערט, נאָר עפּעס אנדערש, עפּעס וועגען וואָס מיר ווייסען נאָך דערוויייל ניט. לאָמיר אָננעמען אַז אין אַ האַק און אַ פּאָר שטיוועל געפינט זיך דיזעלבע סומע פון אַט דעם „עפּעס", און די ביידע זאַכען דאַרפען דערפאַר פאַרקויפט ווערען פאַר'ן זעלבען פּרייז. גלייכצייטיג אבער קאָסט די האַק 12 שטונדען פּשוט'ע ארבייט און די פּאָר שטיוועל — 8 אזוינע שטונדען. ווען דאָס זאָל זיין דער פאַל, וואָלט זיך דאַן קיינער ניט פאַרנומען מיט פּראָדוצירען העק, ווייל עס וואָלט זיך ניט געלוינט. אלע וואָלטען בעסער געוואָלט מאַכען שטיוועל. די אנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטליכער צוטיילונג פון ארבייט וואָלט געוואָרען אוממעגליך. די טויש געזעלשאַפט בכלל, וואָלט אוממעגליך געוואָרען. על כן, אויך

מען נעמט אַן עפּעס אַנאַנדער פונדאמענט פאַר טויש, אויסער דעם ווערט, ברענגט דאָס צו אַן אבסורד.

הגם דער פּרייז פון סחורה איז דורכשניטליך גלייך צום ווערט, טרעפט עס אָפּט אַז זיי אונטערשיידען זיך צווישען זיך. בלויז דאָרט וואו די קאָנקורענץ קען ווירקען פריי, בלויז דאָרט וואו די סחורה פּראָדוקציע קען זיך פונאַנדערוואקסען און זיך אויסברייטען אונטער׳ן איינפלוס פון מארק נאָכפּראַגע — בלויז דאָרטען האַלט דער פּרייז שטענדיג אין אויסגלייכען זיך מיט׳ן ווערט, דאָרט וואו די פּראָדוקציע איז אמוועניגסטענס עלאַסטיש, זעהט זיך דער געזעץ פון דעם ארבייטס ווערט אמוועניגסטענס אַן.

אזוי צ. ב. ש. איז דאָס אין דער ערד־ארבייט. אויף א געוויסען שטח ערד, איז גאַנץ שווער באַדייטענד צו פאַרגרעסערען די פּראָ־דוקציע, ווען די געזעלשאַפטליכע באַדערפעניש אין ברויט וואַקסט אויס, קענען די הויכע פּרייזען, וואָס וועלען זיין דער רעזולטאַט פון דער פאַרגרעסערטער נאָכפּראַגע, זיך האַלטען עקשנות׳דיג פאַר א גאַנץ לאַנגער צייט; ווייל דער אָנבאָט קען דאָ זיך ניט אויסגלייכען מיט דער נאָכפּראַגע.

אויסער דעם ווערט די פרייהייט פון דער קאָנקורענץ גאַנץ אָפט געשטערט דורך פאַרשיידענע אָ ר ג אַ נ י ז י ר ט ע באַציהונגען צווישען מענשען. אזוי איז דאָס אויך געווען אין די היסטאָריש באַקאַנטע קליין בירגערליכע געזעלשאַפטען. (די צעכען־אָרגאַניזאַ־ציעס, אדער די פעאָדאַלע, זייער איינפלוס אויף דער קאָנקורענץ וועלען מיר שפּעטער באַהאַנדלען ברייטער).

צום סוף, טרעט ארויס אויף דער סצענע, גאַנץ אָפּט, אין פאַר־בינדונג מיט די פריהער אַנגעוויזענע באַדינגונגען — דער מאָנאָפּאָל. אונטער׳ן וואָרט מאָנאָפּאָל פאַרשטעהען מיר איינגענטליך ניט בלויז אַז די קאָנקורענץ ווערט פאַרקלענערט, נאָר טאקע אַז זי איז לחלוטין ניטאָ. געוויינליך אבער ווערט מיט דעם וואָרט באַצייכענט יעדע באַדייטענדע פאַרקלענערונג פון דער קאָנקורענץ. אויב מיט דער פּראָדוקציע פון א געוויסער סחורה פאַרנעמט זיך בלויז איין אונ־טערנעמער, אדער אפילו עטליכע וואָס זיינען צווישען זיך פאַראייניגט,

# א. באָגדאַנאָוו

קענען די קויפער זיין געצוואונגען צו צאָלען פאַר דעם פּראָדוקט אומ־געהויערע פּרייזען. אין דעם פאַל האָבען מיר פאַר זיך איין גרופּע, וועלכע באַנוצט זיך מיט איר אויסנאַמס לאַגע און עקספּלואַטירט די גאַנצע געזעלשאַפט.

דורך דער מאָנאָפּאָל קען דערקלערט ווערען דער פאַקט, וואָס אין א טויש־געזעלשאַפט קענען אויך אַזוינע זאַכען האָבען א פּרייז, וועלכע זיינען בכלל ניט געשאַפען געוואָרען דורך מענשליכע אַרבייט, וועלכע האָבען דערפאַר בכלל ניט קיין אַרבייטס־ווערט, צ.ב.ש. ערד, וואַסער קראַפט, אַן ערען־טיטול, א.אז.וו.

דאָס טרעפט אין דעם פאַל, ווען די זאַכען וואָס זיינען ניט גע־שאַפען געוואָרען דורך מענשליכער אַרבייט, זיינען אָבער נוציליך, און גלייכצייטיג באַשרענקט אין צאָל, ווערען פון עמיצען פאַרכאַפּט, ווע־רען עמיצענס פּריוואַט אייגענטום, דאַן ווילען די באַלעבאַטים פון יענע זאַכען קיינעם ניט לאָזען זיי באַנוצען, סיידען מען באַצאָלט זיי דער־פאַר. די פּרייזען פון אַזעלכע זאַכען קענען שוין ניט באַשטימט ווערען דורך זייער אַרבייטס־ווערט, ווייל זיי האָבען דאָס ניט. פּונקט ווי ביי יעדע אַנדער פאָרמע פון עקספּלואַטאַציע, ווערען די פּרייזען אויף אַזעלכע זאַכען רעגולירט דורך די כחות־פאַרהעלטענישען פון די פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע קלאַסען — אין דעם פאַל פון די קויפער און פאַרקויפער. פאַרשטעהט זיך זיינען די כחות־פאַרהעל־טענישען גופא אָפּהענגיג פון היסטאָרישע באַדינגונגען, און סוף כל סוף פון דער אַנטוויקלונג פון דעם שיכות צווישען דעם מענשען און דער נאַטור.

אין דער קליין בירגערליכער טויש־געזעלשאַפט איז שוין דאָ א גאַנץ אַנטוויקעלטע פאָרמע פון געלט אויסטויש. אָהן געלט איז א ברייטע צירקולאַציע פון סחורות ניט מעגליך. געלט שפּילט א גרויסע און פאַרשיידענאַרטיגע ראָליע אין דעם לעבען פון א טויש־געזעלשאַפט. די טויש־געזעלשאַפט ווייס בלויז פון א געלט אויסטויש, ווייל געלט איז דער פּרייז פון יעדער סחורה, און דערפאַר איז געלט אויך די שטענדיגע מאָס פון דעם ווערט פון סחורות. א דאַנק דער קאָנקורענץ אין מאַרק זוכט דער פּראָדוצענט צו קריגען פאַר זיין סחורה ניט

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

ווענינער ווי איר ארבייטס־ווערט, אבער יענער ווערט שטעלט זיך אים פאַר ניט אין דער פאָרמע פון א געוויסער סומע ארבייטס־ענער־גיע, נאָר אין דער פאָרמע פון א געוויסער סומע געלט.

אין אַלע קרעדיט אָפּמאַכען, וועלכע ווערען אין דער טויש־געזעלשאַפט א גאַנץ געוויינליכע זאַך, ווערט דאַס געלט דער געזעליכער צאלונגס מיטעל, מיט דעם סחורה־מאַרק איז אומצוטיילבאַר פאַרבונדען דער געלט־מאַרק, צוזאַמען שטעלען זיי פאַר דעם מאַרק בכלל.

פאַר דעם נאָרמאַלען גאַנג פון דעם לעבען פון דער טויש־געזעל־שאַפט איז דורכאויס נויטיג, אַז די טויש־מיטלען און צאַלונגס־מיטלען זאָלען זיך געפינען אין א ענגענדער צאָל אויפ'ן מאַרק. לאָמיר זעהן ווי גרויס אזא גענינענדע צאָל דאַרף זיין.

עס איז קלאָר אַז ווען די סחורות ווערען צו דערזעלבער צייט פאַרקויפט פאַר מזומן, איז נויטיג פונקט אזוי פיל געלט, ווי פיל עס באַטרעפט דער ווערט פון די סחורות. אבער פאַר א גאַנצער רייהע אָפּמאַכען פאַר מזומן, וואָס פאַרציהען זיך אויף א געוויסער צייט, קען די סומע געלט זיין קלענער ווי דער סך הכל פון דעם ווערט פון די סחורות.

דער בעל־מלאכה האָט געקויפט ביים פויער ברויט פאַר 10 רובעל. פאַר די צען רובעל האָט דער פויער געקויפט געצייג ביים שמיד, דער שמיד קויפט פאַר דאָסזעלבע געלט א טיש ביים סטאָליאַר. אָט די אַלע דריי אָפּמאַכען זיינען פאָרגעקומען אין פאַרלויף פון איין וואָך. פאַר זיי איז נויטיג געווען בלויז 10 רובעל, הגם די אַלע אויס־גערעכענטע סחורות באַטרעפען 30 רובעל. דאָס דערקלערט זיך דער־מיט וואָס דורך דער וואָך האָבען די צען רובעל דורכגעמאַכט דריי גלגולים. בכלל אבער, ווען דער פאַרקויף איז פאַר מזומנים, ווערט די סומע וואָס איז נויטיג פאַר'ן מאַרק באַשטימט אזוי: די גאַנצע סומע וויפיל עס זיינען ווערט די סחורות וואָס ווערען פאַרקויפט, ווערט צוטיילט אויף וויפיל מאָל דורכשניטליך דאָס געלט קערעוועט זיך אוים אין דער צייט ווען די סחורות ווערען פאַרקויפט.

די סחורות וואָס ווערען פאַרקויפט אויף באָרג, געהען איבער־

## א. באָגדאַנאָוו

פון האנט צו האנט איננאַנצען אהן דער הילף פון געלט. שפּעטער אָבער מוז מען פאר זיי באצאָלען. כדי זיך קלאָר צו מאַכען די סומע געלט אין וועלכער עס נויטיגט זיך דער קרעדיט מאַרק, דאַרף מען נעמען אין אנבאַטראַכט ניט נאָר ווי שנעל די געלט קערעווען זיך אוים, נאָר אויך נאָך אַן אנדער אומשטאַנד.

דער סטאָליאַר האָט געקויפט ביים פויער פאַר 10 רובעל ברויט אויף באָרג, דער פויער האָט ביים סטאָליאַר געקויפט א טיש, אויך אויף באָרג, פאַר 9 רובעל. ווען זיי רעכענען זיך אוים דאַרף דער סטאָליאַר אויסצאָלען דעם פויער בלויז 1 רובעל, הגם די אַלגעמיינע סומע פון זייערע חובות איז געווען 19 רובעל. אברהם איז שולדיג ברוך'ן 100 רובעל, ברוך איז שולדיג גדליה'ן הונדערט רובעל, גדליה קויפט ביי אברהם'ן פאַר 100 רובעל סחורה אויף באָרג. מאַכען מיר דעם סך הכל, קומט אוים אַז קיין איינער פון די דריי דאַרף גאָרניט צאָלען. אויף אַזאַ'ן אופן ווערען די נויטיגע צאָלונגס-מיטלען פאַר-קלענערט אויף דער גאַנצער סומע פון צאָלונגען, וועלכע דעקען איינס דאָס צווייטע. דאָס איבעריגע ווערט אויסגעצאָלט דורך אַזאַ סומע געלט, וועלכע ווערט באַשטימט לויט דער שנעלקייט פון דער געלד צירקולאַציע.

בכלל, ווערט דער סכום פון געלט אין וועלכע דער מאַרק נויטיגט זיך — ד.ה. די געלט-נאָכפראַגע — באַשטימט אויפ'ן פאָלגענדען אופן: צו דער סומע פון דעם ווערט פון די סחורות, אויסער די וואָס ווערען פאַרקויפט אויף באָרג, ווערט צוגעלעגט די סומע פון צייט-צאָלונגען, אויסער יענע וועלכע ווערען איינס פון דאָס צווייטע געדעקט, און דער רעזולטאַט פון דעם דאָזיגען חיבור ווערט צוטיילט אויף דער דורכ-שניטליכער צאָל פון דער געלט צירקולאַציע פון יענער צייט.

די ווירקליכע סומע געלט איז בכלל געדעדט, ניט ווענינער פון דער מאַרק-נאָכפראַגע. פאַרקערט, אויסער דאָס געלט וועלכע צירקו-לירט אין מאַרק, איז אימער נאָך דאָ א געוויסער איבערפלוס, וואָס ליגט באהאַלטען ערגעץ אלס „אוצר“, אלס געלט זאַפּאַס, כדי דאָס זאָל קענען פאַרברויכט ווערען דעמאָלט ווען אויפ'ן מאַרק וועט די נאָכ-פראַגע אויף געלט פאַרגרעסערט ווערען.

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

די גרויסע געזעלשאַפטליכע ראָליע וואָס דאָס געלט שפּילט אַלס מיטעל פאַר דער סחורה צירקולאַציע, העלפט זעהר פיל דאָס וואָס עס האָט זיך אויסגעטיילט אַ גאַנץ באַזונדערער קלאַס מענשען וואָס פאַרנעמען זיך ספּעציעל מיט דער צירקולאַציע פון סחורה. דער סוחרים־קלאַס. זייער טעטיגקייט באַשטעהט אבער ניט אויסשליסליך אין קויפען און פאַרקויפען סחורות, זיי אָרגאַניזירען אויך די טראַנס־פּאָרטירונג פון סחורות, דאָס אַריבערפירען פון סחורות פון איין פּלאַץ אויף אַ צווייטען, פון מאַרק צו מאַרק, און אָפט אויך פון מאַרק צום פּלאַץ וואו די סחורות דאַרפען פאַרברויכט ווערען. די דאָזיגע אַרבייט פון איבערפירען סחורות פון פּלאַץ צו פּלאַץ דאַרף באמת באַטראַכט ווערען אלס די לעצטע מדרגה אין זייער פּראָדוקציע, אויב אַ געוויסער פּראָדוקט קען ניט צופרידענשטעלען קיין שום געזעלשאַפטליכע באַ־דערפעניש אין דעם פּלאַץ וואו ער איז געשאַפען געוואָרען, איז ער נאָך פאַקטיש ניט קיין פאַרענדיגטער פּראָדוקט, ד. ה. ער איז נאָך ניט קיין געברויכס ארטיקעל. די פּראָדוקציע פון אַזאַ סחורה ווערט ערשט דאַן פאַרענדיגט, ווען זי ווערט אַריבערגעטראָגען אין דעם פּלאַץ וואו זי קען פאַרברויכט ווערען און וואו זי האָט דערפאַר אַ געזעלשאַפטליכע נוצבאַרקייט.

דער געלט־קרעדיט שאַפט אויך אַ באַזונדערען קלאַס, וועמעס ספּעציאַליטעט עס ווערט דער קרעדיט. דאָס איז דער קלאַס פון מלוים.

די איבעריגע מאַסע פּראָדוצענטען פון דער קליין בירגערליכער געזעלשאַפט איז אויך ווייט ניט איינאַרטיג. זי ווערט פונאַנדער־געטיילט אין פאַרשיידענע קלאַסען לויט די באַזונדערע ראָליעס וואָס די פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע גרופּען שפּילען אין דער פּראָדוקציע, ווי צ. ב. ש. ערד ארבייטער, שוסטער, שמידען, א. אז. וו.

דאָ וועט זיין אַם פּלאַץ צו דערקלערען דעם אונטערשייד צווישען „שטאַנד" און „קלאַס". אַ קלאַס רופט מען אַ גרופּע מענשען וואָס זיינען פאַראייניגט דורך זייער ענליכער לאַגע אין דער פּראָדוקציע און האָבען אַ דאַנק דעם געמיינשאַפטליכע עקאָנאָמישע אינטערעסען: סוחרים, הענדלער, ערד־ארבייטער; די אָרגאַניזאַטאָרען פון איין זייט און די אָרגאַניזירטע פון דער צווייטער. אַ שטאַנד רופט

## א. באַגדאַנאָוו

מען א גרופּע מענשען וועלכע געפינען זיך אין דערזעלבער ר ע כ ט־ ל י כ ע ר לאַגע. די פּעאַדאַלען פון איין זייט, די אפּהענגיגע פויע־ רים פון דער צווייטער, זיינען צוויי שטאַנדען, וואָס אונטערשיידען זיך אין זייער רעכטליכער לאַגע. היות אָבער ווי די רעכטליכע אונ־ טערשיידען זיינען די רעזולטאַטען פון די עקאָנאָמישע, זיינען די שטאַנדען מערסטענס אויך גלייכצייטיג קלאַסען.

### ב) די אינגוועניגסטע באַציהונגען צווישען די באַזונדערע ווירטשאַפטען אין דער קליינבירגערליכער געזעלשאַפט.

די שטאַטישע בעלי מלאכות, אין דער צווייטער העלפט פון מיטעל־אַלטער, שטעלען מיט זיך פאָר די טיפּישסטע קליינבירגערליכע גרופּע. איבערלאָזענדיג פאַר דעם לעצטען קאַפּיטעל די פראַגע ווי אַזוי עס האָבען זיך געבילדעט שטעט און ווי אַזוי עס האָבען זיך באַפרייט די קלאַסען פון בעלי מלאכות און פון סוחרים, דאַרפען מיר דערווייל האָבען אין זינען בלויז דעם פאַקט אַז דער דאַמאַלסדיגער בעל מלאכה איז געווען א פרייער פּראָדוצענט פון סחורה.

אין איר ריינער פאָרמע שטעלט פאָר די ווירטשאַפט פון דעם בעל מלאכה א קליינע משפחה, וועלכע איז דער רעזולטאַט פון דער צוטיילונג פון די גרויסע משפחות פון דער פריהערדיגער פעאַדאַלער צייט, וועלכע זיינען אליין געווען אַן איבערבלייבעכץ פון דער אַמאָלי־ גער פּאַטריאַרכאַלער ווירטשאַפט־אָרגאַניזאַציע. די קליינקייט פון דעם בעל מלאכה'ס משפחה איז דער רעזולטאַט פון דעם כאַראַקטער פון דער דאַמאַלסדיגער פּראָדוקציע. די געצייג וואָס זיינען געברויכט געוואָרען אין דער פּראָדוקציע, האָבען ניט געפאָדערט קיין פאַראייני־ גונג פון א סך ארבייט'ס כחות, איינער, אָדער צוויי מענשען, האָבען גאַנץ לייכט זיך געקענט ספּראַווען מיט זיי.

די קליינבירגערליכע משפחה, זייענדיג אליין אַן איבערבלייבעכץ פון די פּאַטריאַרכאַלע משפחה־באַציהונגען, האָט אין איר איגענליכען געבוי רעפּראָדוצירט אין מיניאַטור די דאָזיגע באַציהונגען. דער

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

פאטער פון דער פאמיליע איז ניט נאר דער הויפט אין דעם ארבייט'ס כח פון דער משפחה, נאר אויך דער אלמעכטיגער ארגאניזאטאר פון אירע פראדוקציאנס און פארטיילונגס באציהונגען. די איבעריגע מיטגלידער פון דער משפחה געפינען זיך אין דער פולסטער אונטער־טעניגקייט צו אים, שוין צוליב דעם אליין, וואס אויף דעם פאטערס פלייצעס ליגט דער גרעסטער חלק אין דער ארבייט צו פארזארגען די משפחה מיט אלע נויטיגע לעבענס מיטלען. מיט דער הילף פון זיינע מינדער־יעריגע זין, און ניט זעלטען אויך מיט דער הילף פון פרעמדע לערן־אינגלעך, פירט דער באלעבאס אן די פראדוקציע און פארקויפט די פארטיגע פראדוקטען. ער איז אויך דער אויפ־זעהער איבער דעם איינקויף פון די אלע זאכען אין וועלכע די משפחה נויטיגט זיך.

געוויינליך קריגט מען די פארשיידענע לעבענס מיטלען ניט אין דער פארענדיגטער פארמע אין וועלכער מען זאל זיי קענען גלייך פארברויכען. די לעצטע פראדוקציאנס פראצעסען מוזען דורכגע־פיהרט ווערען שוין פון די, וואס דארפען דאס פארברויכען (צ. ב. ש. צוגרייטען שפייז פון דער געקויפטער פראוויזיע, נייהען בגדים פון געקויפטען געוועב און אז. וו.) אט די ארבייט ווערט הויפטזעכליך אויסגעפירט פון די פרויען וואס געהערען צו דער משפחה.

די פרויען שטעלען מיט זיך פאר, אויף דעם אופן, דעם „נאטור־ראל ווירטשאפטליכען" טייל פון דער משפחה. זיי פירען א היימישע פראדוקציע פאר'ן דירעקטען געברויך, די מיטלען אבער פאר דער דאזיגער פראדוקציע ווערען צוגעשטעלט פון דעם הויפט פון דער משפחה. פאר דער פרוי ווערט אלזא אנגעצייכענט א זעהר ענגער קרייז פון טעטיגקייט, וואס איז נאך דערצו זעהר אן אפהענגיגער. די מאטעריעלע באדינגונגען שטעלען אויף דעם אופן אוועק דעם מאן אלס הערשער איבער דער פרוי. דערפון איז לייכט צו פאר־שטעהן, ווי אזוי עס איז אנטשטאנען אט די נידעריגע לאגע, וועלכע די פרוי פארנעמט אין דער משפחה.

די היסטארישע שיקזאלען פון דער פרוי אין די לעצטע עטליכע יארהונדערטער ווערען מאקי באשטימט איבערהויפט דורך דעם, וואס

# א. באָגדאַנאָוו

אין דער טויש־געזעלשאַפט קומט אויס דער פּרוי צו שפּילן די נאַטוראַל־ווירטשאַפטליכע ראָליע, פאַרקערפּערן אין זיך די איבער־בלייבענע פון אונזער פּרימיטיוו־סטער פּראָדוקציאָנס־פאָרמירונג. די הויז ווירטשאַפט וואָס איז אָפּגעשלאָסן אין זיך, איז דער קיך און אין דער קינדער שטוב, איז די פאַרשקלאַפונג פון דער פרוי.

די לאַגע פון דעם פרעמדן מענשן, וועלכן דער מייסטער פלעגט אריינגעמען פריהער אלס לערן־אינגעל און שפּעטער אלס אונטער־מייסטער, פלעגט זיך ווייניג וואָס אונטערשיידן פון דער לאַגע פון די אנדערע מיטגלידער פון דער משפּחה. ער פלעגט וואוינען צוזאַמען מיט דעם מייסטער'ס משפּחה, עסן און טרינקען צוזאַמען מיט זיי, און באַנוצן בכלל, גלייך מיט אַלעמען די אַלע פּאַרטיגע לעבענס־מיטלען וואָס די משפּחה האָט געהאַט. אויסער דעם, ווייל ער האָט דאַך געדאַרפט פריהער אָדער שפּעטער אליין ווערן א מייסטער, פלעגט ער קריגן פון זיין באַלעבאָס שכירות פון וועלכע ער האָט געדאַרפט צונויפקלייבן די נויטיגע סומע כדי אליין צו ווערן א באַלעבאָס. ארבייטן פלעגט ער גלייכצייטיג מיט'ן באַלעבאָס, אנהויבענדיג און ענדיגענדיג די ארבייט גלייך מיט'ן באַלעבאָס. דער באַלעבאָס פלעגט אים באַטראַכטן פאַר א שותף אין דער פּראָדוקציע און ניט אַלס א געגענשטאַנד פון עקס־פּלואַטאַציע. בכלל איז די לאַגע פון דעם אונטער־מייסטער אין דער ערשטער צייט פון דער טויש־געזעלשאַפט געווען אַזאַ, אז אויב זי האָט זיך יאָ אונטערשיידט פון דער לאַגע פון דעם מייסטער'ס קרובים, איז דאָס גיכער געווען אז אונטערשייד צום גוטן ווי צום שלעכטן, ווייל דער פרעמדער ארבייטער איז געווען פיל מער זעלבסטשטענדיג ווי דער קרוב.

וואָס אנבאַלאַנגט דער פּויערשער משפּחה, טו אויף וויפיל דער שטראָם פון דער טויש־געזעלשאַפט האָט איר בכלל פאַרכאַפּט, האָט זי זיך פאַרוואַנדעלט פון דער פּאַטריאַרכאַלער „גרויסער משפּחה" אין א פּשוט'ער קליינבירגערליכער. אין פאַרלויף פון דעם מיטעל־אַלטער האָט נאָך אָבער דער דאָזיגער איבערגאַנג זיך ניט פאַר־ענדיגט. בכלל דאַרף מען די פּויערשע משפּחה פון יענער צייט

ניט באַטראַכטעז אַלס אַ זעלבסטשטענדיגע פּראָדוקציאָנס גרופּע; זי ווערט נאָר איינגעשלאָסעז אין דער אַלגעמיינער פעאָדאַלער גרופּע.

די פעאָדאַלע נאַטוראַל־ווירטשאַפט האָט אויפ'ן ערשטען בליק גאַנץ ווייניג געביטען איר אויסזעהן, ווען זי איז פאַרוואַנדעלט געווארען אין אַ פעאָדאַלער טויש־ווירטשאַפט, בפרט נאָך ווייל דער איבערגאַנג איז געוועז זעהר אַ לאַנגזאַמער. אויך אין דער קליינ־בירגערליכער געזעלשאַפט איז נאָך יענער איבערגאַנג ניט אינגאַנצען פאַרענדיגט געווארען. פּונקט ווי פריהער בלייבט נאָך דער פעאָדאַל דער אָרגאַניזאַטאָר פון די געזעלשאַפטליכע אונטערנעמונגען, ווען די באַזונדערע משפחות פון דער פויערשער פעאָדאַלער גרופּע קענען עס אליין ניט דורכפירען; פּונקט ווי פריהער פאַרבלייבט ער דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער פאַרטיילונג, דערמיט וואָס אין דער פאָרמע פון „פאַנשטשינע" און שטייערען נעמט ער פאַר זיך צו אַ טייל פון דער פויערשער אַרבייט, פּונקט ווי פריהער לאָזט ער פאַר זיך די אָרגאַניזאַטאָרישע ראָליע אין דעם רעכטליכען לעבען פון דער גרופּע, אָבער אין דעם פאָרנעם און דעם כאַראַקטער פון זיין טעטיגקייט, קומט פאָר ביסלעכווייז אַ באַדייטענדע ענדערונג.

די אָרגאַניזאַטאָרישע ראָליע פון דעם פעאָדאַל אויף דעם פעלד פון דער פּראָדוקציע פאַרקלענערט זיך שנעל. די ברייטע אויסטויש־פאַרבינדונגען שאַפען ברייטע שטאַטליכע אָרגאַניזאַציעס וועלכע נעמען אויף זיך די פליכט אָפּצוהיטען די געזעלשאַפט פון געפאַר. דער פעאָדאַל פאַרלירט אויף דעם אופן זיין געזעלשאַפטליך־נוצליכע ראָליע אַלס מיליטערישער פאַרטיידיגער פון זיינע אונטערטעניגטע פויערים. צוליב זיינע מיליטערישע נייגונגען טרעט ער אָפט אפילו אַרויס ניט אַלס באַשיצער, נאָר אַלס צושטערער פון דעם נאָרמאַלען גאַנג פון דער פּראָדוקציע.

אויב דער פעאָדאַל איז פריהער געוועז נוצליך דערמיט וואָס ער האָט אָרגאַניזירט אַזוינע אַלגעמיינע אונטערנעמונגען, וועלכע די באַזונדערע משפחות זיינען ניט געווען בכח אליין צו אונטער־

נעמען, פארשווינדט, איצט זייער נויטיגקייט. ביי דער אלגעמיינער צוטיילונג פון דער ארבייט, קענען די גרעסערע פויערשע אָער אר־בייטער־ווירטשאפטען יענע ארבייטען אליין אונטערנעמען, דער פעאָדאַל דערלאַזט דאָס אָבער ניט. ער פארוואנדעלט די קהל׳שע אונטערנעמונגען אין אַ מאָנאָפאָל פאר זיך, און פאָדערענדיג גאַנץ הויכע אָפצאָלונגען פאר דאָס רעכט צו באנוצען זיך מיט זיי, שאַפט ער פאר זיך אַ גאַנץ באַקוועמען און זיכערען קוואל פון הכנסה אין דאגה׳ט גאר ניט וועגען דעם פאָלק. עס פלעגט אָפט טרעפען, אז דער פעאָדאַל ניט האָבענדיג קיין אייגענע מילען פלעגט צווינגען די פויערים צו צאָלען אים פאר דאָס רעכט צו פירען די תבואה אין אַנדערע מילען, א בארעכטיגטען תירוץ האט ער געפונען אין דער טענה, אז ארויספירענדיג די תבואות אין אן אנדער פלאַץ צו מאָלען, איז מען עובר אויף זיינע גרופען פריווילעגיעס.

ביסלעכווייז פארמינדערט ער אויך זיין טעטיגקייט אלס אָרגאַ־ניזאַטאָר פון הילף פאר די פויערים אין פאל פון סטיכישע אומ־גליקען; ער געפינט אז דאָס זיינען פשוט איבעריגע אויסגאבען.

די הויפּטזאך איז וואָס די טויש־געזעלשאפט אנטוויקעלט דעם חשק צו געלט, דעם חשק צו קלייבען אוצרות. אין דער עפּאָכע פון דער נאַטוראַלער ווירטשאפט האָט דער חשק צו קלייבען אוצרות געהאט אַ גרענעץ אין די באַשטענדיגע באדערפענישען פון דעם פעאָדאַל.ביים אומאנטוויקעלטען אויסטויש, קען אפילו דער מעכ־טיגסטער פעאָדאַל, ניט אויסברייטערען זיינע באַדערפענישען אויף מער ווי די פראָדוקציע פון זיינע אייגענע לענדער קען אים געבען. עס האָט פאר אים פשוט קיין רעכענונג ניט צו פארגרעסערען די אָפּצאָלונגען פון זיינע אונטערטאַנען אויף 10,000 פוד ברויט, ער און זיין גאַנץ דאָרף זיינען ניט ביכולת אויפצועסען אזוי פיל ברויט, די ברויט וואָלט פשוט געלעגען און געפוילט אין זיינע שפּייכלערס. גאַנץ אַנדערש איז דאָס אין אַ געזעלשאַפט מיט אַ ברייטער צוטיילונג פון ארבייט און מיט אַ געלט־ווירטשאפט. די באַדערפענישען קענען זיך אין אזאַ געזעלשאַפט אנטוויקלען אומענדליך, אבי עס זאָל נאָר זיין געגוג געלט כדי זיי צו באפרידיגען. בכלל, קען געלט אַלץ

אויפטאָן; אָבער יעדע באַשטימטע סומע געלט קען פאַרשאַפן דעם מענשען בלויז א באַגרענעצטע סומע פאַרגעניגענס. די ראָליע וואָס געלט שפּילט אין לעבען, שאַפט ביי מענשען א שטרעבען צו אַן אומענדליכער פאַרגרעסערונג פון זייער געלט־רייכטום, א שטרעבען וואָס האָט פאַרכאַפּט די פעאָדלע וועלט, אַלץ מער, וואָס מער זייער ווירטשאַפט איז געוואָרען א טויש־ווירטשאַפט. (דער אַנטוויקלונג פון דעם שטרעבען העלפט, פאַרשטעהט זיך, אויך דאָס, וואָס געלט קען מען אַנזאַמלען און היטען א לאַנגע צייט, און עס זאָל ניט קאַליע ווערען, אַזוי ווי אַנדערע פּראָדוקטען.)

דערמיט דערקלערען זיך די ענדערונגען אין דעם כאַראַקטער פון דער פאַרטיילונגס־טעטיגקייט פון דעם פעאָדאַל. די פאַנשטשינע און די אָפּצאָלונגען וואַקסען אויס אומגעהויער. דער פעאָדאַל וויל אַרויסרייסען פון פויער וויפיל עס איז נאָר מעגליך.

די אָרגאַניזאַטאָרישע מאַכט פון פעאָדאַל אין דעם רעכטליכען לעבען ווערט פאַרוואַנדעלט אין א מיטעל פון אונטערדריקונג. דער פּריצישער געריכט און זיינע אַדמיניסטראַטיווע פונקציעס ווערען פאַר'ן פעאָדאַל א וויכטיגער מקור פון איינקונפט.

שטרעבענדיג צו פאַרגרעסערען זיין אייגענע ווירטשאַפט, נעמט דער פעאָדאַל פאַר זיך אַוועק די ערד, וועלכע ער האָט געהאַט פאַר דער געמיינשאַפטליכער באַנוצונג מיט די פויערים, פאַרקלענערט וויפיל ער קען נאָר די לענדערייען פון די פויערים, און דאָס רופט אַרויס א שרעקליכען ערד־מאַנגעל אין די פויערשע ווירטשאַפטען.

ווערענדיג דערשטיקט פון די אַלע שוועריגקייטען אַנטלויפען די פויערים גאַנץ אָפט פון דער ערד. דער פעאָדאַל מוז זיי צו דער ערד צובינדען. באַנוצענדיג זיך מיט זיין פּאָליטישער מאַכט און זיין איינפלוס אויף דער רעגירונג. פון א האַלב־פרייען מענשען, ווי דער פויער איז ביז דער צייט געווען, ווערט ער א לייב־אייגענער, אָדער פּשוט א שקלאַף.

אויף אַזא אופן האָט דער כח פון די טויש־באַציהונגען מיטגעבראַכט דעם איבערגאַנג פון דער פעאָדאַלער אָרדנונג אין לייב־אייגענטום.

# א. באַגדאַנאָוו

די פויערשע ערד־געמיינשאַפט האָט ביז א געוויסען באַדייטענדען גראַד, זיך דאָך כסדר אויפגעהאַלטען. אמת, דער פעאָדאַל פאַרקלענערט ביסלעכווייז אַלץ מער די זעלבסטשטענדיגקייט פון דער פויערשער קהלה; אויף דעם פּלאַץ פון דערוויילטע פאָרשטעהער און ריכטער שטעלט דער פעאָדאַל אָן זיינע אייגענע מענשען, יעדע באַשטימונג פון דער קהלה, וואָס האָט נאָר א וועלכע עס איז ווירקונג מוז פון דעם פעאָדאַל גוט געהייסען ווערען. בכלל, אָבער האָבען די פעאָדאַלען ניט שטאַרק באַרירט די פויערשע קהלה, אמווענינגסטענס אויף וויפיל עס איז ניט געווען געגען זייערע אינטערעסען. די דאָזיגע אָרדנונג איז איבערהויפּט אין דער צייט ווען די פויערים זיינען אמהעכסטענס אונטערדריקט געוואָרען, זעהר גינסטיג געווען פאר דעם פעאָדאַל. ניט נאָר האָט ער דאָס מיט אַלע כחות אויפגעהאַלטען, נאָר אין מאַנכע פאַלען האָט ער זיי פשוט קינסטליך געשאַפען. דערצו איז בלויז נויטיג געווען צו מאַכען די קהלה פאַראַנטוואָרטליך פאר יעדען פויער באַזונדער. דאן מוז שוין די קהלה זאָרגען אַז קיין ווירטשאַפט זאָל ניט אונטערגעהן, ווייל דער אונטערגאַנג פון איינער וועט זיך שלעכט אָפּרופען אויף די איבעריגע; די קהלה איז שוין אויך געווען פאַראינטערעסירט אַז קיינער זאָל פון דער ערד ניט אַנטלויפען. בקצור. הגם די נייע אַדמיניסטראַטיווע קהלה דערמאָנט לויט איר פאָרמע די אַלטע פעאָדאַלע קהלה, איז אָבער די ראַליע וואָס זי שפּילט גאָר אַן אַנדערע. די אַלטע קהלה האָט געשטרעבט צו דער גלייכהייט פון אַלע פויערשע ווירטשאַפטען, ־י נייע — צו א גלייכער פונאַנדערטיילונג פון דער אונטערדריקונג.

אין גענענזאַץ צו דעם באַפּרייטען קלאַס בעלי מלאכות אָדער סוחרים, פאַלען די ערד־אַרבייטער אריין אין שקלאַפעריי אין דער ערשטער צייט פון דער אַנטוויקלונג פון דער טויש־ווירטשאַפט. די הויפּט אורזאַך פאר דעם אונטערשייד באַשטעהט אין דעם, וואָס די פּראָדוקציאָנס מיטלען פון דעם ערד אַרבייטער בלייבען ריקשטענדיג אין פאַרגלייך מיט דעם שנעלען פאָרטשריט פון דער טעכניק אויף די אַנדערע פעלדער פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט.

### ג) די אָרגאַניזירטע באַציהונגען צווישען די גרופּען פון דער קליין־בורזשואזער געזעלשאַפט.

די פונאַנדערשיידונג פון שטאָט און דאָרף, וואָס די צענטרען פון האַנדוועריק און האַנדעל ווערען אָפּגעטיילט פון דער דאָרף'ס ווירטשאַפט, דאָרף פאַררעכענט ווערען פאַר דעם אויסגאַנגס פונקט פאַר דער אַנטוויקלונג פון די נייע אָרגאַניזירטע באַציהונגען צווישען גרופּען.

די דאָזיגע פונאַנדערשיידונג, חוץ יענע שטעט וועלכע דער מיטעלאַלטער האָט איבערגענומען בירושה, פון דער צייט פון דער רוימישער וועלט־הערשאַפט, איז פאָרגעקומען גאַנץ לאַנגזאָם. מערסטענס האָבען זיך די שטעדט אַנטוויקעלט פון די גרויסע האַנ־דעלס דערפער. די דערפער וועלכע האָבען זיך געפונען נעהענטער צו די וועגען, ביי טייכען אויף וועלכע עס זיינען געגאַנגען שיפען, אָדער ביי אַ באַרג־דורכגאַנג, אָדער וואו עס צוטיילען זיך פאַרשיי־דענע וועגען א. אז. וו. זיינען ביסלעכווייז געוואָרען גרויסע שטעט, וואו עס פלעגען אָפּגעהאַלטען ווערען פּעריאָדישע ירידים. אויף דעם אופן זיינען זיי געוואָרען צענטרען פון אויסטויש. דאָס רייכ־טום וואָס האָט זיך אין זיי אָנגעזאַמעלט אַ דאַנק דעם, פלעגט דער־וועקען די הנאה פון זייערע שכנים, און כדי זיך צו פאַרטיידיגען גע־געו אַפטע אָנפאַלען, זיינען זיי געווען געצוואונגען, צו באַפעסטיגען זייערע שטעט מיט ווענט. (דער סמן פון אַ שטאָט אין מיטעל־אַלטער זיינען געווען די דאָזיגע ווענט.) אַ דאַנק דער לייכטקייט מיט וועלכער סחורות האָבען זיך פאַרקויפט אין די שטעט, האָבען זיך דאָרט שטאַרק אַנטוויקעלט פאַרשיידענע מלאכות. דער אָפּהענ־גיגער בעל מלאכה פון דער פעאָדאַלער גרופּע האָט געשטרעבט אוועק־צוגעהן אין שטאָט, כדי צו זיין וואָס נעהענטער צום מאַרק; די פעאָדאַלע באַציהונגען האָבען אין דעם גאַנץ ווייניג געשטערט דעם בעל מלאכה, ווייל געוויינליך פלעגט ער צאָלען אַ געלט צינז, אָנ־שטאָט צו ליפערען אַרבייט, און זייענדיג אין שטאָט האָט ער זיינע

## א. באַגראַנאָון

פליכטען נאָך לייכטער געקענט ערפילען, ווי זייענדיג אין דאָרף. אין דער ערשטער צייט פירט נאָך פונדעסטוועגען דער בעל מלאכה א שטיקעל לאנד ווירטשאפט. די מיטעל אַלטערליכע שטאָט איז אין די ערשטע צייטען ארומגערינגעלט מיט פעלדער און לאָנקעס, און לויט דעם כאַראַקטער פון דעם שטאָטישען לעבען, איז קיין גרויסער אונטערשייד ניטאָ צווישען שטאָט און דאָרף. אזוי אָבער ווי מיט'ן פאָרטשריט פון דעם אויסטויש באצאָלט זיך האַנטווערק אלץ בע־סער, פאר די שטאָט איינוואוינער, ווערט די ערד אַרבייט אַלץ מער און מער אוועקגערוקט אן א זייט. די ספעציאליזאציע פון די שטאָטישע בעלי מלאכות פירט דערצו אז זייער קונסט ווערט פאר־פאָלקאָמט צו אזאַ גראַד, אז די פויערים וועלכע פארנעמען זיך מיט די זעלבע ארבייטען אין דאָרף קענען זיך אפילו ניט פארגלייכען מיט זיי. אפילו די פעאָדאלען ווילען שוין דאן קויפען די אלע פראָדוק־טען פון די שטאָטישע בעלי מלאכות. די פויערים דארפען שוין דאן אליין ניט פראָדוצירען אלצדינג פאר'ן פעאָדאל, זיי דארפען נאָר שאפען פאר אים די מיטלען ער זאָל אַלץ קענען קויפען. אָט אזוי איז פארגעקומען די פונאַנדערשיידונג פון שטאָט און דאָרף. ווי לאַנגזאַם אָט דער פראָצעס האָט זיך געצויגען, קען מען באגרייפען פון דעם פאקט וואָס נאָך אין יאָהר 1589 האָבען די בירגער פון מינכען ניט געקענט עקזיסטירען, לויט די ווערטער פון בייערשען הערצאָג, אָהן פעלדער און לאָנקעס.

אַנטשטעהענדיג אויפ'ן באָדען פון אומאָרגאַניזירטע אויסטויש שיכות'ן צווישען מענשען, איז די שטאָט דער ערשטער סימן פון א מין אָרגאַניזירטער פארבינדונג צווישען מענשען. די שטאָט פאָ־דערט אן אלגעמיינע מיליטערישע באַשיצונג און פאָלגליך אן אלגע־מיינע ארגאניזאציע פאר דעם צוועק, פונקט ווי עס ווערט נויטיג אן אַלגעמיינע ארגאניזאציע פון רעכטליכע באַציהונגען. בלויז אונ־טער אזעלכע באדינגונגען קען די שטאָט ווערען א ווירקליכער צענ־טער פון ארבייט און האנדעל.

היות ווי די עקאָנאָמישע ווידערשפרוכען און אומגלייכהייט אין אייגענטום, זיינען שוואך אנטוויקעלט, נעמט אָן די אָרגאניזאציע

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

פון אלע געזעלשאפטליכע עסקים א רעפּובליקאַנישע פאָרמע, גאַנץ ענליך צו דעם געבוי פון די מאָדערנע רעפּובליקען, הגם שוין פון אָנ־פאַנג אָן מערקט זיך די אריסטאָקראטישע ריכטונג, די אויבערהער־שאפט פון דער רייכער און בארימטער מינדערהייט זעהט זיך שוין אין די סאמע אלטע צייטען. דאָס ווערט נאך שטאַרקער, ווען דער אונטערשייד צווישען ארעם און רייך בריינטערט זיך אויס. מיט'ן גאַנג פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג, ווי מיר וועלען דאָס שפּע־טער באווייזען, ווערט די מאכט פון די רייכע אלץ שטאַרקער, און עס קומט דערצו אז די מער אנטוויקעלטע רעפּובליקען, ווי צ. ב. ש. אין איטאליע, זיינען גלייכצייטיג אויך די אריסטאָקראטישסטע.

וואס מער עס וואקסען די מאטעריעלע כחות פון דער שטאָ־טישער באפעלקערונג, אלץ וועניגער אפּהענגיג ווערט די שטאָט פון דעם פעאָדאל אויף וועמעס ערד זי געפינט זיך. אמאָל דורך געלט־אפּצאָלונגען, און אָפט דורך א דירעקטען קאמף, באקומען די שטעט אלץ מער און מער זעלבסטשטענדיגקייט. די שטענדיגע צוזאמענ־שטויסען פון די פעאָדאלען צווישען זיך האָבען באדייטענד אפגע־שוואכט זייער מאכט, און דערמיט פלעגען זיך באַנוצען די שטעט. שטיצענדיג זיך אויף אירע מיליטערישע כחות און פעסטע ווענט, האט די שטאָט אין פילע פאלען געקענט שפּילען אן אנטשיידענע ראָליע אין א קאמף, אבער די שטאָט האט איר הילף ניט געגעבען דעם פעאָדאל אומזיסט, ער האט געמוזט דערפאר צאָלען מיט געוויסע פריווילעגיעס און רעכטען, וועלכע זיינען גינסטיג געווען פאר דער שטאָט. אין דער צייט פון די קרייץ־צוגען, ווען די גרעסטע צאָל פון די פעאָדאלען זיינען געווארען גרויסע בעלי חובות, האבען פיל שטעט אפּגעקויפט ביי די פעאָדאלען די ערד און דערמיט אויך זייער זעלבסטשטענדיגקייט, און אויף דעם אופן האבען זיי זיך אינגאַנצען באפרייט פון דער אויבערהערשאפט פון די פעאָדאלען.

דורך דער גאַנצער צווייטער העלפט פון מיטעל־אלטער ציט זיך דער קאמף פון די שטעט געגען די פעאָדאלען, וועלכע האבען אונטער אלע אומשטאַנדען געוואלט אנהאלטען זייער אויבערהער־שאפט איבער די שטעט. אין פראַנט פון דעם דאַזיגען קאמף איז

## א. באַגדאַנאָוו

געשטאַנען דער סוחרים קלאַס, דורך דעם וואָס זייער געשעפט האָט בײַ זיי אַנטוויקעלט אַ שטאַרקע ענערגיע, אַ קאַמפּס־לוסטיגקייט און אָרגאַניזאַטאָרישע פעהיגקייטען. אַרום די עלטסטע און רייכסטע משפּחות פון שטאָט, האָבען זיך די שטאָט׳ס לייט אָרגאַניזירט אין גילדיעס, דאָס זיינען געווען חברות וואָס האָבען געוויינליך געהאַט אַ רעליגיעזע פאָרמע, אָבער פאַקטיש זיינען זיי געווען אָרגאַניזאַציעס פאַר דער געמיינשאַפטליכער פאַרטיידיגונג פון זייערע געמיינשאַפט־ליכע עקאָנאָמישע אינטערעסען. אונטער דער פאָן פון די דאָזיגע גילדיעס איז פאַר אַ לאַנגער צייט אָנגעפירט געוואָרען דער קאַמף פאַר דער זעלבסטשטענדיגקייט פון די שטעט. אין דעם געבוי פון די גילדיעס, און אין די באַציהונגען צווישען די רייכע משפּחות וואָס זיינען געשטאַנען אַן דער שפּיץ און די פּשוט׳ע מיטגלידער, האָבען זיך נאָך גאַנץ שטאַרק געפילט די באַציהונגען פון פריץ צו זיינע פויערים.

מיט דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון האַנטווערק, מיט דעם וואוקס פון די כחות פון דעם האַנטווערקער קלאַס, הויבט זיך אָן אין די שטעט אַ נייע גרופּירונג — עס אַנטשטעהען די גילדיעס פון בעלי מלאכות, אָדער די צעך־אָרגאַניזאַציעס.

בעצם, זיינען די גילדיעס אַן איבערבלייבעכץ פון די פּאַטריאַר־כאַלע באַציהונגען, וואו דער יחיד איז אינגאַנצען געשטאַנען אונטער׳ן אויפזיכט פון דער געזעלשאַפט, ווי דאָס איז צ. ב. ש. געווען אין דער פּעאָדאַלער קהלה פון ערד־אַרבייטער. עס פרעגט זיך, וואָס זשע זיינען געווען די כחות דורך וועלכע דאָס דאָזיגע איבערבלייבעכץ פון פריהערדיגע שיכות׳ן האָט געקענט ווידער אַנטשטעהן און זיך אַנטוויק־לען אויף דער נייער געזעלשאַפטליכער מדרגה?

בײַ דער קליין־פּראָדוקציע איז די געגענזייטיגע הילף צווישען די פּראָדוצענטען אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיגקייט צו פאַרזיכערען און באַפעסטיגען זייער לאַגע. אָהן דער דאָזיגער הילף איז דער קליינער פּראָדוצענט בײַ זיין עקאָנאָמישער שוואַכקייט, שטענדיג אין געפאַר אַלץ צו פאַרלירען, בײַ דער ערשטער אומגינסטיגער געלעגענהייט,

# א. באָגראַנאָוו

ווי צ. ב. ש. ווען עס פאַלען די פּרייזען פון זיין סחורה, אָדער אין פאַל פון אַ פייער אָדער אַ גנבה און אַז. וו.

באַזונדערס ווערט די לאַגע פון בעל מלאכה ניט זיכער דורך דער קאָנקורענץ. אַזאַ קאָנקורענץ־קאַמף רואינירט אומפאַרמיידליך די שוואַכערע, ד. ה. אייגענטליך די מערהייט. כדי צו פאַרמיידען אַט די קאָנקורענץ איז נויטיג אַ פאַראייניגונג פון אַלע פּראָדוצענטען פון דעמזעלבען פאַך.

עס איז גאַנץ וואַרשיינליך אַז דעם אָנהויב פון די צעך־אָרגאַניזאַציעס דאַרף מען זוכען אין די קהלהדשיכות'ן פון דער פעאָדאַלער ערד־אַרבייטער וועלט. היסטאָרישע באַווייזען וועגען דער אַנטשטעהונג פון צעכען קען מען געפינען פון דעם עלפטען ביז דעם דרייצענטען יאָרהונדערט. אָפטמאָל פלעגען די צעכען אַנט־שטעהן בלויז אַלס צייטווייליגע פאַראייניגונגען, פון בעלי מלאכות פון איין פאַך, וואָס האָבען געוואוינט אין דערזעלבער שטאָט. אַזוינע צייטווייליגע פאַראייניגונגען פלעגען באַנייט ווערען און פלעגען שטאַרקער ווערען, אַ דאַנק די נוצען וועלכע זיי פלעגען ברענגען פאַר זייערע מיטגלידער. און מיט דער צייט זיינען זיי פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין שטענדיגע אָרגאַניזאַציעס.

די שטאַרקע צעך־אָרגאַניזאַציעס זיינען אַנטשטאַנען און האָ־בען זיך אַנטוויקעלט אין קאַמף, ניט בלויז דערפאַר ווייל די צעכען האָבען אויף זיך גענומען נעמען די אָנפירענדע און אָרגאַניזאַטאָרישע ראָליע אין דעם קאַמף געגען די פעאָדאַלען, נאָר אויך דערפאַר ווייל די אַלטע אַריסטאָקראַטיע פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג, האָט זיך ניט אַזוי לייכט געוואָלט אַנטזאָגען פון איר הערשענדער ראָליע אין פּאָליטישען לעבען. די צעכען האָבען געמוזט פירען אַ ביטערען קאַמף געגען דער איינגעשפּאַרטקייט פון דער אַריסטאָקראַטיע.

הגם עס זיינען געווען גענוג און וויכטיגע אונטערשיידען צווי־שען די באַזונדערע צעכען, האָבען זיי אָבער אַלע פאַרגעשטעלט מיט זיך איין באַשטימטען טיפּ, אין זייערע הויפּט־שטריכען. דאָס דער־קלערט זיך דערמיט וואָס זיי זיינען אַלע אויסגעוואַקסען פון די זעלבע געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען.

# א. באָגדאַנאָוו

יעדער צעך האט געהאַט זיין דערוויילטע פאַרוואַלטונג און זיין סטאַטוט. די סטאַטוטען פון די צעכען זיינען געווען גאַנץ פאַר־שיידענאַרטיג, לויט זייער אַלגעמיינעם כאַראַקטער זיינען זיי געווען דעמאָקראַטיש, הגם זיי אַלע האָבען פאַרמאַגט געוויסע אַריסטאָקראַ־טישע שאַטירונגען. אין דער ערשטער צייט, ווען די צעכען האָבען געפירט זייער קאַמף קעגען דער אַלטער שטאַטישער אַריסטאָקראַטיע און קעגען די פעאָדאַלען, זיינען די דאָזינע שאַטירונגען געווען, אומ־באַדייטענד און אומבאַמערקבאַר. אַפילו אַן אומפרייער מענש, האָט געקענט ווערען אַ פול־באַרעכטיגטער בירגער, אויב איז אים נאָר געלונגען אַפצורוואַרטען אַ יאָר מיט אַ טאָג אין שטאָט. שפּעטער אָבער, ווען די צעכען פאַרכאַפּען באמת די הערשאַפט, אין אַלע געזעלשאַפטליכע ענינים, און באַקומען די מעגליכקייט אַליין צו ווערען די שטאָט אַריסטאָקראַטיע, הויבט זייער דעמאָקראַטיזם אָן שוואַכער צו ווערען. די צעכען הויבען אָן אויסצוטיילען פון זיך גרופּען בעלי מלאכות, וועלכע זיינען ניט פול־באַרעכטיגט. דאָס זיינען די וואָס האָבען נאָך ניט קיין אייגענע ווירטשאַפט, אָדער וואָס האָבען נאָך ניט געענדיגט זייער לערען טערמין — די געהילפען און לערען־אינגלעך. (די ערשטע באַווייזען זיך אין דייטשלאַנד אין 13טען, און די צווייטע אין 14טען יאָרהונדערט.)

פון יענער צייט אָן זיינען בלויז די מייסטערס גלייכבאַרעכטיג־טע מיטגלידער פון די צעכען, ד. ה. אַזעלכע בעלי מלאכות וואָס זיינען בעלי בתים פאַר זיך. דאָס איז אַ סאָרט אייגענאַרטיגע אַריסטאָקראַטיע פון דער אַרבייט. אין די ערשטע צייטען שטיצט זי זיך אָבער ניט אויף אַפּשטאַמונג, און אַפילו ניט אויף רייכטום, נאָר אויף דער אַרבייט׳ס קונסט. יעדער בעל מלאכה, אויב ער האָט נאָר ענערגיע און פעהיגקייטען קען זיך דערשלאָגען צום נאָמען מייסטער. פאַר דעם צוועק דאַרף ער עטליכע יאָר זיך צולערנען ביי אַ מייסטער, דאַן ניט ער אַפּ עקזאַמען אין זיין אַרבייט און ווערט אַ „געזעל" (אַן אונטער־מייסטער). דאָס אָבער ניט אים נאָך ניט דאָס רעכט צו עפענען אַן אייגענעם וואַרקשטאַט; ער איז מחויב אַ געוויסע צאָל יאָרען זיין אַ לוין־אַרבייטער. ערשט דאַן קען

ער אפּגעבען עקזאמען אויף א מייסטער, און אויב ער האלט אויס דעם עקזאמען, קריגט ער דאס רעכט זעלבסטשטענדיג צו טאָן זיין ארבייט. זיינע רעכטען אין דער געזעלשאפט וואקסען צוזאמען מיט דער דערהויבונג פון זיין עקאָנאָמישער לאגע.

דער עצם פון אט דער סיסטעם באשטעהט, ווארשיינליך, אין דעם, וואס אויף דעם אופן ווערט פארמידען א צו גרויסע קאָנקורענץ צווישען די ארבייטער, דורך דעם שנעלען וואוקס פון דער צאָל אונ־טערנעמונגען.

אויף דער אפּשוואכונג פון דער קאָנקורענץ צווישען בעלי מלאכות זיינען אויך געצילט א סך פון די רעגלען פון די צעכען. אזוי צ. ב. ש. ווערט דאס רעכט אויף באשעפטיגען לוין ארבייטער אדער לערנער באשרענקט, מערסטענס אויף 2—3 אדער העכסטענס אויף 5 מענשען. דער בעל מלאכה קען ניט שטארק פארגרעסערען די פּראדוקטיוויטעט פון דער ארבייט דורך באשעפטיגען מער מענשען און איינפירען א גרעסערע צוטיילונג פון דער ארבייט. ער קען באלגליך אויף דעם אופן ניט פארטרייבען פון מארק, און רואינירען א צווייטען בעל מלאכה, זיין אונטערנעמונג איז באשטימט צו פאר־בלייבען קליין, דער מארק איז א דאנק דעם גענוג פאר אלעמען.

היות, ווי די צאָל לוין־ארבייטער איז זעהר קליין, זיינען די פּראפיטען וואס די מייסטערס מאכען, ניט גענוג אז דער מייסטער זאָל זיך קענען באגרענעצען בלויז מיט זיין ארגאניזאטארישער ראָליע. ער איז געצוואונגען צו ארבייטען צוזאמען מיט זיינע אר־בייטער. א דאנק דעם זיינען אין דער ערשטער צייט, די באציהונ־גען פון מייסטער צו זיינע ארבייטער חבר'שע און פאמיליארע ביז וואנען עס טרעטען ארויס אויפ'ן סצענע נייע פארמען, אן וועלכע די אלטע ווערען צושלאגען.

כדי צו פארמיידען אומגלייכהייט, באשטימען די צעכען די ארבייטס שטונדען און די ארבייטס טעג פון יאר. דערביי מאכט מען קיין אונטערשייד ניט צווישען דעם באלעבאס און זיינע ארביי־טער, ווייל זיי אלע ארבייטען כסדר צוזאמען. לויט די פארשיידענע סטאטוטען פון די צעכען זיינען די ארבייטס שטונדען אויך פאר־

## א. באָגדאַנאָוו

שיידען, מערסטענס, באַטרעפען זיי פון 50 ביז 60 ארבייטס שטונ־דען א וואָך. (אין ענגלאַנד אין 15טען יאַרהונדערט, בלויז אַכט שטונדען א טאָג.) אויסער דעם פלעגט צוקומען, יעדע וואָך א יום טוב, א דאנק דעם וואָס דער קאַטאָליציזם איז רייך אין ימים טובים.

אין די סטאַטוטען ווערען געוויינליך אויך באַשטימט די שכירות פון די ארבייטער און די פרייזען פון די סחורות, ווי אויך די אייגענ־שאַפטען וועלכע די סחורה מוז באַזיצען כדי דער מייסטער זאָל איר מעגען פארקויפען.

די פראָדוקציע איז אין די סטאַטוטען באַשטימט און רעגולירט ביז דער קלענסטער קליינינקייט. דער גאַנצער זין פון דער דאָזיגער רעגולירונג איז געצילט דארויף, אז אלע מייסטערס זאָלען אָנפירען זייער פראָדוקציע אונטער די זעלבע באַדינגונגען. עס ווערט ניט דערלאָזען אז איינער זאָל פראָדוצירען בעסערע סחורה אדער מערער ווי די אנדערע. פארשטעהט זיך, אז די אלע כללים זיינען אויס־געוואקסען שטופענווייז, לויט נאָך דעם, ווי די אומבאַקוועמליכקייט פון דער קאָנקורענץ האָט זיך אלץ מער געלאָזט פילען.

כדי, צו באַזייטיגען די קאָנקורענץ, וועניגסטענס, אויף איין באַ־שטימטען מאַרק, פאר די צעך־מייסטערס, גיבען די שטאָט געזע־צען איבער די פראָדוקציע אין דעם מאָנאָפּאָל פון די צעכען. יעדער איינער וואָס וויל זיך פארנעמען מיט א געוויסער מלאכה אין שטאָט, מוז פריהער אריינטרעטען אין דעם לאָקאַלען צעך, און דערצו איז נויטיג, פארשטעהט זיך, די צושטימונג פון דעם צעך. פאר דער אויפנעמונג פון אזעלכע נייע מיטגלידער, זיינען ביי די צעכען געווען געוויסע באַדינגונגען און פארמאַליטעטען, אין מאַנכע פאַלען מער, אין אנדערע, וועניגער אומבאַקוועמע.

אויסער די כללים פאר דער רעגולירונג פון דער פראָדוקציע האָ־בען די צעכען געהאַט אויך געוויסע כללים פאר גענענזייטיגער הילף אין פאַל א מיטגליד איז אין נויט. אָט די זייט פון דער טעטיגקייט פון די צעך־ארגאַניזאַציעס האָט אויך געהאַט, פאר די קליינע פראָדוצענטען א גאַנץ גרויסע באַדייטונג.

במעט, פון סאַמע אָנהויב אנטהאַלטען אין זיך די צעך־

## פּאָליטישע עקאָנאָמיע

אָרגאַניזאַציעס אַ פונדאַמענטאַלען ווידערשפּרוך, וועלכער אַנטוויקעלט זיך פיל שטאַרקער אין דער שפּעטערער צייט: דאָס זיינען די געגענזאַצען צווישען די אינטערעסען פון די מייסטער פון איין זייט און פון זייערע געזעלען און לערנערס פון דער צווייטער. דערפון נעמען זיך די פילע שוועריגקייטען וואָס פלעגען געמאַכט ווערען פאַר די געזעלען, ווען זיי האָבען געוואָלט אַליין ווערען מייסטערס. אַזוי לאַנג אָבער ווי יעדער געזעל האָט געהאַט די האָפנונג סוף כל סוף אַליין צו ווערען אַ מייסטער, זיינען די אינערליכע ווידערשפּרוכען פון דער צעך־אָרגאַניזאַציע ניט אַרויסגעטראָטען אין קיין שאַרפער פאָרמע.

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטליכער צוטיילונג פון דער אַרבייט, מיט דער אויסברייטונג פון אויסטויש ווייט איבער די גרענעצען פון דער זעלבער שטאָט, ווערט די פריהערדיגע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע די גלח'יש־פעאָדאַלע, די מיליטעריש־פעאָדאַלע און די שטאַטישע ניט אויסרייכענד פאַר דער באַשיצונג פון דעם האַנדעל. די צוברעקלונג פון דער טעריטאָריע אויף טויזענטער קליינינקע דעמ־פּאָטישע שטאָטען, איז אַ גוואַלדיגע שוועריגקייט פאַר די נייע באַציהונגען; די איטערעסען פון די סוחרים ווערען אָפּט דורך דעם, געשטעלט אין געפאַר, און אָפּט הערט דער גאַנצער מסחר אויף צו לוינען זיך. אויסער דעם, קומט אויס דעם סוחר אָפּט צו צאָלען גרויסע שטייערען צו פאַרשיידענע לאָקאַלע פעאָדאַלען, און רייזענדיג איבער די שלעכטע וועגען, צווישען פאַראַרימטע און אויסגעהונגערטע פּויערים, וואָס זיינען כסדר גרייט צו רויבען, שטעלט ער שטענדיג אין קאָן זיך און זיין פאַרמעגען. דערצו קומט נאָך די פאַרשיידענאַרטיגקייט פון די געזעצען אונטער וועלכע דער סוחר ווערט גע'משפּט, אין די פאַרשיידענע שטעט און דערפער, די פאַרשיידענקייט פון די מטבעות, וואָס יעדער פעאָדאַל פלעגט מאַכען פאַר זיך. צוליב די אַלע געפאַרען און פּלאָנ־טערס, איז דער געזעלשאַפטליך נוצליכער מסחר געוואָרען כמעט אוממעגליך.

עס וואַקסט אויס אַ באַדאַרף אין אַ ברייטער, פעסטער, צענטראַליזירטער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל דורך איהר מילי־

## א. באַגדאַנאָוו

טערישער מאַכט, איינהאַלטען די צולאַזענקייט פון די פּעאַדאַלען, שאַפען א געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, איינפירען אן איינהייטליכקייט אין די געזעצען וועגען אויסטויש, איינהייטליכע געלט, מאַס און וואָג, אויסבויען וועגען, אָרגאַניזירען א שוץ פאַר די היימישע סוחרים ווען זיי זיינען אין דער פרעמד א. אז. וו.

די קאַטוילישע קירכע איז ניט געווען בכח דאַס אלץ צו טאָן. איר מאַכט, איר אויטאָריטעט האָט אָנגעהויבען אפּגעשוואַכט צו ווע־רען מיט דער אַנטוויקלונג פון אויסטויש. דער כח פון אויסטויש און פון געלט, האָט געשאַפען טיפע ענדערונגען אין דער געזעלשאַפט־ליכער לאַגע פון די גלחים. ווען די קירכליכע ווירטשאַפט איז פאַר־וואַנדעלט געוואָרען פון א נאַטירליכער אין א טויש־ווירטשאַפט, איז מיט איר פאַרגעקומען דאַסזעלבע וואָס מיט אנדערע פעאַדאַלען, און טאַקי צוליב דיזעלבע אורזאַכען. דאָס שטרעבען אָנצוקלייבען גרויסע אוצרות האָט באַדייטענד פאַרקלענערט די געזעלשאַפטליכע נוצליכ־קייט פון דער קאַטוילישער קירכע, איר געזעלשאַפטליכע באַדייטונג, און איר מאַכט איבער די מענשליכע מחות האָט אָנגעהויבען צו פאַלען, אויסער דעם האָבען זיך די מענשען אליין אויך געענדערט, די באַ־ציהונגען מיט אנדערע שטעט און מענשען האָבען אויסגעברייטערט זייער קרייז און אביסעל צושפּרייט די פינסטערניש. דער קאָנסער־וואַטיזם הייבט אָן געבראָכען צו ווערען, דער מח הייבט אָן צו דורשטען נאָך וויסען. דער כח פון די מאַטעריעלע אינטערעסען ריכט דאָס דענקען געגען דעם קאַטאָליציזם, אלס דעם אידעאָלאָגישען שטיץ־פּונקט פון עקספּלואַטאַציע.

דורך דער גאַנצער צווייטער העלפט פון מיטעל־אַלטער אַנטוויי־קעלט זיך כסדר די אפּקורסות, און דער פּויפּסט מוז פירען כסדר א פאַרביטערטען קאַמף געגען דעם, פאַרלירענדיג דערביי זיין הויפּט כח — די סימפּאַטיע פון די פאָלקס־מאַסען.

די שטאָטישע רעפּובליקען ווידער זיינען ניט געווען בכח צו ווע־רען אליין די פעסטע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע אין וועלכער מען האָט זיך גענויטיגט. אמת, מאַנכע שטעט האָבען פּרובירט אליין צו שאַפען אָרגאַניזאַציעס פאַר דער פאַרטיידיגונג פון אויסטויש, און פאַר דער

געגענזייטיגער באַשיצונג פון אייגענטום (די פאַראייניגען פון האַנדעלס־שטעט, ווי דער האַנזעאַטישער פאַרבאַנד) אין זיי האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן אַ שוואַכקייט און אַ מאַנגעל פון אינערליכער איינ־יגקייט. די איינצעלנע שטעט זיינען ניט בכח געווען אויפצוהויבען זיך איבער זייערע לאָקאַלע אינטערעסען און האָבען געזוכט צו עקס־פּלואַטירען זייערע פאַרבינדעטע, די אַנדערע האָבען נאַטירליך זיך גע־שטעלט דאַגעגען, און געזוכט צו פאַרהיטען זייער עקאָנאָמישע און פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט. דערצו איז דער געבוי גופא פון די שטאָט אָרגאַניזאַציעס ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר דעם צוועק פון שטענדיגער פאַראייניגונג; די מאַכט איז אין זיי געווען ניט גענוג צענטראַליזירט, און דערפאַר ניט אַזוי שטאַרק, ווי עס איז נויטיג געווען פאַר דעם צוועק.

די אַנטוויקלונג האָט אויף אַזאַ אופן אַרויפגעלעגט אויף דער מי־ליטעריש־פעאָדאַלער סיסטעם די היסטאָרישע מיסיע צו אַנטוויקלען פון זיך אַליין אַ נייעם כח, וועלכער זאָל קענען ברענגען אָרדנונג אין די רייכע און גרויסע לענדער. דאָרט האָבען זיך טאַקי אויך געפונען די פּאַסיגע עלעמענטען דערצו.

פאַר די גרויסע פעאָדאַלען, פאַר די פּרינצען און קעניגען, זיינען די שטענדיגע רייסערייען פון די קליינע פעאָדאַלען געווען גאַנץ נוצליך, ביסלעכווייז האָבען זיי אָנגעהויבען צונויפצוזאַמלען די ערד אין זייערע אייגענע הענט, באַזיגענדיג די קליינע פעאָדאַלען און פאַראייניגענדיג די באַזירטע לענדער מיט זייערע אייגענע.

די פעאָדאַלען האָבען ענערגיש געקעמפט געגען אָט דער מעטאָדע פון פאַרכאַפּונג, מצד זייערע הערשער. די לעצטערע האָבען אָבער פאַר זיך געפונען אַן ענערגישען און פעהיגען שותף — דעם שטאָטישען איינוואוינער, וואָס האָט דעם פעאָדאַל פיינט געהאַט. דער בונד מיט דער שטאָט האָט דעם קעניג געגעבען אַזאַ סאָרט מאַטעריעלע שטיצע, וועלכע די קלענערע פעאָדאַלען האָבען בשום אופן ניט געקענט קריי־גען. דער קעניג האָט אָרגאַניזירט אַ שטענדיגע אַרמעע, אַ דאַנק וועלכער ער האָט צו יעדער צייט געקענט אָנהויבען דעם קאַמף, עפּעס וואָס דער געוויינליכער פעאָדאַל האָט ניט געקענט באַווייזען.

## א. באָגדאַנאָוו

דער פּראָגרעס פון דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע, האָט גאַנץ שטאַרק געהאָלפן דעם ערפאָלג פון די קעניגען, דערמיט וואָס זייער זיג איז פאַרשנעלערט געוואָרען. די פּולווער האָט פאַר די פעאָדאַלען אינגאַנצען אומנוצליך געמאַכט זייערע באַפעסטיגטע שלעסער און זייערע אייזערנע וואַפען. דער פעאָדאַל האָט אויפגעהערט זיין אומבאַזיגבאַר, אין דער זעלבער צייט האָט ער אויפגעהערט צו זיין געזעלשאַפטליך־נוצליך. די באַזיגטע פעאָדאַלען זיינען איבערגעגאַנגען אין דינסט פון קעניג, אדער זיינען געוואָרען פּשוטע גוטס־באַזיצער.

די קאַטוילישע קירכע האָט, פּונקט ווי אלע אנדערע פעאָדאַלען, זעהר ניט געגרען זיך אונטערגעוואָרפען אונטער דער נייער מאַכט, און האָט איר אָרגאַניזאַטאָרישע ראָליע אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען אָהן א קאַמף ניט אויפגעגעבען. אָפט האָט זיך דער קירכע אפילו איינגעגעבען צו געווינען צייטווייליגע, באַדייטענדע זיגען איבער דער מאָנאַרכיע.

אם ענדע פון מיטעל־אַלטער ווערט יענער קאַמף געענדיגט מיט'ן זיג פון די קעניגען. אויף דעם אופן זיינען לאַנגזאַם אנטשטאַנען ברייטע אבסאָלוטיסטישע־מאָנאַרכיעס, וועלכע זיינען געווען בכח צייטווייליג צו פאַרזיכערען א רוהיגען גאַנג פאַר דער אנטוויקלונג פון דער טויש־געזעלשאַפט.

### 3) די גרונט שטריכען פון דער געזעלשאַפטליכער פּסיכאָלאָגיע פון דער קליין בורזשואַזער צייט.

פאַר דער אנטוויקלונג פון דער פערזענליכקייט שטעלט די קליין־בירגערליכע געזעלשאַפט פאַר א פיל ברייטערען פעלד. ווי א וועלכע עס איז נאַטוראַלע געזעלשאַפט. פונדעסטוועגען זיינען די באַדינגונגען פאַר דער אנטוויקלונג ניט קיין גלייכע פאַר די פאַרשיידענע קלאַסען. פאַר אייניגע זיינען זיי געווען מער און פאַר אנדערע ווייניגער גינסטיג.

אין דער וועלט פון דער ערד־ארבייט, וואו די טויש־ווירטשאַפט איז ארויסגעטראַטען אונטער א פעאָדאַלער הייטעל, איז די אנטוויק־

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

לונג פון דער פּערזענליכקייט אוועקגעשטעלט געוואָרען אין זעהר ענגע ראַמקעס. דאָס לייב־אייגענטום פון דעם פעאָדאַליזם, וואו דער אויס־טויש האָט זיך שוין אַנטוויקעלט, איז אין פילע פונקטען פּשוטע שקלאַפעריי; דאָס האָט שטאַרק געדריקט דעם פּראָדוצענט און ארויס־געדריקט זיין לעבענס־ענערגיע, און האָט ניט איבערגעלאָזען קיין פרייע כחות פאַר דער ווייטערער אַנטוויקלונג. וואָס אַנבאַלאַנגט די פעאָ־דאַלען גופא, וועלכע האָבען פון דער אויבען דערמאָנטער אונטער־דריקונג ניט געליטען, איז די מעגליכקייט פאַר אַנטוויקלונג ביי זיי פאַרענגט געוואָרען אונטער'ן דרוק פון א גאַנץ אַנדער אורזאַך. פון דער צייט ווען זיי האָבען פאַרלאָרען זייער געזעלשאַפטליך פּראָדוק־טיווע ראָליע און האָבען זיך באַשרענקט מיט דעם פאַרברויך, אין זייער אַנטוויקלונג פאַרגעקומען בהסכם מיט זייערע אומפּראָדוקטיווע און פּאַראַזיטישע ריכטונגען.

אויף דעם אופן האָבען די ערד־ארבייטער ניט געקענט ארויס־טרעטען אַלס די ערשטע, וואָס זאָלען קענען איבערבויען די אינווע־ניגסטע באַציהונגען פון דער קליין־בורזשואזער אָרגאַניזאַציע.

די פרייע האַנדעלס־קלאַסען אין די שטעט זיינען געווען אין א פיל בעסערער לאַגע. די אפּוועזענהייט פון אויסערען דרוק, די הויך־נוצליכע ראָליע וואָס זיי האָבען געשפּילט אין דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציע האָט זיי געגעבען א מעגליכקייט פאַר ווייטערדיגע אַנט־וויקלונג. אָבער אויך דאָ דאַרף מען מאַכען אַן אונטערשייד צווישען צוויי גרופּען וואָס זיינען ווייט ניט געווען אין איין און דערזעלבער לאַגע: די בעלי מלאכות און די סוחרים.

פאַר דעם קליינעם בעל מלאכה, וועלכער געהערט צום צעך, איז דאָס פעלד פון טעטיגקייט במילא ענג, און ווערט נאָך ענגער דורך די פאַרשיידענע כללים פון די צעכען. ענג איז זי דערפאַר, ווייל זי איז באַשרענקט אויף איין פאַך און אויף א קליינער הויז־ווירטשאַפט, באַ־שרענקט דורך די צעכען איז עס אין דעם זין וואָס זיין טעטיגקייט ווערט איינגעשלאָסען אין די ראַמען פון איין שטאָט דאָרט וואו דער צעך האָט זיין מאָנאָפּאָל; אויך שטערען שטאַרק דער ווייטערער אַנט־וויקלונג פון דער פּראָדוקציאָנס־טעכניק די צעך־כללים וואָס באַ־

## א. באָגדאַנאָוו

שרענקען די פרייע קאָנקורענץ און דערלאָזען ניט דער פּערזענליכקייט אויסצובנייטען איר פּראָדוקציאָנס ראַליע. דער מיטגליד פון צעך איז אויף שריט און טריט געבונדען דורך די צעך־רעגעלען, ער מוז פּראָדוצירען פּונקט אויף דעם זעלבען אופן ווי אלע אנדערע און פאָלג־ליך אויך לעבען ווי אלע אנדערע. ער וואַגט ניט זיך אויפצו־הויבען איבער דער אַלגעמיינער אויבערפלאַך פון זיין סביבה, ער וואַגט ניט איינצופירען וועלכע עס איז באַדייטענדע אויסבעסערונגען אין זיין ארבייט, ער וואַגט ניט פאַרגרעסערען זיין פּראָדוקציע א. אז. וו.

אונטער גאַנץ אנדערע באַדינגונגען לעבט און פירט אַן זיין טעט־טיגקייט דער סוחר. זיין ספּעציאַליטעט איז די לעצטע אָפּעראַציע אין דער פּראָדוקציע פון די פאַרשיידענע סחורות, וואס שליסט אין זיך איין אויך דאָס צושטעלען פון דעם פּראָדוקט צו די פּלעצער וואו ער וועט פאַרברויכט ווערען. אַט די טעטיגקייט, מאַכט ממילא נויטיג אַ ברייטען פעלד פון טעטיגקייט, דאָס ברענגט דעם סוחר אין באַרירונג מיט פאַרשיידענע לעבענס פאָרמען, און צווינגט אים זיך צו צופּאַסען צו פאַרשיידענע סביבות. גלייכצייטיג, איז די טעטיגקייט פון סוחר אזאַ אז על פּי איר נאַטור איז זי ניט אונטערוואַרפען צו אונטערדריקונג. זיין טעכניק קען ניט זיין שטרענג רעגולירט, ווי די טעכניק פון דעם בעל מלאכה. אויסער דעם האָט דער סוחר מער ווי אלע אנדערע צו טאָן מיט געלט, און געלט, ווי עס איז שוין פריהער אָנגעוויזען געוואָרען, רופט ארויס א חשק צו זאַמלען גרויסע אוצרות, פאַר'ן סוחר מיינט דאָס, א חשק אָהן אַ שיעור אויס־צו־ברייטערען זיין טעטיגקייט. אין געגענזאַץ צום סוחר, פלעגט דער בעל מלאכה איבערהויפּט זאָרגען פאַר דער אויפהאַלטונג פון זיין לעבענס אופן ווי ער איז, א דאַנק די דאָזיגע אורזאַכען, געהט דער סוחר פאָראויס פאַר'ן בעל מלאכה, אין דער קליין־בורזשואזער געזעלשאַפט, ווי מיר וועלען זעהן טרעט ער ארויס אין דער ראַליע פון דעם אמת'ן איבערבויער פון דער קליין־בירגערליכער געזעלשאַפט.

א גאַנצער געזעלשאַפטליכער קלאַס, אַן ענערגישער און א מעכ־טיגער, האָט שטאַרק אָפּגעהיט די איבערבלייבענץ פון דעם נאַטוראַלען געצענדינסט. ווען די עקספּלואַטאַטאָרישע ראַליע פון דער קאַטוילי־

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

שער קירכע האָט געקריגען די אויבערהאַנט איבער איר אָרגאַניזאַטאָ־ריש־געזעלשאַפטליכער ראָליע, האָט דער קאַטאָליציזם דאַן אָנגעהויבען בייטען זיין באַציהונג צו דער וויסענשאַפט. די גלחישע פּעאָדאַלען. וועלענדיג איינהאַלטען פאַר זיך זייער אומצוטיילבאַרע מאַכט איבער די מענשליכע מחות, זיינען אַלץ פיינדליכער געוואָרען צו יעדען גע־נויעם וויסען, צו יעדער וויסענשאַפטליכער אויספאָרשונג פון דער ווירקליכקייט. דאַן ווערט צווישען די גלחים אָפּגעשוואַכט יעדער אינ־טערעס צו דער אַלט־קלאַסישער וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע, וועלכע זיי אַליין פלעגען ביז דער צייט אויפהאַלטען. די וויסענשאַפט און די פילאָזאָפיע זיינען דערקלערט געוואָרען פאַר אינגאַנצען אומנויטיג פאַר דער רעליגיע, „ווי עס איז ניט נויטיג קיין טונקעלע לאָמטערנע ווען די זון שיינט." דער קאַטאָליציזם ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ סיסטעם פון גראָבען אַבערגלויבען. ער פאַרשרעקט דורך אכזריות די אומאַנטוויקעלטע און שוואַכע מחות, און האַלט זיי איין פאַר זיך. די אומזיניגע גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען קעגען די מכשפות און מכשפים כאַראַקטעריזירען אַמבעסטען יענעם פּעריאָד אין דער געשיכטע פון קאַטאָליציזם.

עס איז נאַטירליך אַז אונטער אַזוינע באַדינגונגען, זאָל דער נאַטוראַלער פעטישיזם זעהר לאַנגזאַם אָפּטרעטען זיין פּלאַץ צו דער דערקענטעניש פון די אורזאַכען פון ערשיינונגען. אויף ווי וויים פעסט עס האָט זיך געהאַלטען די איבערבלייבעכץ פון אַלטען פעטי־שיזם, איז קענטיג צ.ב.ש. דערפון, וואָס אין יענער צייט האָבען אויפ־געבליט אַזוינע עכט פעטישיסטישע וויסענשאַפטען ווי די אַסטראָלאָ־גיע און אַלכעמיע.

דער פעטישיזם געפינט אַן אויסדרוק אין די עקאָנאָמישע באַ־ציהונגען פון דער טויש־געזעלשאַפט.

אין דעם אויסטויש ווערט אויסגעדריקט די צוטיילונג פון דער אַרבייט צווישען מענשען. דאָס אָבער איז די אומאָרגאַניזירטע צו־טיילונג פון דער אַרבייט.

די פּרייזען פון סחורות, ווערען רעגולירט, ווי דאָס איז שוין פריהער באַוויזען געוואָרען, דורך דעם געזעץ פון ווערט, ד.ה. אַז אין

זייערע שטענדיגע ענדערונגען שטרעבען זיי זיך אויסצוגלייכען מיט זייער ווערט. אָבער אין יעדען געגעבענעם מאָמענט ווייכען זיי מער אָדער וועניגער אָפּ פון זייער ווערט, ווייל דער ווערט־געזעץ ווערט אין לעבען דורכגעפירט ניט דורך ערגעץ א באַוואוסטזיניגען אָרגאַניזאַטאָרישען ווילען, נאָר דורך דער סטיכיש־מעכאַנישער קאָנקורענץ. אין יעדער געגעבענער מינוט ריזיקירט דער פּראָדוצענט צו פארבלייבען ניט צוגעפּאַסט צום מאַרק, זיין ארבייטס־ענערגיע, וועט דאַן טיילווייז אָדער אינגאנצען, זיין ארויסגעוואָרפען. זיין חלק אין דער געזעלשאַפטליכער צוטיילונג פון די פּראָדוקטען א פארקלענערטער, זיין פאַרברויך — א נידעריגער.

מחמת דעם אַלעם ערשיינט דער מאַרק פאר דעם פּראָדוצענט ווי א דרויסענדיגער כח, צו וועלכען ער מוז זיך צופּאַסען, וועט זיך דאָס אים איינגעבען? דאָס איז שוין אפּהענגיג ניט פון אים, פּונקט ווי אַזאַ מאַכט ערשיינט די נאַטור, מיט אירע טויזענטער אונערוואַרטעטע געפאַרען, פאַר דעם באַוואוסטזיין פון דעם ווילדען. דערפון שטאַמען אָפּ אָט דיביידע פאָרמען פון פעטישיזם.

דער מאַרק מיט זיין קאָנקורענץ, מיט זיין אָפט גאַנץ פארביטערטען קאַמף, פאַרשטעלט פאר די אויגען פון פּראָדוצענט די געזעלשאפטליכע פאַרבינדונג, די אלגעמיינהייט פון דעם געזעלשאַפטליכען קאַמף קעגען דער נאַטור. דער קויפער און פאַרקויפער וועלכע ארבייטען באמת ביידע פאַר דער געזעלשאַפט באַגעגענען זיך אויפ׳ן מאַרק, ניט ווי צוויי מיטגלידער פון איין און דערזעלבער געזעלשאַפט, נאָר ווי צוויי שונאים. פאַר׳ן פּראָדוצענט איז אוממעגליך צו פארשטעהן, אז זיין ארבייט איז פּונקט אַזאַ הוצאה פון דער געזעלשאַפטליכער ארבייט ווי די ארבייט פון די אנדערע פּראָדוצענטען.

דער סחורה־פּראָדוצענט האָט קיין אהנונג ניט וועגען דעם געזעלשאפטליכען ווערט פון זיין סחורה, ווייל ער איז ניט צוגעוואוינט צו באַטראַכטען דאס אלס א געזעלשאַפטליכען פּראָדוקט, בעת ער קוקט זיך צו צום אויסטויש, ווערט ביי אים באַשאַפען א באַגריף וועגען ווערט, וואָס ער איז באמת בלויז א באגריף וועגען דעם גע־

וויינליכען פרייז פון סחורות; פאר אים איז דאָס אָבער אַן אומדערקלערבארע ערשיינונג. צוריקפירען דאָס צו דער פארווענדונג פון געזעלשאפטליכער ארבייטס־ענערגיע איז פאר אים אוממעגליך, ערשטענס, ווייל ער האָט קיין באַגריף ניט ווענען דעם געזעלשאפטליכען כאראקטער פון אַרבייט, דורך וועלכער דער פראָדוקט ווערט געשאפען, און צווייטענס, דערפאר, ווייל דעם פרייז זעהט ער אומפארמיידליך אין דער פאָרמע פון געלט און ניט אין דער פאָרמע פון א געוויסען סכום אַרבייט. אויב אָבער דער באוואוסטזיין פון סחורה־פראָדוצענט איז ניט בכח צו פאַרבינדען די פרייזען מיט שיכות'ן פון דעם מענשענס געזעלשאפטליכע ארבייט, מוז ער עס פאַרבינדען מיט דער סחורה גופא. אויפ'ן ערשטען בליק איז עס גאַנץ נאַטירליך; ביי וועמען די סחורה זאָל זיך ניט געפינען, ביים פראָדוצענט, אָדער ביי עמיצען אַנדערש, ווערט דאָס אַלץ איינס פארקויפט פאר **איר** פרייז. דערפון איז לייכט צו קומען צום שלום, אז דער פרייז פון א סחורה — ד. ה. די מעגליכקייט צו ווערען פאַרקויפט פאר א געוויסער סומע געלט — איז אַן איינענשאַפט פון דער סחורה גופא, אַן איינענשאפט וואָס איז ניט אפהענגיג פון מענשען, פון דער געזעלשאַפט, — א **נאַטירליכע איינגענשאַפט פון דער סחורה**. פון וואַנען נעמט זיך די דאָזיגע איינענשאפט? ווי אזוי ווערען באַשטימט אירע גרענעצען? דאָס קען דער סחורה־פראָדוצענט ניט וויסען. פאר אים איז דער טויש־ווערט פון א האָק צוויי רובעל און ניט מער. אָט דער פרייז איז פון גאַרנישט אַפּהענגיג, ער געפינט זיך אין דער האָק גופא, פונקט ווי פאר דעם נאַטוראַלען פעטישיסט איז די נשמה פון אַ האָק בלויז די נשמה פון א האָק און ניט מער. אין דעם באַשטעהט דער עצם פון סחורה־פעטישיזם. ניט האָבענדיג קיין מעגליכקייט צו באַגרייפען, אַז אין דעם פראָצעס פון אויסטויש ווערט אויסגעדריקט דאָס צוזאַמענאַרבייטען פון מענשען אין זייער קאמף קעגען דער נאַטור, ד.ה. די געזעלשאַפטליכע שיכות'ן פון דעם מענשען, נעמט דער סחורה־פעטישיזם אַן די פעהיגקייט פון סחורות אויסגעטוישט צו ווערען, אלס זייערע א נאַטירליכע איינגעבאָרענע איינענשאַפט. דאָס וואָס איז באמת אַ **שיכות צווישען**

# א. באַגדאַנאָוו

**מענשען נעמט ער אַן פאַר א שיכות צווישען זאכען.**

די אנטוויקלונג פון די מענשליכע שיכות'ן, קענען באוואוסטזיניג דערפאר ניט פארקומען, דארט וואו די מענשליכע שיכות'ן ווערען דערקענט פעטישיסטיש; זיי קענען געהן בלויז סטיכיש, פונקט ווי די אנטוויקלונג פון דער טעכניק געהט אַן בלויז סטיכיש ווען עס הערשט דער נאטירליכער פעטישיזם. א סטיכישע אנטוויקלונג איז אבער אימער פארבונדען מיט אסך ליידען, און קומט פאַר זעהר לאנגזאם. אזוי איז די אנטוויקלונג פון די שיכות'ן אין דער טויש־געזעלשאפט.

יעדענפאלס, זיינען די ערפארונגען און וויסען, דער מאטעריאל וועלכען די קליין־בורזשואזע געזעלשאפט האט צום האנט, פאר איר ווייטערער אנטוויקלונג, פיל רייכער ווי די וועלכע די נאטוראלע געזעלשאפט האט געקענט באנוצען. דער פראגרעס פון דער טעכניק און מיט אים דער סטיכישער פראגרעס פון די געזעלשאפטליכע באַציהונגען, קומט פאַר אין דער קליין־בורזשואזער געזעלשאפט אסך שנעלער.

די עקאנאמישע אנשויאונגען פון דער קליין־בורזשואזער געזעלשאפט שטעלען מיט זיך פאר די לאנגזאמע אנטוויקלונג פון אויסטויש־פעטישיזם. גלייכצייטיג שפיגלען זיי אבער אויך אָפּ די אינטערעסען און מנהגים פון דער קליין־בורזשואזיע. אין אנהויב נאָך מיט א צו־מיש פון איבערגעלעבטע אידעען פון דער פעאדאַלער צייט.

די עקאנאמישע ליטעראטור פון דער צייט איז א זעהר אָרימע. ביז ארום דעם 16טען יארהונדערט עקזיסטירט זי כמעט ניט; עס זיינען בלויז דא אפגעריסענע צופעליגע אנדייטונגען פון פארשיידענע שרייבער בנוגע זייערע אנשויאונגען, אויף איינער אדער א צווייטער, עקאנאמישער ערשיינונג. די פארהעלטענסמעסיגע אָרימקייט פון די דאזיגע אנדייטונגען, קען דערקלערט ווערען דורך דעם שוואכען אינ־טערעס פון די מער אינטעליגענטע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט צו די עקאנאמישע ערשיינונגען. — די שרייבער זיינען מערסטענס געווען גלחים, — און טיילווייז אויך דורך דער גרויסער לאנגזאמקייט, פון די ענדערונגען וואָס זיינען פארגעקומען אין דעם לעבען פון דער

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

געזעלשאַפט. די אויפמערקזאַמקייט פון די פאָרשער ווערט אין אָנ־הויב אימער צוגעצויגען בלויז צו די פּראָצעסען וואָס קומען פאָר שנעל, צו שאַרפע ענדערונגען; דאָס דערקלערט אונז וואָרום די נאַ־טוראַלע געזעלשאַפטען, מיט דער גאַנץ לאַנגזאַמער אַנטוויקלונג פון זייערע פאָרמען, זיינען אינגאַנצען אומפעהיג צו באַשאַפען אַן עקאָ־נאָמישע וויסענשאַפט, אין דער קליין בורזשואַזער געזעלשאַפט באַ־ווייזען זיך אירע ערשטע שפּראָצונגען, און אין דער שנעל־לעבענדער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, באַקומט זי אַ גרויסע באַדייטונג אין לעבען, און דערגרייכט אַ פאַרהעלטענישמעסיג באַדייטענדען וואוקס.

אין אָנהויב פון דער אַנטוויקלונג פון דער טויש־געזעלשאַפט, דאַרף מען זוכען אָנדייטונגען אויף די הערשענדע עקאָנאָמישע אָנ־שויאונגען ביי די שרייבער וואָס זיינען געווען גלחים (ד.ה. ביי די טעאָלאָגען); די נייע געזעלשאַפט איז דאַך געבוירען געוואָרען אין דער פעאָדאַלער, אין וועלכער די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע הער־שאַפט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די גלחים האָט געגעבען דער גאַנצער ליטעראַטור אַ טעאָלאָגישען קאָליר. איינע פון די וויכטיגסטע קוואַ־לען פון דעם דאָזיגען סאָרט, זיינען די שריפטען פון טאָמאַס אַקווינאַס. (13טען יאָרהונדערט).

הגם טאָמאַס אַקווינאַס לעבט שוין אין אַ געזעלשאַפט וואָס איז אַ האַלבע טויש־געזעלשאַפט, גיט ער אָבער אָפּ זיינע סימפּאַטיען צו דער פעאָדאַלער־נאַטוראַלער געזעלשאַפט. — זיין אידעאַל — איז די נאַטוראַלע ווירטשאַפט וועלכע נויטיגט זיך ניט אין אויסטויש. פונ־דעסטוועגען, גיט ער שוין צו גיט ווילענדיג אַ גרויסע וויכטיגקייט צו די אויסטויש־שיכות'ן, וועגען דעם פּרייז פון סחורות, וועגען די פּראָ־פיטען פון סוחר, וועגען די הכנסות פון מלוה, און וועגען די דאָזיגע פראַגען דריקט ער שוין אויס דעם בליק פון די פעאָדאַלען, וואָס באַ־שעפטיגען זיך שוין מיט'ן סחורה אויסטויש, און פון די קליינע בעלי־מלאכות.

טאָמאַס אַקווינאַס האַלט פאַר דעם איינציגען קוואַל פון רייכטום און הכנסה, — די אַרבייט. לויט אים האָט אַ ווערט, אַן און פאַר זיך, בלויז די אַרבייט, און דאָס ווערט איבערגעטראָגען אויף אַנדערע זאַ־

## א. באַגדאַנאָוו

כעז. דער סחורה־פעטישיזם זעהט זיך נאָך דאַ גאַנץ ווענינג אָן, פאַר דעם סחורה־פעטישיזם איז דאָך דער פּרייז אַ נויטיגע, אינערליכע אייגענשאַפט פון סחורה.

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם פּרייז פון סחורות, דריקט זיך טאַמאַם אויס ווי פאָלגט: ביים פאַרקויף טאָר מען זיך ניט לאָזען פאַרפירען דורך דעם חשק אַרויסצוקריגען וואָס מער פון קויפער, ווייל יעדע סחורה האָט איר „יושר'דיגען פּרייז“. דער דאָזיגער פּרייז מוז זיין אַזאַ, אַז ער זאָל באַלוינען די אַרבייט, און געבען אַ מעגליכקייט דעם סחורה־פאַרקויפער צו לעבען אין איינקלאַנג מיט זיין געזעלשאַפטליכער לאַגע. דעם זעלבען שטאַנדפּונקט ווענדעט ער אָן אויפ'ן פויער, סיי אויפ'ן בעל־מלאכה, און סיי אויפ'ן פעאָדאַל. פּונקט אַזוי גיט ער זיין הסכמה אויף פּראָפיטען פון מסחר בלויז אויף אַזוי פיל אויף וויפיל זיי באַלוינען די אַרבייט פון טראַנספּאָרטאַציע און גיבען דעם סוחר די נויטיגע מיטלען צום לעבען; פאָלגליך, אונטערשיידט זיך פאַר אים דער סוחר גאָרניט פון דעם בעל־מלאכה, און אַלע באַטראַכטונגען וועגען דעם יושר'דיגען פּרייז, וואָס איז בהסכם מיט די פאָדערונגען פון דעם געזעלשאַפטליכען צושטאַנד פון יענער צייט, ווייזט זיך שטאַרק אַרויס די איינטיילונג פון דער געזעלשאַפט אין שטאַנדען. וואָס איז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער גאַנצער מיטעלאַלטערליכער וועלט.

צו פּראָצענטניקעס האָט זיך טאַמאַס באַצויגען מיט גרויס שנאה; דער געגענזאַץ צווישען די אינטערעסען פון דעם פּראָצענטניק און זיין בעל־חוב פילט זיך אימער זעהר שטאַרק. די פויערים און בעלי־מלאכות, אַזוי גוט ווי די פעאָדאַלען האָבען שטענדיג געפילט אַ דוחק אין געלט און האָבען דערפאַר שטאַרק געליטען פון די פּראָצענטניקעס. געוויינליך, פלעגען די הלוואות געמאַכט ווערען פאַר אומפּראָדוקטיווע צוועקען, פאַר צוועקען פון מאָמענטאַלען געברויך. דער פּראָצענטניק פלעגט אויף דעם אופן באַטראַכט ווערען פון דער געזעלשאַפט אַלס עקספּלואַטאַטאָר פון פרעמדען אומגליק. דערצו דאַרף מען נאָך צו־געבען, אַז דער קלאַס פון די פּראָצענטניקעס האָט שוין ניט געהאַט יענעם גרויסען איינפלוס וואָס ער האָט געהאַט אין דער קלאַסישער

וועלט, ווען אין זיינע רייהען פלעגט זיך געפינען א גרויסער טייל פון די רייכסטע און די באַרימטסטע מענשען. אין מיטעלאלטער פלעגען זיך מיט יענעם סאָרט טעטיגקייט פארנעמען בלויז א טייל שטאָטס־לייט (מערסטענס אידען) און א קליינער טייל קאַטוילישע גלחים, דערמיט דערקלערט זיך דער פאקט וואָס די געזעלשאפטליכע מיינונג האָט זיך אזוי פיינטליך באַצויגען צו די פראָצענטניקעס און האָט זיי א לאַנגע צייט פארפאָלגט דורך אירע געזעצען.

די אנשויאונגען פון טאָמאָס אויף די שיכות'ן פון דער פאָלי־טישער מאַכט צום עקאָנאָמישען לעבען זיינען געווען דער אויסדרוק פון דעם ווירקליכען צושטאַנד פון זיין צייט. אין דעם לעבען פון דער פעאָדאַלער אימעניע, אזוי גוט ווי אין דעם לעבען פון דער שטאָט, זיינען די צווישען־מענשליכע שיכות'ן געווען שטרענג רעגולירט. עס איז גאָר קיין וואונדער ניט דערפאַר, וואָס טאָמאָס אַקווינאס גיט דער רעגירונגס־מאַכט די ברייטסטע רעכט זיך אריינצומישען אין דער עקאָנאָמישער טעטיגקייט פון דעם מענשען.

בכלל זיינען די אנשויאונגען פון טאָמאָס דער אויסדרוק פון דער קליין־בורזשואזער וועלט אין די גאָר ערשטע שטופען פון איר אנט־וויקלונג. מען קען דאָס אויך זעהן דערפון וואָס געלט שפילט ביי אים ווייט ניט אזא ראָלע, ווי אין דער שפּעטערדיגער, גוט אנטווי־קעלטער קליין־בורזשואזער געזעלשאפט.

אין דער סיסטעם פון אויסטויש־באַציהונגען איז געלט א פרי־ווילעגירטע סחורה, וועלכע שרעקט זיך ניט פאר קיינע ענדערונגען אין אָנבאָט און נאָכפראָגע, ווי עס איז דער פאַל מיט אלע אנדערע סחורות. שטרעבען צו רייכטום מיינט אָנקלייבען געלט. נאַטירלי־כערווייזע דעם בליק אויף געלט אלס דאָס איינציגע אמת'ע רייכטום ווענדעט אָן די אומאנטוויקעלטע דערקענטעניש אויף דער געזעלשאפט אלס גאַנצע.

אזוי ווי דער קליין בורזשוא פון יענער צייט, האָט צוליב די פילע כללים, ניט געקענט אויסברייטערען זיין פראָדוקציע ווי אים וואָלט זיך דאָס וועלען, איז ער אין זיין שטרעבען צו קלייבען געלט געווען געצוואונגען, זיך צו באַנוצען מיט יענע מיטלען, וואָס באַשטעהען אין

# א. באָגדאַנאָוו

דער פאַרקלענערונג פון געלט הוצאות אין זיין ווירטשאַפט, דורך דער פאַרקלענערונג פון דעם געברויך. דאַסזעלבע איז אויך בנוגע צו דער געזעלשאַפטליכער ווירטשאַפט.

ווען דער קעניג ריטשארד דער צווייטער, האָט זיך (אַרום דעם יאָר 1400) געווענדעט צו די קאָרפּאָראַציעס פון די בעלי־מלאכות און סוחרים פון לאָנדאָן, מיט דער פראַגע, ווי אַזוי צו פאַרמיידען די רואינע פון פאָלקס־גוטשטאַנד איז דער ענטפער געווען: „מיר מוזען זעהען קויפען ביי אויסלענדער װעניגער ווי מיר פאַרקויפען זיי." אין דער פּאָליטיק זיינען דיזעלבע אנשויאונגען דורכגעפירט געוואָרען אין דער פאָרמע פון קליינליכען אייפערזיכטיגען קאָנטראָל איבער'ן מסחר — עס זאָל חלילה ניט אוועקגעהן קיין אויסלאַנד קיין איבעריג געלט. אזא „סיסטעם" פון געלט באַלאַנס איז געווען די אנווענדונג אין דעם שטאַטליך־עקאָנאָמישען לעבען פון דעם פּרינציפּ פון קליין־בורזשואזער שפּאָרזאַמקייט.

אלס ביישפּיל, ווי אַזוי עס איז דורכגעפירט געוואָרען אין לעבען אָט די סיסטעם, קען דינען דער „געזעץ וועגען הוצאות", וועלכער האָט געפאָדערט אַז דער אויסלענדישער סוחר וואָס קומט אין ענגלאַנד, זאָל דאָס גאַנצע געלט וואָס ער ברענגט מיט זיך, אדער וואָס ער לייזט איין פאַר זיין סחורה, אויסגעבען אויף ענגלישע סחורות, כדי דורכצו־פירען דעם געזעץ איז איינגעאָרדענט געוואָרען א שטרענגע אויפזיכט איבער די אויסלענדישע סוחרים. א צווייטער ביישפּיל — זיינען שטרענגע געזעצען קעגען לוקסוס, אלס איבעריגע פאַרשווענדונג פון געלט.

בכלל, איז די „סיסטעם פון געלט באַלאַנס" אין דער פּראַקטיק און אין דער ליטעראַטור דורך און דורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פון רעגלאַמענטאַציע און מאָנאָפּאָלען, וואָס זיינען אַזוי כאַראַקטעריס־טיש פאַר דער קליין־בורזשואזער געזעלשאַפט, פון דער צווייטער העלפט פון מיטעל־אַלטער. די פאַרעקשנ'טע קליינליכע אריינמישונג פון שטאַט אין דעם עקאָנאָמישען לעבען איז ענליך צום קאָנטראָל פון דעם פעאָדאַל איבער דעם עקאָנאָמישען לעבען פון זיינע אונטערטאַ־נען, ווי אויך צו די באַגרענעצונגען פון האַנדעל, וועלכע זיינען געשאַ־

# פאָליטישע עקאָנאָמיע

פעו געוואָרען דורך דער טעטיגקייט פון די צעכען; דער אונטערשייד איז נאָר דער, וואָס דער צוועק פון דער ארייגמישונג, זיינען שוין ניט די אינטערעסען פון דעם פעאָדאַלס ווירטשאַפט, אָדער פון די שטאָטישע איינוואוינער, נאָר די אינטערעסען פון דער קעניגליכער קאַסע, פון דער ביוראָקראַטישער מלוכה.

דאָס פאַרקויפען פון מאָנאָפּאָלען, איז ביי דעם שטאַט געווען איינער פון די באַליבטסטע מיטלען כדי אָנצופילען זיין קאַסע. פאַר־קויפענדיג דעם מאָנאָפּאָל אויף א געוויסען טייל פון מסחר אָדער פּראָ־דוקציע, צו איינצעלנע מענשען אָדער קאָמפּאַניעס, פאַרגרעסערט דער שטאַט זיינע הכנסות; גלייכצייטיג איז פאַר'ן שטאַט לייכטער אכטונג צו געבען אויף איין מאָנאָפּאָליסט, ווי אויף א גרויסער צאָל זעלבסט־שטענדיגע סוחרים און פּראָדוצענטען.

צו פאַרקלענערען דעם אימפּאָרט האָט דער שטאַט ארויפגעלעגט גרויסע אָפּצאָלונגען אויף אריינגעפירטע סחורות, און אָפּט פלעגט דער אריינפיר פון געוויסע סחורות פּשוט פאַרווערט ווערען, כדי אינ־גאַנצען צו פאַרמיידען פאַר די בירגער דעם נסיון אָפּצוגעבען זייער געלט צו די אויסלענדער.

וויליאַם סטאַפאָרד, וואָס האָט געלעבט אין דער צווייטער העלפט פון 16טען יאָרהונדערט, איז געווען אין דער עקאָנאָמישער ליטע־ראַטור דער ערשטער פאַרטיידיגער פון דער טעאָריע פון „דעם געלט באַלאַנס". אויסער די געוויינליכע אנווענדונגען פון דער דאָזיגער סיסטעם, האָט ער רעקאָמענדירט דעם שטאַט אויך אנדערע מיטלען, פון א פּאָזיטיווערען כאַראַקטער ווי צ.ב.ש., די פאַרלייכטערונג פון עקספּאָרט, דאָס אריבער ברענגען פון אויסלאַנד געלערנטע בעלי־מלאכות, און ארבייטער, כדי מען זאָל זייערע פּראָדוקטען ניט זיין געצוואונגען צו קויפען אין אויסלאַנד. ער שטעלט זיך ענערגיש געגען די קעניגען, וועלכע פלעגען ארויסגעבען מטבעות פון א נידעריגען ווערט, כדי צו פאַרגרעסערען די הכנסות פון שטאַט, (ד.ה. אייגענטליך מאַכען פאַלשע געלט). דער ווערט פון געלט איז לויט סטאַפאָרדען „ניט אין נאָמען נאָר אין דעם עצם, אין סכום." לעבענדיג אין דער צייט ווען דער מסחר האָט זיך שוין באַדייטענד אנטוויקעלט, האָט

סטאַפאַרד שוין געקענט פאַרשטעהן אַז געלט שטעלט מיט זיך פאַר בלויז איינס פון די סחורות, הגם עס שפּילט אַ גאַנץ באַזונדערע ראָליע.

מיט דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון מסחר, איז די סיסטעם פון געלט באַלאַנס געוואָרען פאַר איר אַלץ ענגער און אומבאַקוועמער. אַ דאַנק איר שטרעבונג צו פאַרמיידען דעם אַרויספיר פון געלט אין אַנדערע לענדער. פאַר די סוחרים וואָס פירען אָן אַן אינטערנאַציאָ־נאַלען האַנדעל, איז אָפט דורכאויס נויטיג מיט איין מאָל אַרויסצו־פירען אַ גאַנץ גרויסע סומע געלט, כדי דערנאָך צו באַקומען נאָכמער. צ.ב.ש. אָנקויפען סחורות ביליג אין איין לאַנד, כדי דאָס צו פאַרקוי־פען טייער אין אַ צווייטער.

די מאָנאָפּאָלען האָבען זיך אויך געלאָזען שטאַרק פילען; פאַר דעם פאַרבּרויכער זיינען די מאָנאָפּאָלען געווען שלעכט, צוליב זייערע הויכע פרייזען אויף סחורות, און פאַר דעם סוחרים קלאַס, דערמיט, וואָס זיי האָבען באַגרענעצט זיין אונטערנעמונגס־גייסט. ערלויבענדיג בלויז אַ באַגרענעצטע צאָל מענשען צו פאַרנעמען זיך מיט אַ געוויסער אַרבייט. דאָס האָט געבראַכט צום אונטערגאַנג פון דער סיסטעם פון געלט באַלאַנס, וועלכע דאַרף שוין צוגערעכענט ווערען, לויט דער צייט, צום האַנדעלס און מאַנופאַקטור קאַפּיטאַליזם.

## 4) די אַנטוויקלונגס כחות און זייער ריכטונג אין דער קליין־בורזשואַזער געזעלשאַפט.

פאַר די נאַטוראַל־ווירטשאַפטליכע געזעלשאַפטען איז די הויפּט באַוועגענדע קראַפט געווען די אַבסאָלוטע איבער־באַפעלקערונג, וואָס איז געקומען אַ דאַנק איר פאַרמערונג, וואָס אין איר איז געווען אַ ווידערשפּרוך צווישען דער צאָל פון די געזעלשאַפטס־מיטגלידער און דעם סכום לעבענס־מיטלען, וואָס די געזעלשאַפט קען באַקומען מיט דער טעכניק, וואָס זי פאַרמאָגט. מיט דער אַנטוויקלונג פון די נייע שיכות'ן, אין די ראַמען פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט, מיט דעם

# פאליטישע עקאנאמיע

איבערגאנג פון דער נאטוראל־פעאדאלער ארדנונג אין א קליין־בורזשואזער, טרעט ארויס א נייע קראפט אלס באוועגענדער כח פון געזעלשאפטליכען פראגרעס — די קאנקורענץ.

די טויש־געזעלשאפט איז צוזאמענגעשטעלט פון אסך קליינע ארבייטס־געמיינשאפטען אדערווירטשאפטען. יעדע פון זיי האט איר ארגאניזאטאר, אבער די געגענזייטיגע באציהונגען פון אט די ווירטשאפטען, זייער ארבייטס־צוטיילונג, איז ניט ארגאניזירט דורך ערגעץ א באוואוסטזיניגען ווילען, און דערפאר נעמט אן די צוטיילונג פון די געזעלשאפטליכע פראדוקטען די פארמע פון אומארגאניזירטען אויסטויש. א דאנק זייער אומארגאניזירטען כאראקטער נעמען אן די אויסטויש־באציהונגען די פארמע פון שטרייט — א שטרייט צווישען קויפער און פארקויפער, דאס איז א קאמף פון יעדער ווירטשאפט קעגען אלע אנדערע, וואס רופט זיך קאנקורענץ; דאס ברענגט מיט זיך ליידען אהן א שיעור, און איז די שווערסטע פארמע פון דעם קאמף פאר עקזיסטענץ; אבער מיט דעם פרייז פון אט די ליידען ווערט געקויפט די ווייטערדיגע אנטוויקלונג.

איבער די אויסטויש־באציהונגען הערשט דער געזעץ פון ווערט. אויב ערגעץ א ווירטשאפט פארווענדעט אויף דער שאפונג פון א געוויסען פראדוקט מער ארבייטס־ענערגיע ווי עס איז דורכאויס נויטיג אין דער געגעבענער געזעלשאפט, איז זי ניט צוגעפאסט צום געזעלשאפטליכען קאמף, זי קען ניט קאנקורירען מיט אנדערע, זי געהט אונטער, ווערט רואינירט. אויב אבער פארקערט, ערגעץ א ווירטשאפט באזיצט בעסערע פראדוקציאנס־מיטלען, ווי די אנדערע ווירטשאפטען, און פארווענדעט אויף דער שאפונג פון דעם זעלבען פראדוקט וועניגער ארבייטס־ענערגיע ווי אנדערע, איז זי אמבעסטען צוגעפאסט צום קאמף, זי וואקסט דאן און ברייטערט זיך אויס. אויף דעם אופן לעבען מאנכע ווירטשאפטען אין וואוילטאג, בעת, אנדערע האבען ניט די נויטיגע מיטלען אויף דורכצוקומען. דאס אויספעלען פון לעבענס־מיטלען איז שוין דא ניט דער רעזולטאט פון איבערבאפעלקערונג, נאר פון געזעלשאפטליכע שיכות'ן, — פון דער קאנקורענץ. אין דער קאנקורענץ ווערט אויסגעדריקט ניט קיין אבסאלוטע איבערבאפעל־

קערונג, נאָר א פאַרהעלטניסמעסיגע, א „רעלאַטיווע״ : אַז איינצעלנע ווירטשאַפט ווערט איבעריג אין דעם פּראָדוקטיווען לעבען פון דער געזעלשאַפט און געהט אונטער, ניט דערפאַר ווייל עס זיינען בכלל ניטאָ גענוג מיטלען פאַרטצוזעצען איר לעבען, נאָר ווייל זי איז ניט צוגע־פאַסט צו די געגעבענע געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען, — צו דער געוויינליכער טעכניק, און דעם געוויינליכען ווערט פון א פּראָדוקט אין דער געגעבענער געזעלשאַפט.

פון די ליידען וועלכע ווערען געבוירען פון דער רעלאַטיווער אי־בערבאַפעלקערונג אַנטשטעהט דאָס שטרעבען פון יעדער באַזונדערער ווירטשאַפט צו פּראָדוצירען וואָס מער מיט וואָס בעסערע פּראָדוקצי־אָנס־מיטלען כדי אויסצוהאַלטען די קאָנקורענץ. אויף דעם אופן איז די קאָנקורענץ א שטענדיגער וועקונגס־מיטעל פאַר דער וויטערער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק ; און די אַנטוויקלונג פון די טעכנישע פאָרמען ברענגט מיט זיך ענדערונגען אין דער עקאָנאָמיק און אידעאָ־לאָגיע — אין די געגענזייטיגע שיכות׳ן פון מענשען און זייערע באַ־גריפען.

די באַדערפעגישען פון די מענשען אין דער טויש־געזעלשאַפט קענען ניט צופרידענגעשטעלט ווערען אַנדערש ווי דורך דעם אויסטויש; דער אויסטויש אבער נעמט אַן די פאָרמע פון א שטרייט צווישען קויפער און פאַרקויפער, — א שטרייט וואָס פאַרשאַפט דעם באַזיגטען פיל ליידען און אונטערגאַנג.

די איינציגע מאַכט וואָס קען גאַראַנטירען דעם קויפער א גינס־טיגען אויסגאַנג פון דעם דאַזיגען קאַמף איז געלט. דערפון נעמט זיך דאָס שטרעבען צום אומענדליכען געלט־אָנקלייבען ; דער דאַזיגער פּסי־כאָלאָגישער שטריך פון דער סחורה־וועלט קומט פאָלגליך אויך אלס רעזולטאַט פון די שיכות׳ן פון דער קאָנקורענץ, אין אַנדערע ווערטער פון די באַציהונגען צווישען קויפער און פאַרקויפער. דער דורשט צו קלייבען געלט ווערט אבער אליין א באַוועגונגס כח פאַר דער וויטערער אַנטוויקלונג, אויפמונטערענדיג די מענשען אַלץ מער און מער אויס־צוברייטערען דעם פעלד פון זייער טעטיגקייט.

די קאָנקורענץ צושטערט אויף דעם אופן די מאַכט פון קאָנסער־

# פאָליטישע עקאָנאָמיע

וואַטיווען מנהג — די סטיכיש־פּסיכאָלאָגישע שטערונג פאַר יעדען פּראָגרעס; און די אַנטוויקלונג געהט אַז פיל שנעלער ווי אין דער נאַטירליכער געזעלשאַפט.

אויף די ערשטע שטופען פון דער אַנטוויקלונג פון דער קליין־בורזשואזער געזעלשאַפט, שטעלען זיך די קליינע בעלי־מלאכות קעגען דער ווירקונג פון דער קאָנקורענץ, „קעגען דער רעלאַטיווער איבערבאַ־פעלקערונג", זיך אָרגאַניזירענדיג אין באַזונדערע פאַראיינען און רעגו־לירענדיג פלייסיג די פּראָדוקציע. צייטווייליג, הגם בלויז טיילווייז, ווערט די אַנטוויקלונג פאַרהאַלטען, ווייל די קאָנקורענץ ווערט אָפּגע־שוואַכט, אָבער ניט באַזייטיגט אינגאַנצען. און אויף וויפיל די קאָנ־קורענץ ווערט באַזייטיגט, אויף אַזוי פיל האַלט נאָך אַן זיין מאַכט דער אַלטער געזעץ פון אַנטוויקלונג וואָס איז דער רעזולטאַט פון דער אַבסאָלוטער איבערבאַפעלקערונג.

פילוועניגער, פאַרהעלטניסמעסיג, ווערט רעגולירט די טעטיגקייט פון די סוחרים. זייער טעכניק גופא, מאַכט אוממעגליך אַ צו שטרענגע רעגולירונג. דאָרט ווערט די קאָנקורענץ אַמוועניגסטענס באַזייטיגט, און איר איינפלוס פילט זיך אַמשטאַרקסטען. דערפאַר זעהער מיר טאַקי אַ פיל שנעלערע אַנטוויקלונג פון מסחר און פון דעם סוחרים קלאַס.

אין דער געשיכטע פון מערב אייראָפּאַ דאַרפען דער 12טער און 13טער יאָרהונדערט פאַררעכענט ווערען אַלס די אייגענטליכע צייט פון דער אַנטוויקלונג און הערשאַפט פון די קליין־בורזשואזע באַצי־הונגען. אין דער דאָזיגער איבערגאַנגס צייט הויבט זיך ערשט אָן דער אונטערגאַנג פון פעאָדאַליזם; גלייכצייטיג אָבער באַווייזען זיך שוין די שפּראָצונגען פון האַנדעלס־קאַפּיטאַל.

## זיבעטער קאפיטעל.

# די עפאָכע פון האנדעלס קאפיטאל.

### 1) טעכנישע שיכות'ן פון דער פראָדוקציע.

צוויי הויפט פאַקטען האבען באַשטימט דעם איבערגאַנג פון דער קליין־בורזשואזער געזעלשאַפט אין די האנדעלס־קאַפּיטאַליסטישע: ערשטענס, דער אלגעמיינער וואוקס פון דער פראָדוקציע און, צווייטענס, די שנעלע אַנטוויקלונג פון יענע צווייגען וואָס באַשטעהען אין דעם אריבערפירען פון די פראָדוקטען (טראַנספּאָרט).

דער אַלגעמיינער וואוקס פון דער פראָדוקציע איז געווען דער רעזולטאַט פון יענע אַנטוויקלונגס־כחות, וואָס האבען געווירקט אין דער קליין־בורזשואזער געזעלשאַפט. דער זעהר שנעלער וואוקס פון דעם טראַנספּאָרט און האנדעל, איז באַשטימט געוואָרען איבערהויפּט דורך דעם, וואָס מיט דעם וואוקס פון דער אַלגעמיינער פראָדוקציע און מיט דער אויסברייטונג פון דער ארבייטס־צוטיילונג, האָט מען געמוזט איבערפירען ניט נאָר גרויסע מאַסען פראָדוקטען, נאָר אויך ווייטער ווי פריהער.

די אויסגעברייטערטע פראָדוקציע באַשרענקט זיך ניט מיט די נאָהענטסטע מאַרקען, נאָר טריט נאָך טריט טרעט זי אריין אין פאַר־בינדונגען מיט ווייטערע מאַרקען. אויף ווייטע מאַרקען מוזען אריבער־געפירט ווערען אַלץ א גרעסערע צאָל פראָדוקטען. דאָס אויסנוצען פון אזוינע מאַרקען און די אָנהאַלטונג פון די פאַרבינדונגען מיט זיי ווערט אַלץ א טעכניש־שווערערע ארבייט. גלייכצייטיג באַקומט דאָס אַרי־בערפירען פון די פראָדוקטען פון ווערקשטאַט צום מאַרק אַלץ א גרע־סערע באַדייטונג אין דער אַלגעמיינער פראָדוקציאָנס־סיסטעם. אין

איינקלאַנג דערמיט קומען פאַר ענדערונגען אין דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטליכער ראָליע, וואָס עס שפּילען די פאַרשיידענע גרופּען אין דער געזעלשאַפט.

## 2) די געזעלשאַפטליכע שיכות'ן פון האַנדעלס קאַפּיטאַליזם.

### א) די אומאָרגאַניזירטע שיכות'ן צווישען ווירטשאַפטען.

וואָס מער דער מאַרק בריימערט זיך אויס אין שטח, אַלץ שווערער ווערט אַנצוהאַלטען מיט אים שטענדיגע דירעקטע באַציהונגען, וואָס איז מערסטענס אוממעגליך פאַר'ן קליינעם סחורה־פּראָדוצענט. עס וואַקסט דורך דעם די עקאָנאָמישע מאַכט און די געזעלשאַפטליכע באַדייטונג פון יענעם קלאַס, ביי וועמען אַט די טעטיגקייט ווערט אַ ספּעציאַליטעט. פּראָדוצירענדיג פאַר'ן בריימען אומבאַשטימטען און ווייטען מאַרק, פאַרלירט דער קליינער פּראָדוצענט אינגאַנצען די מעגליכקייט פּערזענליך צוצושטעלען זיינע פּראָדוקטען אויפ'ן מאַרק, ווי מען פלעגט דאָס מערסטענס טאָן ווען דער מאַרק איז געווען באַגרענעצט, נאָהענט און באַשטימט.

די לעצטע אָפּעראַציע פון דער פּראָדוקציע, — דאָס איבערפירען פון דעם פּראָדוקט — ווערט אויף דעם אופן אינגאַנצען אָפּגעטיילט פון די פריהערדיגע אָפּעראַציעס. די פאַרמיטלונג פון דעם סוחר ווערט אומבאַדינגט נויטיג פאַר דעם פּראָדוצענט, — און דערפון קומט אַרויס די מאַטעריעלע אָפּהענגיגקייט פון דעם פּראָדוצענט אַן דעם סוחר. דער פּראָדוצענט מוז פאַרקויפען זיין סחורה צום סוחר, כדי צו קענען פאָרטזעצען זיין אַרבייט, אָבער די באַדינגונגען פון דעם דאָזיגען געשעפט הערען אויף צו זיין גלייכע פאַר ביידע צדדים. ערשטענס, ווייס ניט דער פּראָדוצענט די אמת'ע לאַגע פון דעם מאַרק, אויף וועלכען דער סוחר פאַרקויפט זיין סחורה; צווייטענס, קען דער פּראָדוצענט ניט וואַרטען, ווייל זיין קאַפּיטאַל איז אַזוי

## א. באָגדאַנאָוו

קליין, אַז ער מוז תיכף פאַרקויפען זיין סחורה, כדי צו קריגען די נויטיגע מיטלען פאַר דער ווייטערדיגער פאַרטזעצונג פון זיין ווירט־שאַפט. דער סוחר, פאַרקערט, באַזיצט אַלע נויטיגע ידיעות, און האַ־בענדיג פאַרהעלטניסמעסיג גרעסערע מיטלען, קען ער וואַרטען מיט דעם איינקויפען פון סחורה, אויב עס געפעלען אים ניט די פאַרנע־שלאָגענע באַדינגונגען. דעם פּראָדוצענט קומט פאַלגליך אויס אימער זיך צו אונטערוואַרפען; אַננעמען דעם פּרייז, וואָס דער סוחר שלאָגט אים פאָר. דאָס מיינט נאָך ניט, נאַטירליך, אַז דער סוחר וועט אַרונ־טערדריקען דעם פּרייז צו דער נידעריגסטער שטופע: ערשטענס, איז דאָ אַ קאָנקורענץ אויך צווישען די סוחרים, און על פּי נויט קען דער פּראָדוצענט, אפשר מיט גרויסע שוועריגקייטען, געפינען אַן אַנדער סוחר־פאַרמיטלער; . צווייטענס, לוינט זיך פּשוט ניט דעם סוחר, צו רואינירען די ווירטשאַפט פון דעם קליינעם פּראָדוצענט דורך צו שווערע באַדינגונגען, ווייל אויב די דאָזיגע ווירטשאַפט וועט רואינירט ווערען, וועט דער סוחר מער ניט קענען ציהען קיין נוצען פון איס, און וועט אונטערברעכען דעם פונדאַמענט פון זיין אייגענעם גוטשטאַנד. עס אַרבייט זיך אויס, פאָלגליך, אַזאַ סאָרט עקספּלואַטאַציע, וועלכע לאָזט דאָך איבער דעם קליינעם פּראָדוצענט כאָטש די נויטיגע מיטלען פאַר דער פאַרטזעצונג פון זיין אַרבייט, און דאָס איבעריגע באַקומט דער סוחר.

מען דאַרף האָבען אין זינען, אַז אָפט טרעט אַרויס אַלס סוחר־פאַרמיטלער ניט דער ווירקליכער סוחר, נאָר אַ פּראָדוצענט, וועלכער פאַרנעמט זיך גלייכצייטיג אויך מיט צושטעלען סחורות אויפ'ן מאַרק. צ. ב. ש. אין דער פּראָדוקציע פון זייגערס, וואָס איז פון אָנהויב אַן געווען צוטיילט צווישען אַ סך קליינע בעלי־מלאכות, וועלכע פלעגען מאַכען איינצעלנע טיילען פון דעם פּראָדוקט, פלעגען די סוחרים־פאַר־מיטלער זיין געוויינליך די מייסטערס, וועלכע פלעגען זיך פאַרנעמען מיט דער צוזאַמענשטעלונג פון די איינצעלנע טיילען. בעצם, אונטער־שיידעט זיך דער פאַל ניט פון די פריהערדיגע: די הערשאַפט פאַר־כאַפּט דער, ווער עס פירט דורך די לעצטע אָפּעראַציע אין דער פּראָ־דוקציע.

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

דאס פארכאפן פון דער עקאנאמישער הערשאפט ווערט פארלייכטערט פאר'ן אויפקויפער דורך דער אלגעמיינער שוואכקייט פון די קליינע אונטערנעמונגען: יעדע צופעליגע אויפטרייסלונג, יעדער סטיכישער אדער עקאנאמישער אומגליק מיינט פאר'ן קליינעם פראדוצענט די אונטערגאנג פון זיין ווירטשאפט און צווינגט אים צו ווענדן זיך נאך הילף צום סוחר־אויפקויפער. דער סוחר טרעט דאן ארויס אין א נייער ראליע אלס מלוה; לייענדיג דעם פראדוצענט געלט אויף אויפצוהאלטן זיין ווירטשאפט, קויפט ער אין פאראויס אפ די פראדוקטען, וואס זיין בעל־חוב וועט אין דער צוקונפט פראדוצירן, און באצאלט פאר זיי. דערביי פאלן שטארק די פרייזן פון די סחורות. און די אפהענגיגקייט פון דעם פראדוצענט אן דעם סוחר ווערט אלץ שטארקער. אפט פארפליכטעט זיך דער בעל־חוב צו קיינעם ניט צו פארקויפן זיינע פראדוקטן אויסער צו זיין קרעדיטאר.

דער מלוה און דער סוחר זיינען ניט אלע מאל איין און דיזעלבע פערזאן; ניט זעלטן זיינען די ביידע טעטיגקייטן ספעציאליזירט. דער עצם ווערט אבער דערביי ניט געענדערט — די לאגע פון דעם קליינעם פראדוצענט פארבלייבט די זעלבע. ניט זעלטן ווערט דער מלוה פארוואנדלט אין א סוחר, דערמיט ברייטערט ער אויס זיין עקאנאמישע ראליע. דער סוחר־אויפקויפער אבער ווערט דורך די אומשטאנדן געטריבן כמעט אימער צו שפילן די ראליע פון א מלוה, העלפענדיג די ווירטשאפטן וואס ווערן פאראַרימט.

הגם דער קליינער פראדוצענט פארבלייבט פארמאל פריי, פארשווינדעט אבער זיין ווירקליכע אומאפהענגיגקייט. שטיצענדיג זיך אויף זיין מאטעריעלן כח, הויבט זיך אן דער אויפקויפער אריינמישען אין דער פראדוקציאנס־טעטיגקייט פון דעם קליינעם פראדוצענט: ער קאנטראלירט אים, און ווערט דער הויפט־ארגאניזאטאר פון דער פראדוקציע. אין איינקלאנג מיט זיינע אייגענע חשבונות, צייגט דער סוחר אן דעם קליינעם פראדוצענט וויפיל און וועלכע סחורה צו פראדוצירן, ווען דאס מוז ווערן פארטיג, און באשטימט אויך זייער פרייז. דער פראדוצענט איז געצוואונגען איינצונעהן אויף די באדינגונגען, ווייל אויב ניט, קען ער זיין סחורה אינגאנצען ניט פארקויפן. אין איינ־

# א. באָגדאַנאָוו

קלאַנג מיט זיינע אייגענע חשבונות, צווינגט דער סוחר דעם פּראָדו־צענט צו פאַרקלענערען אָדער פאַרגרעסערען זיין פּראָדוקציע. אומ־דירעקט ווירקט דערביי דער סוחר אויף דער טעכניק פון דער פּראָ־דוקציע גופא, פאָדערענדיג, אַז די סחורה זאָל זיין פון אַ באַשטימטער קוואַליטעט און ניט פון קיין אַנדערער. אין אַ גאַנץ באַדייטענדער מאָס טרעט שוין דער סוחר ארויס, אויב ניט אַלס פאָרמאַלער, איז אַלס פאַק־טישער אָרגאַניזאַטאָר פון די קליינע ווירטשאַפטען.

אויף דעם אופן אַנטשטעהט די פאַקטישע פאַראייניגונג פון אַ סך קליינע ווירטשאַפטען אונטער דער הערשאַפט פון איין אָרגאַניזאַטאָר. די דאָזיגע פאַראייניגונגען אָבער זיינען בלויז טיילווייזע, דער קליינער פּראָדוצענט פאַרבלייבט דאָך אומאָפּהענגיג אין די אינערליכע באַצי־הונגען פון זיין אונטערנאַנג. אָט דאָס איז די האַנדעלס־קאַפּיטאַליס־טישע אָרגאַניזאַציע פון דער פּראָדוקציע.

די האַנדעלס־קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע קען שוין ניט פאַררע־כענט ווערען צווישען די טיפּישע קליינע פּראָדוקציעס. דאָס איז שוין אַ גרויסע פּראָדוקציע פאַר'ן מאַרק, הגם די סחורות ווערען פּראָדוצירט אין קליינע ווערקשטאַטען. *)

וואָס מער דער האַנדעלס־קאַפּיטאַליזם וואַקסט, אַלץ מער וואַקסט אויך זיין מאַכט איבער דער פּראָדוקציע, און אַלץ מער ברייטערט זיך אויס זיין אריינמישונג אין דער אינערליכער אָרגאַניזאַציע פון די ווירטשאַפטען. די איבערבלייבעכצען פון פעאָדאַליזם שטערען אויף אַ האָר ניט דעם האַנדעלס־קאַפּיטאַל צו פאַרכאַפּען פאַר זיך די אָרגאַ־ניזאַטאָרישע און צוזאַמען מיט איר די עקספּלואַטאַטאָרישע מאַכט אי־בער די ווירטשאַפטען פון די פּויערים, אונטערגראָבענדיג דערמיט זייער

*)דעם אידיש־אַמעריקאַנער לעזער איז דער דאָזיגער סיסטעם גוט באַ־קאַנט אין דער שניידעריי, אין די ערשטע יאָרען פון דער אידישער איינ־וואַנדערונג זיינען אין אַמעריקע געווען אַ סך פירמעס, וואָס פלעגען זייער גאַנצע ארבייט אויסטיילען צו „קאָנטראַקטאָרס", וואָס פלעגען מאַכען די ארבייט אין קליינע שעפּער (וואַרקשטאַטען) מיט עטליכע בעלי מלאכות. דער קאַפּיטאַליסט איז געווען אייגענטליך ניט מעהר ווי אַ סוחר. עס זיינען נאָך היינט אויך פאַראַן אַזעלכע פירמעס.

(רעדאַקטאָר).

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

וואוילטאג. דער פעאדאל שוואכט בלויז אָפּ דעם פויער׳ס ווידער־שטאנדס־כח צום האנדעלס־קאפּיטאל, נעמענדיג פון די פויערים א געלט־צינז, צווינגט ער זיי צו פארקויפען זייערע פּראָדוקטען ; ד. ה., ער שטופּט זיי אליין אין די הענט פון דעם האנדעלס־קאפּיטאליסט. אָפטמאל טרעט דער פעאדאל אליין ארויס אין דער ראָליע פון דעם סוחר אדער מלוה.

גאנץ אָפט נעמט זיך דער סוחר צוצושטעלען פּראָדוקציאָנס־מאַ־טעריאלען פאר דעם קליינעם פּראָדוצענט. אזוי ווי דער פּראָדוצענט איז גאנץ אָפט געצוואונגען צו נעמען די דאזיגע מאטעריאלען אויף קרעדיט, ווערט מיט דער צייט די זאך פאראיינפאכט ; דער סוחר הויבט אָן צו געבען דעם קליינעם פּראָדוצענט מאטעריאלען, פון וועלכע דער פּראָדוצענט ארבייט אויס פאר אים סחורות לויט צו א באשטימ־טען פּרייז. דערביי פארלירט דער קליינער פּראָדוצענט נאָך מער זיין זעלבסטשטענדיגקייט. פאקטיש קען מען שוין ניט זאגען, אז ער פאר־קויפט זיין סחורה צום סוחר, באמת קריגט ער בלויז באצאָלט פאר זיין ארבייט און פאר דער באנוצונג פון זיין **געציי**. ווען מיר וועלען אראָפּרעכענען דעם צווייטען טייל פון דער **באצאָלונג**, האבען מיר פאר זיך א לוין־ארבייטער. דאס איז **דער סיסטעם** פון היים־אר־בייט פון דער גרויס־קאפּיטאליסטישער פּראָדוקציע, די צווייטע שטופע אין דער אנטוויקלונג פון האנדעלס־קאפּיטאליזם.

דער גרויסער מאסשטאב פון דער היימישער קאפּיטאליסטישער פּראָדוקציע ווייזט זיך ארויס קלאר אין דעם וואס די פארטיגע פּראָ־דוקטען ווערען געבראכט אויפ׳ן מארק אין גרויסע מאסען ; און אויך אין דעם וואס די רויהע מאטעריאלען ווערען געבראכט אין גרויסע מא־סען און ווערען נאכהער צוטיילט צווישען די קליינע פּראָדוצענטען.

פארשטעהט זיך, וואס מער דער קליינער פּראָדוצענט איז אָפּהענ־גיג פון סוחר־אויפקויפער, אלץ לייכטער פארלירט ער אינגאנצען זיין זעלבסטשטענדיגקייט : אלץ ווייניגער כחות האט ער זיך אנטקעגענ־צושטעלען די ווייטערע אוזורפאציעס פון האנדעלס־קאפּיטאליסט.

אָפט, נאכדעם ווי דער סחורה־פּראָדוצענט איז אינגאנצען רואי־

## א. באָגדאַנאָוו

נירט, לוינט זיך פאר'ן קאפּיטאַליסט צו געבען אים די נויטיגע מאַטע־ריאַלען און געצייג כדי ער זאל ווייטער קענען פאָרטזעצען זיין ארבייט. דערביי פארלירט דער פּראָדוצענט שוין אפילו דעם לעצטען סמן פון זעלבסטשטענדיגקייט. דאָס איז דער העכסטער אַנטוויקלונגס־פּונקט פון האַנדעלס־קאַפּיטאַליזם, ער שטעהט שוין דאָ ביים גרענעץ פון מאַ־נופאַקטור־קאַפּיטאַליזם.

### ב) די איינוועניגסטע שיכות'ן אין דער עפּאָכע פון האַנדעלס־קאַפּיטאַל.

אויסערליך ענדערט דער האַנדעלס־קאַפּיטאַל גאַנץ וועניג די אָר־גאַניזאַציע פון דער איינצעלנער קליין־בורזשואַזער ווירטשאַפט. דער־פאַר אָבער קומען פאָר גאַנץ באַדייטענדע ענדערונגען אין דעם עצם, און אין די געגענזייטיגע שיכות'ן פון די מיטגלידער פון די גרופּען.

דאָס אריינרייסען זיך פון האַנדעלס־קאַפּיטאַל אין דעם לעבען פון דער קליינער ווירטשאַפט איז אין אָנהויב גינסטיג פאר'ן פּראָדוצענט: דער אויפקויפער, זייענדיג געצוואונגען צו קאָנקורירען מיט אַנדערע, צאָלט גאַנץ גוטע פּרייזען, און מאַכט גאַנץ גרויסע באַשטעלונגען פאַר ווייטע מאַרקען. די לאַגע ענדערט זיך אָבער, וואָס מער עס וואַקסט די מאַטעריעלע אָפּהענגיגקייט פון דעם פּראָדוצענט אַז דעם אויפקוי־פער. דער יאָך פון האַנדעלס־קאַפּיטאַל דריקט אַלץ מיט אַ שטאַרקע־רער מאַכט. ביסלעכווייז פאַלט דער גוטשטאַנד פון דער ווירטשאַפט ביז צו דעם פּונקט, ווען דער האַנדעלס־קאַפּיטאַל האָט שוין ניט וואָס צו נעמען. דער קליינער פּראָדוצענט מאַטערט זיך איבער די כחות כדי צוריק אויפצושטעלען זיין ווירטשאַפט, אָדער אַמוועניגסטען ניט צו פאַלען נאָך נידעריגער. אויף דער דאָזיגער אָנשטרענגונג געהט אַוועק זיין גאַנצע ענערגיע. ער צווינגט זיין פרוי און קינדער צו ארבייטען שווער; די קינדער ווערען אריינגעצויגען אין דער פּראָדוקציע אַזוי יונג, וואָס מען האָט פריהער דערפון ניט געוואוסט. די פרויען־ארבייט ווערט שוין ניט באַשרענקט בלויז אויף דער הויז־ווירטשאַפט; זיי ווע־

רען אויך אריינגעצויגען אין דער אלגעמיינער פּראָדוקציע פאר'ן מארק, אויף וויפיל די טעכניק ערלויבט דאָס.

איבערהויפּט טרעט דאָס קלאָר ארויס אין דעם דאָרפישען קליין־געווערב ביי די דאָרפישע האנטווערקער, וואָס פאראייניגען זייער מלאכה מיט דער ערד־ארבייט. זיי האבען ניט פאר זייער פארטיידי־גונג אזוינע שטארקע אָרגאניזאציעס, ווי די שטאָטישע צעכען פון בעלי־מלאכות, און דערפאר גיבען זיי זיך שנעלער אונטער צום האנדעלס־קאפּיטאליסט. ווען דער אויפקויפער באַשטימט די פּרייזען פאר די סחורות פון דער דאָרף־פּראָדוקציע, האָט ער אין זינען די הכנסה, וואָס דער דאָרפישער בעל־מלאכה ציהט פון דער ערד־ארבייט, ער דריקט דערפאר אראונטער די פּרייזען אזוי נידעריג, אז די ביידע באשעפטי־גונגען, האנטווערק און ערד־ארבייט, גיבען דעם דאָרפישען בעל־מלאכה קוים גענוג מיטלען צום לעבען. די עקספּלואטאציע פון די ארבייטס־כחות פון דעם דאָרפישען האנטווערקער און זיין משפּחה ברענגט ניט זעלטען צו זייער פאָלשטענדיגען אונטערגאנג.

שוין אויף די ערשטע שטופען פון זיין אנטוויקלונג שטרעבט דער קאפּיטאל, אין דער פאָרמע פון האנדעלס־קאפּיטאל, צו צושטערען די פּאטריארכאלע משפּחה־אָרדנונג אין וועלכער דער פאָטער איז דער פולער הערשער. די פרוי הויבט אָן שפּילען אַ גרעסערע ראָליע אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון דער משפּחה, וואָס מער זי באַטייליגט זיך אין דער סחורה־פּראָדוקציע פאר'ן מארק; דאָס צושטערט דעם מאטעריעלען פונדאמענט פאר דער פרוי'ס אונטערטעניגקייט. די קראַפט פון די אָפּגעלעבטע מנהגים איז אָבער אזוי שטארק, אז עס גע־העז אַוועק יאָרען איידער די דאָזיגע ווירקונג פון האנדעלס־קאפּיטאל אויף דער משפּחה הויבט זיך אָן קלאָר צו מערקען.

די ווירטשאפטען פון די שטאָטישע בעלי־מלאכות קענען פיל לענ־גער באשטעהן דעם דרוק פון האנדעלס־קאפּיטאל, אַ דאנק זייערע צע־כען, ביסלעכווייז אָבער גיבען זיי זיך אים אויך אונטער. דערביי ענ־דערען זיך, נאטירליך, די אינווענינגסטע שיכות'ן פון דער משפּחה אין דער זעלבער ריכטונג ווי אין די דאָרפישע ווירטשאפטען, הגם אין אַ

קלענערער מאָס. דערפאַר ווייזט זיך אָבער זעהר בולט ארויס די ענ־דערונג אין די באַציהונגען צווישען באַלעבאָס און ארבייטער.

דער געגענזאַץ צווישען די אינטערעסען פון דעם באַלעבאָס און זיין ארבייטער, וואָס האָט זיך ניט ארויסגעוויזען כל זמן זיי האָבען געאַרבייט צוזאַמען, צוליב די פאַמיליאַרע און חבר׳שע באַציהונגען צווישען זיי, טרעט איצט ארויס העלער און שאַרפער. כדי אויפצור־האַלטען זיין וואַקלענדע לאַגע, איז דער באַלעבאָס געצוואונגען וואָס מער צו אונטערדריקען זיינע ארבייטער און לערנערס, פאָדערען פון זיי מער און אינטענסיווערע ארבייט פאַר קלענערע שכירות. די אר־בייטער און לערנערס שטעלען זיך געגען דעם. די אינערליכע גאַנצ־קייט פון דעם בעל־מלאכה׳ס ווירטשאַפט פאַרשווינדט, דעם פּלאַץ פון איינינגקייט פאַרנעמט דער קאַמף.

אונטערפירענדיג דעם סך־הכל, קען מען זאָגען, אז די מאַכט פון דעם האַנדעלס־קאַפּיטאַל פאַרענדערט די אינערליכע שיכות׳ן פון דער קליין־בורזשואַזער ווירטשאַפט, ארייננטראַגענדיג אין איר דעם גייסט פון עקספּלואַטאַציע. דער הויפּט פון דער משפחה טרעט ניט ווילענ־דיג ארויס אַלס עקספּלואַטאַר פון די איבעריגע מיטגלידער פון דער משפחה, און דער באַלעבאָס אַלס עקספּלואַטאַר פון זיינע ארבייטער.

## ג) די אָרגאַניזירטע באַציהונגען צווישען די ווירטשאַפטען.

אין איינקלאַנג מיט די ענדערונגען פון די באַציהונגען צווישען דעם צעך מייסטער און זיינע ארבייטער, האָט זיך אויך געענדערט דער כאַראַקטער פון די צעך אָרגאַניזאַציעס גופא: אַלץ מער און מער זיינען זיי פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס, פון איין זייט פון די מייסטערס געגען דעם האַנדעלס־קאַפּיטאַל, און פון דער צווייטער זייט פון די מייסטערס קעגען די ארבייטער.

אין קאַמף מיט׳ן האַנדעלס־קאַפּיטאַל ווערען אויסגעבריי‌טערט יענע פּונקטען פון די צעך קאָנסטיטוציעס, וואָס זיינען געווענדעט קעגען דער קאָנקורענץ און דעם רעדוצירען פון די פּרייזען; אויסער

דעם, זיינען די צעכען געווען געצוואונגען שטאַרק צו פּאַרטיידיגען קעגען דער רעגירונג זייער מאָנאָפּאָליסטיש רעכט אויף דער פּראָדוק־ציע און האַנדעל אין די שטעט, בעת דער האַנדעלס־קאַפּיטאַל, פאַר־קערט, האָט מיט אַלע כחות געזוכט צו פאַרמיידען און צו שטערען די דאָזיגע מאָנאָפּאָליע.

אָבער דער האַנדעלס־קאַפּיטאַל איז אריינגעדרונגען אין די צעכען גופא. די רייכערע מייסטערס זיינען אַליין געוואָרען אויפקויפער און פּראָצענטניקעס; נאַטירליך, אין די גרענעצען, וואָס זיינען ערלויבט געווען פון די צעכען. דער חשק אַנצוקלייבען וואָס מער געלט האָט באַוואויגען די מייסטערס צו געהן נאָך ווייטער; פאַר זיי זיינען אומ־אָנגענעם און אומגינסטיג געווען די באַגרעניצונגען פון די צעכען, סיי יענע וואָס האָבען ניט דערלאָזען די אויסברייטונג פון זייער אייגענער פּראָדוקציע, און סיי יענע וואָס האָבען זיי ניט דערלאָזען צו באַלע־באַטעווען איבער די אָרימע מייסטערס. עס אַנטשטעהט אַ שטרעבונג אויסצומיידען און ברעכען די כללים פון די צעכען. אַזוי, צום בייי־שפּיל, איז פאַר די מייסטערס, וואָס האָבען געהאַט אַ דירעקטע פאַר־בינדונג מיט'ן מאַרק, געווען זעהר ניט באַקוועם וואָס די צעכען האָבען ניט ערלויבט צו קויפען פּראָדוקטען ביליגער ווי פאַר אַ באַשטימטען פּרייז.

אין דער פּראַקטיקע האָט מען אָפט ניט אויסגעפאָלגט אפילו די צעך־באַשרענקונגען פון דער צאָל געדונגענע אַרבייטער, וואָס איין מייסטער האָט געקענט באַשעפטיגען; ווייל דאָס האָט געשטערט דער אויסברייטונג פון דער פּראָדוקציע.

בכלל זיינען אין דעם קאַמף מיט'ן האַנדעלס־קאַפּיטאַל די צעך־אָרגאַניזאַציעס צוטרייסעלט געוואָרען, עס האָט זיך קלאָר אַרויסגע־וויזען, ווי ווייניג אינערליכע אחדות זיי האָבען געהאַט.

דערפאַר אָבער זיינען די צעכען פאַרבליבען פעסט אין זייער קאַמף קעגען די געזעלען. עס ווערען אָנגענומען די שטרענגסטע מיט־לען שווערער צו מאַכען פאַר'ן געזעל צו ווערען אַ באַלעבאָס, ווייל דער גרויסער וואוקס פון דעם מייסטער־קלאַס הויבט אָן צו ווערען אַ געפאַר. עס ווערען באַשטימט לאַנגע טערמינען פאַר לערנער און פאַר

## אַ באַגדאַנאָוו

געזעלען, עס ווערען באַשטימט שווערע עקזאַמענעס, עס ווערט געפאָ־דערט פון דעם געזעל, ער זאָל אַרויסווייזען אויסערגעוועהנליכע קענ־טענישען פון זיין פאַך. עס ווערען באַשטימט הויכע ערבות ביים אַריינ־טרעטען אין צעך, און עס ווערט פאַרלענגערט די אַרבייטס־צייט פון די געזעלען. מען פאָדערט פון יעדען געזעל ער זאָל אַ געוויסע צייט וואַנ־דערען איבער פרעמדע שטעט, כדי צו פאַרפאָלקאָמענען זיין קונסט — אַ באַדינגונג וואָס איז אין יענער צייט געווען זעהר שווער נאָכצוקומען, און וועלכע האָט, ווי מיר וועלען עס שפּעטער זעהן, שטאַרק געשאָדט די צעכען גופא. אַזוינע ענדערונגען אין דעם געבוי פון די צעכען זייי־נען פאָרגעקומען אַנהויבענדיג פון 14טען יאָרהונדערט.

די נייע כללים פון די צעכען ווערען אין לעבען דורכגעפירט ניט פאַר אַלעמען גלייך; פאַר די זין פון די מייסטערס ווערען געמאַכט פאַרשיידענע פאַרלייכטערונגען, וואָס מאַכען פון די אַלע שוועריגקיי־טען פוסטע פאָרמאַליטעטען. פאַר אַלע אַנדערע אָבער ווערט כמעט אוממעגליך אַריינצוקומען אין די צעכען. די צעך־פּריווילעגיעס באַקומען אַן ענגען קאַסטען־כאַראַקטער — זיי ווערען פאַרבונדען שוין ניט אַזוי פיל מיט קונסט און וויסען, ווי מיט אָפּשטאַמונג.

די אַלע נייע איינפירונגען באַגעגענען אַן ענערגישען ווידער־שטאַנד מצד די געזעלען. וואָס ווייניגער מעגליכקייטען עס בלייבען פאַר'ן געזעל אַרויסצורייסען זיך פון זיין געגענוואַרטיגער לאַגע, און וואָס שווערער זי ווערט, אַלץ מער טרעט אויף אויפ'ן פּלאַץ פון די חבר'שע באַציהונגען צווישען דעם געזעל און דעם מייסטער די אחדות פון די אַרבייטער, אַן אחדות וועלכע איז דורכגעדרונגען מיט האַס צו די מייסטערס. עס אַנטשטעהען באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס פון געזעלען— מערסטענטייל אין דער פאָרמע פון רעליגיעזע פאַראיינען — אין אָנ־הויב בלויז פאַר מאַטעריעלער געגענזייטיגער שטיצע, מיט דער צייט אָבער ווערען זיי פאַרוואַנדעלט אין קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס פאַר זייערע געמיינשאַפטליכע אינטערעסען קעגען זייער אַלגעמיינעם שונא.

יעדער פאַראיין ברענגט צוזאַמען בלויז די געזעלען פון איין פאַך, אין אָנהויב בלויז די וואָס וואוינען אין איין שטאָט; אָבער שוין אין גאַר די ערשטע צייטען זיינען זיי געצוואונגען דורך דער אַלגעמיינהייט

פון זייערע אינטערעסען, איבערהויפט די נויט אין שטיצע, אין דער צייט פון דעם געזעל'ס וואנדערונגען, אויסצובדייטערען די פאראייניגען איבער די גרענעצען פון די איינצעלנע שטעט. עס ווערען געשאפען צווישען־שטאטיגע און אפילו צווישען־פעלקערליכע ארגאניזאציעס פון געזעלען פון איין און דעמזעלבען פאך. ווייטער ווי דאס זיינען די פאראייניגען קיינמאל ניט געגאנגען; די געזעלען פון פארשיידענע פאכען האבען ניט נאר זיך קיינמאל ניט פאראייניגט, נאר אפט זיך געקריגט צווישען זיך.

א דאנק דעם גרויסען כח פון זייערע ארגאניזאציעס, האט זיך די געזעלן ניט זעלטען איינגעגעבען צו צווינגען די באלעבאטים צו מאכען געוויסע תנחות. די מייסטערס האבען מיט אלע כחות געזוכט די ארגאניזאציעס צו צוברעכען און עס איז זיי אפט געלונגען אויסצופירען, אז עס זאלען פאר דעם צוועק ארויסגעגעבען ווערען געזעצען. דאן פלעגען די ארגאניזאציעס פון די געזעלען ווערען געהיימע, אבער זייער קאמף פלעגען זיי ניט אויפגעבען. מיט מער אדער ווייניגער ערפאלג זיינען די דאזיגע קאמפען אנגעפירט געווארען אין אלע מערב־לענדער דורך דער גאנצער צייט פון דעם האנדעלס־קאפיטאליזם. די הויפט געווער פארביידע צדדים איז געווען דער סטרייק און דער חרם (באיקאט *).

אזוי האט זיך אויף דעם אופן אונטער דער ווירקונג פון דעם האנדעלס־קאפיטאל אינגאנצען פארענדערט דער כאראקטער פון די ארגאניזאציעס פון די בעלי־מלאכות.

וואס אנבאלאנגט די ריין־פאליטישע ארגאניזאציעס, איז די עפאכע פון האנדעלס־קאפיטאל געווען די בליהונגס־צייט פון דער אומבאשרענקטער מאנארכיע. די פעסטע עקאנאמישע פארבינדונגען צווישען די פארשיידענע טיילען פון שטאט, וואס איז געקומען אלס רעזול־

*) דער ווארט „באיקאט“ שטאמט פון דעם יאהר 1880. קאפיטאן באיקאט, דער פארוואלטער ביי אן ענגלישען לענדלארד אין אירלאנד, האט אזוי אונטערדריקט די ארענדאטארס, אז זיי האבען אים ארויגעלעגט אין חרם, — מען האט אים ניט פארקויפט קיין שפייז, קיינער האט פאר אים קיין שום ארבייט ניט געטאן, ביז וואנען ער איז געצוואונגען געווען צו פארלאזען דעם פלאץ.

(רעדאקטאר).

## א. באָגדאַנאָוו

טאַט פון די אויסגעבעסערטע פּאַרקערס־מיטלען, זיינען געוואָרען דער פונדאַמענט פאַר א פעסטער פאַראייניגונג פון דאָס גאַנצע לאַנד. די אבסאָלוטע מאָנאַרכיע האָט געדאַרפט אויספירען א סך וויכטיגע היסטאָרישע אויפגאַבען, און דאָס האָט פאַרשטאַרקט איר מאַכט און געוואונען פאַר איר די סימפּאַטיע און דעם צוטרויען פון דעם האַנדעלס־קאַפּיטאַליסטישען קלאַס.

די ערשטע פון די דאָזיגע אויפגאַבען איז געוועזען די צושטערונג פון די רעשטלאַך פון אַלטען פעאָדאַליזם, וועלכע האָבען זיך ניט געקענט צופּאַסען צו די נייע פאַרענדערטע היסטאָרישע באַדינגונגען און האָבען אָנגעהויבען א פאַרצווייפעלטען קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ געגען דער גאַנצער טויש־געזעלשאַפט. בלויז דער עקאָנאָמיש שטאַרקערער און פּראָגרעסיווערער עלעמענט פון די פעאָדאַלען איז געוועזען בכח, אין דעם שטורעם פון די אויסטויש־באַציהונגען, אויפצוהאַלטען זייער פריהערדיגע לאַגע. די שוואַכערע עלעמענטען זיינען אויף דעם ריין־עקאָנאָמישען פעלד געוועזען פיל שוואַכער, און האָבען אָנגעהויבען שנעל אונטערצוגעהן אונטער די קלעפּ פון דעם האַנדעלס־קאַפּיטאַל אין דעם מלוים־קאַפּיטאַל; די עקזיסטענץ פון אַזוינע פעאָדאַלען האָט זיך נאָך געקענט האַלטען א געוויסע צייט, בלויז א דאַנק דער נאַטוראַלער ווירטשאַפט, וואָס האָט נאָך עקזיסטירט אין זייערע אימעניעס. די שנעלע אַרויסשטופּונג פון די דאָזיגע רעשטלאַך, דורך די געלט־באַציהונגען, האָט טראָט נאָך טראָט פאַרניכטעט יעדע מעגליכקייט פאַר די פעאָדאַלען ווייטער צו עקזיסטירען. זיי האָבען זיך אָבער ניט געוואָלט צופרידענשטעלען מיט דער דאָזיגער לאַגע. באַנוצענדיג זיך מיט זייערע אַלטע רעכט צו נעמען אַן אָפּצאָל פון דורכפאָרענדע סוחרים, פלעגען זיי אַרויסקומען מיט באַנדעס אויף די וועגען און רויבען די דורכגעהענדע האַנדעלס־קאַראַוואַנען, באַקומענדיג דערמיט פאַר זיך לעבענס־מיטלען, שטערענדיג אָבער דערמיט גאַנץ שטאַרק דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציע. דער שטאַט האָט דורך זיין מיליטערישער מאַכט באַזיגט די דאָזיגע פעאָדאַלען, האָט צושטערט זייערע שלעסער, און האָט געשאַפען א זיכערהייט פאַר'ן פאַרקער, וואָס איז דורכאויס נויטיג פאַר דעם האַנדעל.

# פּאָליטישע עקאָנאָמיע

די צווייטע אויפגאַבע פון שטאַט איז געווען די אונטערדריקונג פון די פּויערים־אויפשטאַנדען. דער איבערגאַנג פון די פעאָדאַלע באַציהונגען צו לייב־אייגענטום האָט פאַר די פּויערים געשאַפען אַזוינע שווערע לעבענס־באַדינגונגען, אַז וואָס מער עס האָט זיך אַנטוויקעלט דער אויסטויש־פעאָדאַליזם, אַלץ אָפטער זיינען געוואָרען די עמפּערונג און בונטען פון די פּויערים. אין אָנהויב, אַזוי לאַנג ווי די אויסטויש־פאַרבינדונגען זיינען פאַרבליבען פאַרהעלטניסמעסיג ענג, און יעדע געגענט האָט געלעבט איר באַזונדערען אָפּגעשלאָסענעם לעבען, האָבען די פּויערים־אויפשטאַנדען געטראַגען אַ לאָקאַלען כאַראַקטער, און זיינען גאַנץ לייכט אונטערדריקט געוואָרען. דער האַנדעלס־קאַפּיטאַל, שאַפענדיג פעסטע און ברייטע פאַרבינדונגען צווישען פאַרשיידענע געגענדען, האָט אויך געשאַפען אַ באָדען פאַר ברייטע נאַציאָנאַלע פּויערים־אויפשטאַנדען, וואָס האָבען ארומגעכאַפּט גאַנצע לענדער; און אַזוי ווי די לאַגע פון די לייב־אייגענטום פּויערים איז פיל ערגער געוואָרען, פלעגען די דאָזיגע בונטען זיך אויסצייכענען מיט זייער גרויזאַמקייט. אין איטאַליע אין דרייצענטען יאָרהונדערט, אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך אַם ענדע פון פערצענטען, אין באָהעמיע אין פופצענטען, און אין דייטשלאַנד אין אָנהויב פון זעכצענטען, זיינען פאָרגעקומען פּויערים־מלחמות. צו אונטערדריקען זיי איז נויטיג געווען די פולע אָנשטרענגונג פון די כחות פון שטאַט.

די וויכטיגסטע פון די דאָזיגע מלחמות זיינען געווען די דייטשישע. זיי האָבען נאָך זיך איבערגעלאָזען, צווישען אַנדערע זאַכען, אַ היסטאָרישען דאָקומענט, אין וועלכען עס זיינען אין אַ קלאָרער ליטעראַרישער פאָרמע אויסגעדריקט די הויפּט־פאָדערונגען און שטרעבונגען פון דעם דאַמאָלסטדיגען פּויערטום. דאָס איז אַ מאַניפעסט פון צוועלף פּונקטען, וואָס שטאַמט פון דעם יאָר 1525. אין אים שטעלען די פּויערים די פאָלגענדע פאָדערונגען: די אָפּשאַפונג פון לייב־אייגענטום; די פאַרניכטונג פון די אומגעזעצליכע אָפּצאָלונגען צו די גלחים און די פּריצים; אומפּאַרטייאישקייט אין די געריכטען; רעליגיאָנס־פרייהייט; די פרייהייט צו באַנוצען זיך מיט די וועלדער פאַר געיעג און מיט די טייכען פאַר כאַפּען פיש; הזיקות פאַר פאַרשיידענע עולות, וואָס

# א. באַגדאַנאָוו

די פריצים האבען באַגאַנגען געגען די פויערים, א. אז. וו. כאַראַקטע־ריסטיש פאַר דער פויערשער פסיכאָלאָגיע, און בכלל פאַר דער פסי־כאָלאָגיע פון יענער צייט, איז דאָס וואָס די דאָזיגע אַלע ריין־קלאַסען און ריין־פּראַקטישע פאָדערונגען זיינען באַפעסטיגט געוואָרען דורך רעליגיעזע באַווייזען — שטיצענדיג זיך אויף פסוקים פון די הייליגע שריפטען.

די פויערים־מלחמות האבען אומפאַרמיידליך געמוזט זיך ענדיגען מיט א נידערלאַגע פאַר די פויערים. בלויז צייטענווייז האָט דער קאַמף געקענט פאַראייניגען די פויערים־מאַסען; וואָס ווייטער אַלץ מער האָט זיך ארויסגעוויזען, אז עס האָט זיי געפעלט אחדות. דאָ האָט זיך קלאָר ארויסגעוויזען דער אמת'ער כאַראַקטער פון דער פויערשער פסיכאָלאָגיע אין דער טויש־געזעלשאַפט — א ריין ענג־אינדיווידואַ־ליסטישער. און באמת, אין דער פויערשערווירטשאַפט איז ניטאָ קיין ברייטע, מיטאַרבייטערשאַפט, זי האָט ניט קיין באַשטענדיגע און פעס־טע אַרבייטס־פאַרבינדונגען מיט אַנדערע ווירטשאַפטען; פאָלגליך פעלט איר אויך דער באַדען פאַר דער סאָלידאַריטעט אין דעם געזעל־שאַפטליכען קאַמף.

די דריטע אויפגאַבע פון דעם אבסאָלוטען שטאַט אין דער דאָזיגער צייט איז געווען צו באַפרייען די פויערים פון לייב־אייגענטום.

ניט נאָר די אויפשטאַנדען אליין פון די פויערים האבען אונטער־בראָכען דעם פונדאַמענט פון לייב־אייגענטום, אויפדעקענדיג אויך זייער געפאַר פאַר דער געזעלשאַפט און פאַר די פעאָדאַלען גופא. פאַר דעם האַנדעלס־קאַפּיטאַליסטישען קלאַס איז דאָס לייב־אייגענטום גע־ווען א שטערונג אויף דעם וועג פון זיין אנטוויקלונג, שטערענדיג אין א באַדייטענדער מאָס דעם האַנדעלס־קאַפּיטאַל צו פאַרכאַפּען אין גאַנ־צען אין זיינע הענט די אָרגאַניזאַטאָרישע מאַכט איבער דער פויערשער ווירטשאַפט. אויסער דעם, זייענדיג געצוואונגען אָוועקצוגעבען א גרויסען טייל פון זייערע פּראָדוקטען דעם פעאָדאַל, און זייענדיג צו־געבונדען צו א באַשטימטען פּלאַץ, זיינען די פויערים געווען א גאַנץ שוואַכער קוואַל פון הכנסה פאַר'ן שטאַט, וועלכער האָט זיך אַפט אַליין גענויטיגט אין געלט. א טייל פון די פעאָדאַלען גופא האָבען בעסער

געוואלט עקספּלואטירען זייערע אימעניעס דורך ארענדאטארס, איידער האבען צו טאן מיט דער געצוואונגענער אומפּראדוקטיווער ארבייט פון די פויערים; די דאזיגע פעאדאלען האבען אליין באפרייט זייערע פויערים, פארטרייבענדיג זיי פון זייער ערד.

אין מאנכע לענדער איז די באפרייאונג פון די פויערים פארגעקומען שטופּענווייז כמעט ווי פון זיך אליין, צום ביישפּיל אין ענגלאנד; אין אנדערע פאלען איז דאס געשעהן דורך ספּעציעלע געזעצען. אין די מערסטע אייראפּעאישע לענדער איז די דאזיגע ענדערונג שוין געווען פארענדיגט אין אנפאנג פון דער האנדעלס־קאפּיטאליסטישער צייט. די כחות אבער, דורך וועלכע דאס איז צו שטאנד געקומען, זיינען אויסגעוואקסען איבערהויפּט אויפ'ן באדען פון האנדעלס־קאפּיטאל.

די פּאקטישע שיכות'ן פון די געזעלשאפטליכע כחות האבען זיך ארויסגעוויזען ביי דער באפרייאונג פון די פויערים דורך דעם, וואס די פויערים האבען פארלארען זייער גאנצע ערד, מיט וועלכער זיי האבען זיך ביז יענער צייט באנוצט, — אפט איז פאר די פויערים פארבליבען א טייל פון זייער ערד, זיי האבען אבער געדארפט דערפאר באצאלען. אזוי איז דאס געשעהן אין רוסלאנד דורך דער רעפארמע פון דעם 1861 יאר.

צוזאמען מיט דער אויפבליהונג פון דער אבסאלוטער מאנארכיע האט אנגעהויבען שטארק פאלען די פריערדיגע ארגאניזאציע פון פעאדאליזם — די קאטוילישע קירכע.

פארלירענדיג, ווי עס איז שוין פריער אנגעציינט געווארען, דעם גרעסטען טייל פון איר באדייטונג אין דער געזעלשאפטליכער פּראדוקציע, האט די קאטוילישע קירכע פאר א לאנגע צייט אנגעהאלטען, און אפילו געפּרואווט פארגרעסערען, איר חלק אין דער פונאנדערטיילונג פון די געזעלשאפטליכע פּראדוקטען, פארשטארקענדיג דערמיט די עקספּלואטאציע פון פאלק. דאס האט געשאפען פאר דער קירכע א סך מעכטיגע שונאים צווישען די אנדערע קלאסען פון דער געזעלשאפט. פיינדליך האבען זיך אויך פארהאלטען צו איר די פויערים, ווייל זיי האבען זעהר שטארק געליטען פון דעם מעשר און אנדערע אפּצאלונגען צום קלויסטער. די אינדוסטריעלע און האנדעלס־גרופען, זייענדיג

## א. באָגדאַנאָוו

פיינדליך צו אַלע פעאָדאַלען, האָבען פאַר דעם קלויסטער ניט געמאַכט קיין אויסנאַם; אַפילו די וועלטליכע פעאָדאַלען און קעניגען האָבען חשק געהאַט צוצונעמען פאַר זיך דאָס לאַנד פון דער קירכע.

אַלע אידעען, וואָס זיינען געווען פיינדליך צו דער קירכע, האָבען פאַר זיך געפונען אַ גינסטיגען באָדען אין דער שטימונג פון יענער געזעלשאַפט. אפיקורסות האָט זיך אַנטוויקעלט מיט אַ גוואַלטיגער שנעלקייט. די גלחים האָבען פאַרביטערט געקעמפט קעגען זיי, זוכענדיג מיט אַלע כחות צו דערשטיקען דעם קריטישען געדאַנק, דאָך איז דער האַס צום קאַטאָליציזם געוואַקסען. דער זיג פון די אפיקורסים איז געווען אומפאַרמיידליך, — עס איז געקומען די צייט פאַר דער רעליגיעזער רעפאָרמאַציע.

עס אַנטשטעהען סעקטען אָהן אַ צאָל. עס באַווייזען זיך אָהן אַ שיעור רעליגיעזע לערען, וואָס שטיצען זיך אויף פאַרשיידענע פסוקים פון די הייליגע שריפטען. דער עצם פון דער גאַנצער זאַך האָט אָבער געקאָנט אויסגעדריקט ווערען אין איין זאַץ: „נידער מיט די גלח׳שע פעאָדאַלען“. די פסוקים זיינען אויסגעטייטשט געוואָרען אין דער לענג און אין דער ברייט, דער עקר אָבער איז געבליבען דער זעלבער.

דער קאַמף פאַר דאָס רעכט צו עקספּלואַטירען דאָס פאָלק איז פון די קאַטוילישע גלחים אָנגעפירט געוואָרען מיט אַן אומגעהערטער גרויזאַמקייט. אין דעם דאָזיגען קאַמף האָבען די גלחים געשאַפען אַן אָרגאַניזאַציע פון מערקווירדיגער קראַפט און פעסטקייט, — דעם אָרדען פון די יעזואיטען. דער טעראָר האָט דערגרייכט דעם העכסטען פונקט אין דער טעטיגקייט פון דער אינקוויזיציע.

די אַלע אָנשטרענגונגען אָבער האָבען געקענט פאַרהאַלטען דעם גאַנג פון דער זיגרייכער רעפאָרמאַציע בלויז אויף אַ ווייַלע. אין דעם אומגלייכען קאַמף זיינען די ערשטע פירער פון דער רעפאָרמאַציע געפאַלען, אָבער לוטער און קאַלווין זיינען שוין אַרויס די זיגער.

דער קאַטאָליציזם האָט פאַרהיט זיין פריערדיגע מאַכט אין איטאַליע און אויף דעם פירענעאישען האַלב־אינזעל: פאַר איטאַליע האָט זיך עס געלוינט, ווייל דאָס פּויפּסטום האָט עקספּלואַטירט די גאַנצע וועלט פ א ר א י ר; אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל האָט ער זיך

אויפגעהאַלטען דערפאַר, ווייל די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון יענע לענדער איז צווישען דעם 16־טען און 18־טען יאָרהונדערט, צוליב געוויסע אורזאַכען, פאַרהאַלטען געוואָרען און זאָגאַר צוריקגעגאַנגען.

דער שטאַט האָט קאָנפיסקירט די לענדערייען פון די קלויסטערס, און צוזאַמען דערמיט האָט ער אַוועקגענומען די ערד אויך פון אַ גרויסען טייל פויערים; די קאָנפיסקאַציע האָט מען באַרעכטיגט דערמיט, וואָס דאָס איז אַ נויטיגער מיטעל אין קאַמף מיט'ן אַבערגלויבען, וועלכען די קאַטאָלישע קירכע האַלט אויף. (דאָס איז אַ ביישפּיל אויף וויווייט די אידעען פון די מענשען זיינען אָפּהענגיג פון זייערע אינטערעסען, הגם דאָס ווערט קיין מאָל אָפען ניט צוגעגעבען.)

די צופאַלונג און דער אונטערגאַנג פון די צעך־קאָרפּאָראַציעס אונטער'ן איינפלוס פון האַנדעלס־קאַפּיטאַל, האָבען אין פיל פאַלען געפירט דערצו, אַז דער שטאַט האָט קאָנפיסקירט זייער אייגענטום.

די באַפרייאונג פון די פויערים, ביי וועלכער מען האָט מיילוויין אָדער אינגאַנצען צוגענומען די ערד, די קאָנפיסקאַציע פון די קלויסטערשע לענדער דורך די פירסטען און קעניגען, איבערלאָזענדיג שוצלאָז פיל פון די אָרימע, וועלכע האָבען פריהער געצויגען זייער חיונה פון יענע אינסטיטוציעס — דאָס אַלץ האָט געשאַפען אַ מאַסע אייגענטומסלאָזע מענשען, וואָס האָבען ניט געשפּילט קיין ראָליע אין דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציע; אַ מאַסע פון דעם אַזוי גערופענעם „פּאַראַזיטישען פּראָלעטאַריאַט", וועלכער איז געווען אַ שטענדיגע געפאַר פאַר דער געזעלשאַפטליכער רוהיגקייט.

## 3) די געזעלשאַפטליכע פּסיכאָלאָגיע און די אַנטוויקלונגס־כחות פון האַנדעלס־קאַפּיטאַל.

דער האַנדעלס־קאַפּיטאַל שטעלט מיט זיך פאַר די צווייטע אַנטוויקלונגס־שטופע פון דער טויש־געזעלשאַפט, אַ שטופע וואָס איז ענג צוזאַמענגעבונדען מיט דער ערשטער, און מיר באַטראַכטען זיי באַזונדער בלויז צוליב באַקוועמליכקייט. אין אַלע וויכטיגסטע שטריכען

# א. באַגראַנאָוו

אנטוויקעלט זיך די געזעלשאפטליכע פסיכאָלאָגיע אין דערזעלבער ריכטונג, וועלכע איז נאָך אנגעמערקט געוואָרען אין דער איבערגאַנגס־צייט פון דער נאַטוראַלער געזעלשאַפט צו דער קליין־בורזשואזער; דער הערשענדער פסיכאָלאָגישער טיפּ אָבער איז נאָך אַלץ אַ קליין־בור־זשואַזער.

אין די פעסטע אינדוסטריעלע קאָרפּאָראַציעס און אין די שיכות'ן פון פעאָדאַלען לייב־אייגענטום, האָט די קליין־בורזשואזע געזעלשאַפט נאָך אויפגעהאַלטען עטליכע צייכענס פון דער פריערדיגער פּאַטריאַר־כאַלער פאַרשקלאַפונג פון דעם יחיד, וואָס דאָס האָט ניט דערלאָזען דעם יחיד זיך צו אַנטוויקלען. דער האַנדעלס־קאַפּיטאַל צושטערט די דאָזיגע פאַרשקלאַפונג, און העלפט דער ווייטערדיגער באַפרייאונג פון דעם יחיד. די פּאַטריאַרכאַלע שיכות'ן פאַרבלייבען אין זייער אַמאָלי־גער שטאַרקייט אויף צוויי פּאָליוסען פון געזעלשאַפטליכע פאַראייניגונגען: אין דער פּאָליטישער פאָרמע פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע, און אין דער משפחה, וואָס איז געבויט אויף דער פּריוואַטער ווירטשאַפט. דאָ אָבער קען מען אויך באַמערקען מאַנכע ענדערונגען. אין דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע איז שוין אינגאַנצען פאַרשוואונדען יענע נאָהענטקייט צווישען די הערשענדע און באַהערשטע, וואָס צייכענט אויס די פּאַטריאַרכאַלע פאָרמען, אפילו אין זייער פעאָדאַלער אַנטוויקלונג; אויף דער סצענע טרעט אַרויס דער טרוקענער און קאַל־טער פאָרמאַליזם פון דער ביוראָקראַטיע. פאַרקערט איז דאָס אין דער משפחה, דאָרט ווערען די באַציהונגען ווייכער, די מאַכט פון דעם הויפּט פון דער משפחה און די שקלאַפעריי פון די איבעריגע מיטגלידער, זעהען זיך אָן ניט אַזוי שאַרף.

דער גייסטיגער האָריזאָנט פון די מענשען ווערט אַלץ מער אויס־געברייטערט, וואָס פעסטער עס ווערען די פאַרבינדונגען צווישען פאַר־שיידענע ווייטע געגענדען און לענדער. די נויטווענדיגקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון וויסען פילט זיך אַלץ שטאַרקער; דער אויסטויש רופט אַרויס די נויטווענדיגקייט צו פירען געזעלשאַפטס־ביכער, אויס־געפינען די בעסטע מאַרקען פאַר'ן קויף און פאַרקויף פון סחורות, אויס־צופאָרשען די עקאָנאָמישע און געזעצליכע לאַגע פון אַנדערע לענדער.

אזוי גוט ווי זייערע אינסטיטוציעס. און דאָס ברענגט דערצו, אז מען לערענט פרעמדע שפּראַכען, א. אז. וו. די פריערדיגע שולען, וואָס פלעגען אויפגעהאלטען ווערען פון די קלויסטערס ווייזען זיך איצט ארויס פאר ניט גענוג און ניט צופרידענשטעלענד; עס אנטשטעהען נייע שולען, אין אָנהויב בלויז אין די שטעט. די וועלטליכע פּעדאַלען, וועלכע זעהען אין דער וויסענשאַפט, פּונקט ווי די שטאָט'ס־לייט, א קאַמפּס־מיטעל קעגען דעם גלחישען פּעדאַליזם, העלפען אויפהאלטען די נייע שולען. אבער אויך אין די נידעריגערע שיכטען פון די פאָלקס־מאַסען פארשפּרייט זיך א שטרעבען צו בילדונג.

גלייכצייטיג ווערען באַזייטיגט מאַנכע ערנסטע שטערונגען, וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג פון דער אַנטוויקלונג פון פּאָלקס־בילדונג. זעהר וויכטיג איז אין דעם די אָפּשאַפונג פון לייב אייגענטום. אונטער דער סיסטעם פון לייב־אייגענטום, פּונקט ווי פריהער אונטער'ן פּעדאַליזם, איז אפילו די געלעגענהייט אויסצולערנען זיך לייענען און אביסעל שרייבען, געווען פארשלאָסען פאר דעם פּויער, פון דעם שטאַנדפּונקט פון פּעדאַל איז דאָס אינגאַנצען איבעריג געווען פאר'ן פּויער, דאָס איז זאָגאר שעדליך פאר זייער „מאָראל.“

דער הויפּט אנטוויקלונגס־כח אין דער האַנדעלס־קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז פּונקט ווי פריהער די קאָנקורענץ. איר ווירקונג טרעט ארויס אלץ קלאָרער און שאַרפער, די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט געהט אלץ שנעלער, וואָס שוואַכער עס ווערען די אַלטע שטערונגען אויף איר וועג, — די פּעדאַלע און צעך־פאָרמען, און די צושטאַרקע רעגולירונג פון דער פּראָדוקציע און האַנדעל דורכ'ן שטאַט, א. אז. וו.

דער האַנדעלס־קלאַס געהט פאראויס אין דער דאָזיגער אנטוויקלונג און ציט מיט זיך מיט די אַנדערע געזעלשאַפטליכע כחות, און פריהער פון אלץ דעם שטאַט. זיין יאָגען זיך נאָך נייע מארקען, זיין שטרעבען אויסצוברייטערען דעם פעלד פון זיין אויסטויש טעטיגקייט, צווינגט אים צו פארפּאָלקאָמענען די טעכניק פון ים־רייזען: מען הויבט אָן צו בויען גרויסע און שטאַרקע שיפען: דער פּראָגרעס פון

## א. באַגראַנאָוו

דער אַסטראָנאָמיע און די אַנווענדונג פון קאָמפּאַס פאַרזיכערען דעם גאַנג פון די דאָזיגע שיפען.

ענג פאַרבונדען מיט דער אַנטוויקלונג פון גאַהענטע באַציהונגען צווישען פאַרשיידענע לענדער, איז די אַנטשטעהונג פון נייע אָפּטייל-לונגען פון דער פּראָדוקציע, וועלכע האָבען אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון דעם עקאָנאָמישען לעבען; די פּראָ-דוקציע פון שרייב פּאַפּיר און בוך דרוקעריי, איז אַ מעכטיגער פאַק-טאָר אין דער פאַרשפּרייטונג פון וויסען, די דאָזיגע נייע פּראָדוק-ציעס פאַרשנעלערען שטאַרק די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט בכלל.

דער אַלגעמיינער פּראָגרעס פון לעבען זעהט זיך אָן אויף אַלע פעלדער פון דער פּראָדוקציע. זי וואַקסט שטאַרק אויס, עס ענדערט זיך די טעכניק, בכלל איז דאָס די צייט וועלכע ווערט באַצייכענט פון היסטאָריקער, אַלס „די צייט פון די גרויסע ערפינדונגען און אַנטדעקונגען.“

דאָס איז אויך די צייט פון דער „אויפלעבונג פון די וויסענ-שאַפטען און פון דער קונסט“ וואָס קומט פאָר מיט דער הילף פון די רעשטלאַך פון די אַלט-קלאַסישע, יורידישע, ליטעראַרישע און קונסט פאָרמען. די דאָזיגע ירושה איז געלעגען אומבאַנוצט ביז דער צייט ווען די געזעלשאַפט האָט דערגרייכט יענע שטופע פון אויסטויש, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען די קלאַסישע וועלט אין דער צייט פון איר בליהונג, ווען אבער יענע שטופע איז דערגרייכט געוואָרען, איז די דאָזיגע ירושה גוט אויסגענוצט געוואָרען און האָט פאַרשנע-לערט און פאַרלייכטערט די אַנטוויקלונג פון די נייע פאָרמען פון דענקען און האַנדלען.

אין דרום מערב אייראָפּע דאַרף פאַר'ן אָנהויב פון האַנדעלס-קאַפּיטאַל גערעכענט ווערען דער דרייצענטער יאָרהונדערט, פאַר די צפון לענדער דאַרף גערעכענט ווערען — דער פערצענטער יאָרהונ-דערט. בעצם איז די אַנטוויקלונג פון האַנדעלס-קאַפּיטאַל פאַרבונדען מיט דער אַנטוויקלונג פון די אויסטויש באַציהונגען גופא. די האַנ-דעלס-קאַפּיטאַליסטישע עפּאָכע ענדיגט זיך ארום דעם אָנהויב פון

16טען יארהונדערט, ווען עס הויבט זיך אן צו אנטוויקלען די מאנו־פאקטור. די אנטוויקלונג פון האנדעלס־קאפיטאליזם געהט אבער אויך ווייטער אין גלייכצייטיג מיט דער אנטוויקלונג פון דעם אינדוסט־ריעלען קאפיטאליזם.

אין די איטאליענישע רעפובליקען (ווענעציע, גענוא און אנד.) איז דער רעזולטאט פון זייער מעקלערשער טעטיגקייט אין דעם האנדעל צווישען מערב אייראפע און די אזיאטישע לענדער געווען דער אנהויב פון אנטוויקלונג פון האנדעלס־קאפיטאל. די דאזיגע מעקלעריי וואס איז געווען דער רעזולטאט פון דער געאגרא־פישער לאגע פון די איטאליענישע רעפובליקען, האט זיי געגעבען א מעגליכקייט רייך צו ווערען דורך דער עקספלואטאציע פון ביידע צדדים.

די ווייטערדיגע אנטוויקלונג פון האנדעלס־קאפיטאל, מיט זיין יאגען זיך נאך נייע מארקען, ברענגט די אנטדעקונג פון נייע לענדער: אמעריקע און די אפריקאנישע ברעגען; עס ווערען אויסגעפונען ים־וועגען קיין אסט־אינדיע און כינע. דער האנדעלס־קאפיטאל האט זיך אנטוויקעלט שנעלער אין די לענדער וועלכע האבען, א דאנק זייער נאהענטקייט צום ים, אמבעסטען געקענט אויסנוצען די נייע מארקען; פריהער פון אלע זיינען דאס געווען פארטוגאל און שפאניע, דער אלטער האנדעל איבער דער יבשה מיט מזרח אזיע הערט כמעט אינ־גאנצען אויף, און די פארמיטלער פון דעם דאזיגען האנדעל, די אי־טאליענישע רעפובליקען, — פאלען.

שפאניע וואס האט נאכער פארכאפט די נייע לענדער אין איר מאנאפאל, דערגרייכט גאנץ שנעל דעם העכסטען פונקט פון רייכטום און מאכט. די איידעלע מעטאלען פון אמעריקע האבען אין דעם גע־שפילט א גרויסע ראליע. אונטער דעם איינפלוס פון דעם דאזיגען נייעם שטראם, הויבט זיך אן דער גאנצער אייראפעאישער האנדעל שנעל צו אנטוויקלען.

אבער אויך דער האנדעלס־קאפיטאל פון שפאניען האט זיך ארויס־געוויזען פאר ניט פעסט גענוג, ווייל ער האט זיך ניט געשטיצט אויף דער אנטוויקלונג פון דער אינערליכער פראדוקציע פון שפאניען, וואס

# א. באָנדאַנאָוו

איז געוועז גאַנץ שוואַך. די עקאָנאָמישע אויפבליהונג וואָס שטיצט זיך אויף רויב און מאָנאָפּאָל, איז קיין מאָל ניט קיין פעסטע. זי פאַרשטאַרקט צופיל דעם פּאַראַזיטישען עלעמענט אין דער געזעלשאַפט, און שטערט דערמיט דעם פּראָגרעס. דער האַנדעל און די עקאָנאָמישע הערשאַפט געהען איבער צו האָלאַנד, וועלכע האָט זיך אינדוסטריעל פיל שנעלער אַנטוויקעלט. (האָלאַנדס פּלאַץ ווערט שפּעטער פאַרנומען פון ענגלאַנד.)

גלייכצייטיג מיט דעם איבערגאַנג פון דעם האַנדעל פון איין לאַנד אין אַ צווייטער קומט פאַר די אויסברייטערונג פון דער אָרגאַניזאַטאָרישער ראָליע פון האַנדעלס־קאַפּיטאַל אין דער פּראָדוקציע; דער האַנדעלס־קאַפּיטאַל, אויסברייטערענדיג זיין איינפלוס אויף דער פּראָדוקציע, נעמט אַלץ מער און מער אָן די פאָרמע פון דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַליזם.